


# דער געטויפטער אינגעל.

אדער

# רבי אונד פאָפ.

---

## 1. קאַפיטעל

דיא צוקינפטיגע קאַטאָרזשניקעס.

ביי דעם שאָססע וואָס געהט פון דער שטאָדט טשערקאָסק, ניט ווייט פון דעם דאָרף טאָגאַראָג, איז מיט אַ יאָהר 40 צוריק געשטאַנען אַ גרויסע אַלטע קרעטשמע. דיא קרוממע דיק פערשמוצטע ווענד פון איהר האלב איינגעפאַללענער געביידע האָבען פאָרגעשטעלט זעהר אַ טרויריגען אויסזיכט. אונד וויא עס שיינט האָבען זייא זיך געבויגען פון שוואַכקייט אונטער דער משא פון דעם אונגעלומפערטען דאַך, וועלכער איז געוועזן אין פיעלע ערטער געלאַטעט מיט שטרויא אַנשטאַט דיא אַרויס געפאַללענע פערפוילטע דאַך פאַהנען, דיא געגענד אַרום דיעזען הויז איז אויך געוועזן שמוטציג, פערלאָזען אונד אונבעאַרבייט; אַ גראָב אויס געפלאַסטערטע וועג האָט געפיהרט פון שאָססע צו דיא טהיר פון קרעטשמע, וואו עס זיינען געשטאַנען צווייא האַלב פערדאַרטע בוימער, שאָקלענדיג מיט זייערע פערשוואַרצטע בלעטער, אַזויא וויא זייא וואָלטען בעוויינען דיא וויסטע לאַנדשאַפט. דיא נאַטור אַלליין האָט אויס געזעהען זעהר אונפריינדליך אין דיעזען פלאַטץ, וואו גאַנצע דורות האָבען פערבראַכט זייער לעבען אין צרות אונד עלענד. אבער ניט נור דיעזע געגענד אַליין זאָנדערען דיא גאַנצע נאַכבאַרשאַפט איבעראַלל איז געוועזן אין דעמזעלבען צושטאַנד פון פערלאַזענהייט אונד וויסטענעס. דיא גרויזאַמע שקלאַפערייא האָט געשמידט אין שווערע קייטען דעם גייסט פון דיא איינוואָהנער; דיא טיראַנישע רעגיערונג האָט דערשטיקט זייער גאַנצע לעבענסקראַפט אונד דיא גרויסע אבגאַבען האבען זייא אימער בערויבט דאס לעצטע וואס זייא זיינען אים שטאַנדע געווען צו ערווערבען דורך שווערע אונד ביטערע האָרעוואַנע. דיעזע אַללע אורזאַכען האבען געבראַכט דאַצו דאס דיא פעלדער זיינען ניט געהעריג בעאַרבייטעט געוואָרען, דיא תבואה האָט געוואַקסען זעהר קאַרג אונד דאס פאָלק איז א ממער וועהרענד מעהר פערזונקען אין אַ פינסטערען תהום פון אונוויסענהייט אונד אין אַ ביטערען צושטאַנד פון אָרעמקייט.

דיא קרעטשמע איז געוועזן בעוואוסט אין דער געגענד מיט דעם הערליכען נאַמען „גן עדן,“ דען וואס ווייס דאס ארמע רוססישע פאָלק פון אַ בעססערען פערגעניגען אַלס זיך זאַט אָן צו שיכור'ן, אונד ווירקליך איז דיעזע קרעטשמע געוועזן דער געוועהנליכער בעליעבטער אָרט, וואו עס פלעגען צוזאַממען קוממען אַללע פויערים פון טאַגאָראַג אונד פיעלע אַרומיגע דערפער, אום צו פערגיססען מיט בראַנפען זייערע צרות, אונד זיך צו ערהאָללען פון דיא שווערע פעלד אַרבייט. אויף דעם פוסטען פלאַטץ נעבען דיעזער קרעטשמע פלעגען שטאַטפינדען אַללע מיטינגס; דאָרט האָבען דיעזע אָרעמע מענשען אימער געוועהלט

זייערע סטאראסטעס, אבגעמאכט אלע
זייערע סכסופים און בעשלאסען זייערע
איינפאכע רעגעלען און געזעצען.

אין דעם גרויסען פינסטערען פעררוי־
בערטען צימער פון דיזער קרעטשמע פלע־
גען זיך יעדע נאכט צוזאמענקלייבען די
איינוואהנער פון טאגאראג, זיך דורכצו־
ריידען וועגען פאליטישע טאגעס־פראגען,
ווי וויית ס'איז מעגליך געווען אונטער די
טיראנישער רעגיערונג פון דעם קייזער ניקאליא.
ליידער איז אבער דיעזע מעגליכקייט געווען
זעהר קליין. דיא צייטונגען, וועלכע זיינען גע־
שטאנען אונטער א שטרענגע צענזורע, האבען
געבראכט גאנץ ווייניג נייעס דאפון וואס עס
ווירד אב געטהון אין דער רעזידענץ, אונד
דאס וואס זייא האבען שוין יא געשריעבען איז
בעשטאנען נור אין דערצעהלען דיא שבחים פון
דער רעגיערונג, אונד בעריהמען איהרע טהא־
טען. אפטמאלס איז בעוואוסט געווארען וועגען
פערשיעדענע מרידות, גרויזאמע בעשטראפונ־
גען, פערשיקונגען נאך סיביר אויף עוויגע
שקלאפערייא אונד דער גלייכען. איין אנדער
מאל איז געווען צו הערען אז דער אויבערסטער
האט דעם צאר אריין געשיקט א גוטע דעה,
ארויס צו געבען נייע לייכטערע געזעטצען פיר
דאס פאלק, אבער אין א קורצע צייט נאכדעם
איז בעוואוסט געווארען, דאס זיין קייזערליכע
מאיעסטעט האט זיך מישב געווען מיט דעם
טייוועל אז עס איז גלייכער צו בלייבען בייא
דיא פריהערינגע גרויזאמע ארדנונג. פון דיעזע
אונד עהנליכע נייעס פלעגט מען זיך אין טא־
גאראג ערקונדיגען נור פון הערען־זאגען, דען
פון דיא אונשולדיגע פויערים האט עס געגע־
בען גאנץ ווייניג אזעלכע וואס האבען פערשטאנען
צו לעזען צייטונגען. אבער אך אונד וועה איז
געווען צו דעם פון זייא וואס האט ערקויבט
זיין צונג עטוואס פרייא צו ריידען; אומגליק־
ליך איז געווארען דער יעניגער וואס האט זיך
דערוועגט נור א פיפס צו געבען אז דיא יעצ־
טיגע געזעטצען זיינען שווער צו ערטראגען;
דיא גרעסטע געפאהר האט שוין געשוועבט
איבער דעם פערזאן וואס האט בייא זיך דען
מוטה געפונען זיך אויס צו דריקען פיינדליך
געגען דיא בעליידיגונגען איבער דעם ארמען
פאלק. היינט האט יעמאנד זיך אויס געשפרא־
כען אז עס איז שוין צייט אראפ צו ווארפען
פון זיך דעם יאך פון דער טיראנישער רעגיערונג
אונד עטוואס פרייהייט צו פועל'ען, אבער
אויף מארגען האט שוין דיעזער עהרליכער
רעדנער געוואנדערט דאהין, נאך דעם שרעק־
ליכען סיביר, אום דארט אויף אייביג בעגרא־
בען צו ווערען אונטער דיא פירכטערליכע
שנעע בערג.

דער איינענטהימער פון דיעזער קרעטשמע,
פעטער וואסילעוויטש, איז געווען א דיקער
רויטער קאזאק ער איז געשטאנען אונטער
א בעזאנדערען שוטץ פון דעם גובערנאטאר
אין שטאדט אלעקסאנדראווסק, וועלכער האט
געהערשט איבער דיעזע געגענד, דען ער־
סטענס איז וואסילעוויטש געווען א גוטער
קונד; בייא איהם פלעגט ארויס געהען זעהר
פיעל בראנפען אונד פערשיעדענע שנאפסען,
וועלכע ער האט איממער געקויפט אין דעם
גובערנאטארס ברייזער, אונד צווייטענס האט
ער געדיענט דעם גובערנאטאר אלס שפיאן;
ער פלעגט איהם ריכטיג איבערגעבען אללעס
וואס ער האט נור ערפאהרען אונד בעמערקט
אין דיעזען דארף; יעדען איינעם'ס רייד, יעדע
תנועה, זאגאר דאס וואס יעמאנד דענקט צו
טהון. דיא ארמע שקלאפען האבען אויף דעם
וואסילעוויטש קיין שום חשד געהאט אין
וועלכע בעציהונגען ער שטעהט צום גובער־

נאטאר, דארום האט דיעזער לעצטערע געהאט דיא מעגליכקייט אימּמער גענויא צו וויססען וואס עס געהעט פאר בייא זיינע אונטער־טהאנען פון דעם דארף טאגאראג.

צו דער צייט ווען אונזער געשיכטע פאנגט זיך אן, וואר עס א געוויססער זונטאג פון דעם פריהלינגס מאנאט אפריל. נאכמיטאג איז געווען בייא וואסילעוויטש אין קרעטשמע פולל אונד פאק; א גאנצע מאססע בעזוכער פון דיא דערפער האבען זיך היער פערזאממעלט צו פערברייגגען דעם טאג בייא א גלעזעל משקה. וואסילעוויטשעס רויטע געזיכט גלימ־מערט פון שמחה, בעטראכטענדיג זיינע צאהל־רייכע קונדען אונד רייבענדיג דיא הענד מיט דיא גרעסטע צופריעדענהייט קאמאנדירט ער צו זיינע דיענער.

„העי, איוואן! אהער א פלאש בראנפען; שנעלל, ריהר זיך! אלכסנדר, דוא פוילער הונד! זעהסט דוא ניט אז דער סעלאסקער שטאראסטע איז געקוממען? דערלאנג איהם באלד וואס ער דארף.“

דיא לופט אין קרעטשמע איז הייס, שטיקענד אונד פערפעסטעט פון פערשיעדענע ספּירטוס געטרענקע; עס איז פערטויבט צו ווערען פון אללערלייא קולות; פויערים אין יום טובים׳דיגע סערמיאגעס מיט פעלצענע היטלען אויף דיא קעפּף שרייען וויא אין א מאן הויז; פרויען פלאפלען אהן אויפהער, יונגע מיידלאך קוויטשענען אונד לאכען; נאקעטע בארפיסיגע קינדער קריכען ארום אונטער דיא טישען אונד ביינקלאך מיט א געפילדער אונד א ליארם, זויגעדיגע קינדער וויינען, דיא הינד ביללען, קורץ דאס גאנצע הויז איז פערקלונגען מיט אין אונערטרעגליכען מהומה קאנצערט.

זונטאג איז געוועהנליך דער טאג ווען דער ארמער ארבייטער, בעקומט דיא מעגליבקייט עטוואס אויף צו אטהעמען פון זיין שווערען יאך וואס ער טראגט אויף זיך דיא גאנצע וואך. דער עלענדער רוססישער שקלאף ווייס פון קיין בעססערע זאך ניט וויא צו פערברייג־גען דיעזען טאג מיט זיין פאמיליע אין שענק הויז. אבער דיעזער זונטאג פון וועלכען מיר דערצעהלען איז איין אויסנאהמע, הייטע זיינען צוזאממען געקוממען בייא וואסילעוויטש אין קרעטשמע פיעל מעהר קונדען וויא אימּמער; עס האט וואהרשיינליך עטוואס נייעס פאסירט, פיללייכט אירגענד וועלכע אינטערעסאנטע ידיעות פון דער רעזידענץ, מיר האבען ניט לאנג צו ווארטען אום צו ערפאהרען דיא אור־זאכע פון דיעזע גרויסע פערזאממלונג; באלד נאכדעם וויא אונזערע פויערים האבען זיך א ביסעל אן געזופט אונד דער גייסט פון דיא ספּירטעס האט לייז געמאכט זייערע צינגער, הערען זיך שוין אין פערשיעדענע ווינקעלאך אויסרופונגען אונד געשרייען, ועגען דיא זאך וואס דא דארף פערהאנדעלט ווערען.

„זאגט וואס איהר ווילט“ שרייט איינער אין א פעלצענע היטעל „דאס איז א געוואלד! מיר זיינען שוין גענוג בעשווערט מיט אבגא־בען. דרייא טעג אין וואך מוזען מיר ארבייטען אומזיסט פיר דעם הערין פון דאס לאנד, פיר זיך קענען מיר נור דיא איבריגע דרייא טעג בענוטצען אונד יעצט וויללען זייא אויף אונז ארויף לעגען נאך אבצאהלונגען אויף דיא הוצאות פון א מלחמה, וועלכע מיר דארפען גאר ניט!“

„אבער דער צאר דארף דאך האבען געלד“ האט זיך א צווייטער אבגערופען „דיא פאלאקען האבען געמאכט א מרידה, אונד דיא חיל מוז דאהין געשיקט ווערען זייער מדינה צו אונטער דריקען.“

„טא זאלל דער ארעל אויף צאהלען אב־

גאבען!״ האט א דריטער מיט כעס אויסגעשריען ,,וואס פיר א רעכט האבען זייא צו צאפּען אונזער בלוט, אונד דען לעצטען טראָפּען לעבען פון אונז אוים צו זויגען? איך זאג אייך אז מיר זאָללען דאס ניט צו לאָזען!״

,,אונד וויא קענט איהר זיך העלפען?״ האט וואסילעוויטש מיט א פאלשען שמייכעל נעפרעגט, וועלכער האט זיך דערוויילע צו גערוקט צו דיא שפּרעכערס אום ניט איין וואָרט פון זייערע רייד צו פערליערען.

ווירקליך, וויא? עס איז פּלוצלינג אויף א מינוט שטילל געוואָרען, דיא שרעקליכע פראגע ,,וויא?״ עקסיסטירט שוין צייט יאהרהונדערטע אונד עס האט זיך נאך ביז יעצט קיינער געפונען ווער עס זאָלל איהר קענען ענטשיידען.

,,לאָמיר זיך פעראייניגען!״ האט אויס גערופען איינער פון דיא פויערים, מיט דעם נאמען פאדאלאף, וועלכער איז געוועזען בעוואוסט אלס איין מעהר ענטוויקעלטער פערזאָן, אונד וועלכער האט שוין א פּאָאר מאָל געהאלטען ניט ווייט פון פערשיקט ווערען אין סיביר, ,,לאָמיר זיך פעראייניגען! מיינט איהר אז נור מיר אליין פיהלען אונזערע צרות? גלויבט איהר אז דיא איינוואָהנער פון ראדסק, מאָהילעוו אונד קיעוו זיינען ניט אזעלכע מענשען וויא מיר? דאס זייא זיינען שוין אויך ניט אוים געמאטערט צו שלעפען דיא שווערע שקלאפען קייטען פון אזא טרויריגען לעבען? לאָמיר אללע צוזאממען פאָדערען אונזערע רעכטען! ווען מיר זאָללען זיין באמת פעראייניגט אונד האָבען גוטע אנפיהרער קענען מיר גאנץ לייכט ערניעדריגען דעם שטאָלצען אדעל, אז זייא זאָללען ליעגען בייא אונזערע פיסס. איהר ווייסט גאנץ גוט אז אמאל, מיט א קורצע צייט צוריק, איז דער רוססע געוועזען פרייא, ביז עס איז געקוממען א טיראנישער הערשער, וועלכער האט אללעס געענדערט אונד יעצט זיינען מיר וואהרע געשמידטע קנעכט!״

א שושקערייא פון וואונדערליכע איבעראשונג איז דורך געפלויגען אין צימער; אזא מין שפּראך האט ביז יעצט נאך קיינער פון דיעזע שקלאפען געהערט. נור אונטערדריקטע זיפצען, שטיללע קלאגען האבען אמאל געקענט טרעפען, אבער אזא עפענטליכע בעליידיגונג געגען דעם רעגיערענדען אדעל, אזא פורכטלאָזע אויף פאָרדערונג מורד צו זיין געגען דיא שרעקליכע נאטשאלסטוואָ, האט נאך ביז יעצט קיינער אויסגעשפּראָכען.

דער סטאראסטע פון דאָרף, איין אלטער געאכטעטער פערזאָן, האט זיך פון זיין אָרט אויף געהייבען מיט דיא ווערטער ,,זייא שטילל, פאדאָלאף! ניט פיר דיך איז צו ריידען געגען דיא רעגיערונגס אָרדנונג, דיין פאטער אונד דיין זיידע זיינען געוועזען צו פריעדען מיט זייער צושטאנד אונד האבען זייער וועלט אויך אויס געפיהרט; מיט וועלכען רעכט קענסטו זיך ערלויבען דיא רעגיערונג אָן צו קלאגען?״

,,מיט דעם רעכט וואס יעדעס מענשליכעס בעשעפנים בעזיטין צו לעבען אויף דער וועלט!״ האט פאדאָלאף אויס געשריען ,,אונזער צושטאנד ווערט וואס פון יאהר אימער ערגער. פאר א יאהרען האט דער צאר אויף אונז ארויף געלייגט אבצאהלונגען איבער דיא אונרוהען אין פוילען; מיט דרייא מאָנאטען צוריק האט דער גובערנאטאָר אונז געריססען דיא הויט פיר איהם א נייעם פאלאַץ אויף צו בויען; יעצט לעגט מען אויף אונז נאך אבגאבען, גרעסער וויא אללע פאָריגע. ניין! מיר טאָרע דאס ניט צו לאָזען, אונזער געדולד האט שוין ענדליך געפּלאצט!״

שטיללער בייפאל האט זיך פון פערשיע־

רענע ווינקעלאך געהערט צו דיעזע רעדע, אבער דאס גרעסטע טהייל פון דער פערזאמ־לונג, איבערהויפט דיא עלטערע פויערים זיי־נען געווען דאגעגען.

„מיר דארפען ניט זיין אונדאקבאר" האט דער דארף שוסטער סאבאלעווסקי זיך אב־גערופען „דיא אדעל-לייטע זיינען צו אונז זעהר גוטיג; זייא העלפען אונז איממער מיט ווערק־צייג אונד פערלייכטערען צו פערקויפען אונזערע תבואות".

„יא, אבער דערפאר בערויבען זייא אונזער גוט אונד בלוט, אונזער פרייהייט אונד מענ־שענרעכט!" האט פאראלאף מיט כעס אויס גערופען, „פרעגט אט דעם סימאן שעפ־סקי, וויא איז געווען דיא מעשה מיט זיין שעהנע עהרליכע טאכטער, ועלכע אונזער אלגענעדיג־סטער גובערנאטאר האט דען פאריגען יאהר מיט געוואלט פון איהם אוועק גענוממען, אום איהר צו שענדען אונד זיין טיראנישע תאוה צו בעפריעדיגען".

„ער איז א גזלן, א מערדער!" האבען אלע פרויען מיט איין קול אויס-געשריען בייא דער ערצעהלונג פון דיעזע נידערטרעכטיגע געשיכ־טע; דיעזער אויסרוף וואר וויעדעהאלט כמעט פון אללע אנוועזענדע; עס איז געווארען איין אלגעמיינער טומעל, א רעש, אללע האבען אויס געדריקט זייער אונצופריעדענהייט מיט געשרייען פון פערצווייפלונג אונד אויף געדענ־טען צארן. אומזאנסט האט דער סעלאסקער סטאראסטא גערופען צו ארדנונג, אז מען זאלל איהם אויס הערען, אומזאנסט האבען אייניגע עלטערע פויערים עררינערט אז מען זאלל זיין פארזיכטיג. אין דיעזען געוואלדיגען מאמענט האט דיא ליידענשאפט פון דיא אונטערדריקטע שקלאפען מיט א שטורם פון פערצווייפלונג אויס געבראכען, אונד קיינע פערנינפטיגע ווערטער זיינען ניט אים שטאנדע געווען דיא אויפגערעגטע מאססע צו בערוהיגען.

פאראלאף האט זיך מיט דעם מאמענט געוואוסט צו בענוטצען; ער איז ארויף גע־שפרונגען אויפען טיש, ארויס גענאפט א פא־פיער פון זיין טאש אונד אויסגעשריען „איהר זעהט, ברידער, אונזערע שכנים האבען שוין אנגעפאנגען עטוואס צו טהון פיר אונזער בעפרייאונג. אט איז א קאפיע פון דער ביט־שריפט וועלכע דיא פעראייניגטע איינוואהנער פון חארקאוו האבען וועגען דעם געשיקט צום צאר, הערט אויס, איך ווערל אייך דאס איבער־לעזען." א טיעפע שטילקייט האט פלוצלינג בעדעקט דיא גאנצע פערזאממלונג אונד פא־דאלאף האט מיט א הויכע שטיממע פאלגענ־דעם געלעזען;

„אה, צאר! דיינע רוססען האבען דיר אנגעטרויט דיא גרעסטע ממשלה, זייא האבען דיר פערהיילגט וויא גאט אליין, אבער וואס האסטו דאמיט אויף געטהון? דיין לוסט אונד דיין אונוויסענהייט האט דיך אין גאנצען פער־בלענדעט אונד דוא האסט געשטרעבט נור דיין מאכט אונד קראפט צו בעפעסטיגען, דיא ארמע רוססלאנד האסטו אין גאנצען פערגעססען! דוא האסט דיין גאנצע צייט פערבראכט נור מאנעווערס צו מאכען, אויס צו טראכטען נייע מונדירען פיר דיינע ציניאור ניקעס אונד אונטערשרייבען געזעטצען וואס יעדער פון דיעזע אונוויסענדע שארלאטענעס האט דיר פארגעלייגט. דוא האסט געגרינדעט דיעזע שענדליכע קלאססע פון צענזורען, וועלכע דערשטיקען דיא צייט-שריפטען, כדי דוא זאללסט קענען שלאפען רוהיג אונד קיין מאל ניט בעקומען צו הערען דעם קול פון דיין פאלק, דיא שטיממע פון וואהרהייט. יא, דוא האסט דיעזע וואהרהייט בעשאטען אונד בעגראבען

אז זיא זאָלל שוין קיין תחית המתים ניט אויף שטעהען, דוא האסט דיא פרייהייט פון דיין טרייעס פאָלק אוועק געריבט אונד מיט דיין גאוה אונד עקשנות האָסטו געבראכט אויף רוססלאנד אונגליק אונד אלגעמיינע פעראכטונג. וואך אויף צאר! בייג איין דיין שטאָלצען שטערן! בעט אום פערציהונג; גיעב זיך איבער צו דיין פאָלק! רוף א פערזאממלונג מיט זייא זיך צו בעראטהען, דען נור דאס איז פיר דיך דער איינציגער וועג צו ישועה.״

פערשיעדענע געפיהלען האָט דיא פערזאמלונג אויס געדריקט נאך דעם וויא פּאָדאָלאָף האָט דיעזען פּאפּיער איבער געלייענט; דיא יונגערע מענשען האבען ביסלאך וויים אנגעפאנגען אויסצורופען בייפאל, אבער דיא עלטערע האבען צווייפעלהאפט געשאָקעלט מיט זייערע פּעלצענע היטלען.

„ווער האָט דיעזע ביטשריפט אונטער געשריעבען?״ האָט דער אלטער שוסטער א פרעג געטהון.

„אונטער געשריעבען?״ האָט דארויף פּאָדאָלאָף געענטפערט „קיינער ניט! דען ווער וויל דאס רעזיקירען מיט זיין לעבען; אבער עס איז כמעט פון יעדען דאָרף אזא ביטשריפט געשיקט געוואָרען, ניקאָלייא וועט ענדליך מוזען איינזעהען אונזער עלענד אונד פערלייכטערען אונזער צרה׳דיגען צושטאנד.״

„אָדער ער וועט אונז מאכען נאך פינסטערער אונד ביטערער״ האָט שעפּסקי געזאָגט״ ניין, ברידער, מיט אזעלכע מעשות איז א סכנה זיך צו שפּיעלען!״

„אזעלכע ביטשריפטען קענען נור בריינגען דאצו אז דיא רעגיערונג וועט נאך מעהר פערגרעסערען דיא אבצאהלונגען״. האָט דער סטאראָסטע זיך אָבגערופען.

בייא דעם וואָרט „אבצאהלונגען״ איז וויעדער געוואָרען א שטורם פון קולות אונד געשרייען.

„איך קען ניט איין גראשען מעהר צאהלען״ האָט געקלאגט א פּויער אויס געדארט וויא א סקעלעט „איך האָב שוין קיין כוח ניט האָרעווענדיג, אונד דענאך שטארב איך צעהן מאל א טאג פון הונגער!״

„פּארוואס צאהלט ניט דער אדעל?״ האָט איינער געפרעגט „זייא האבען דיא בעסטע מיטלען דאצו.״

„אָדער דיא אידען״ האָט איין אנדער שיכור׳ער פּויער אויסגעשריען „זאָלל מען פון זייא אוועק נעהמען זייער גאנצען האב אונד גוט; זייא בעשעפטיגען זיך ניט מיט פעלד ארבייט, אונד האבען קיין רעכט אויף אזא רייכטהום צו געוועלטיגען.״

דיעזע ווערטער זיינען פון דער גאנצען פערזאממלונג מיט דען גרעסטען בייפאל אנגענוממען געוואָרען; עס האבען זיך באלד געהערט פערשיעדענע שטיממען.

„דיא אידען מוזען אונטערדריקט ווערען!״

„דער צאר דארף סאָלדאטען, זאָלל ער אוועקשלעפּען דיא אידעשע יונגע לייט אין מלחמה!״

„מיר מוזען ארבייטען אז דיא הענד ווערען געשוואָללען אונד דיא אידלאך טהוען גאָר ניט אונד נעהמען צוזאמען דאס גאנצע געלד.״

„ניין, מיר וועללען דאס מעהר ניט ליידען! זאָללען דיא אידען צאהלען אללע אבגאבען.״

דיעזע אונד עהנליכע אויסרופונגען האבען אללע פּויערים שטארק הנאה געטהון; זייא האבען אָנגעפאנגען זעהר פיעל זיך משמח צו זיין, מאססענהאפט שנאפּס צו זופען אונד בייא יעדען טרונק בראנפען האָט זיך געהערט דער געשרייא „ניעדער מיט דיא פערדאמטע אידען!״

ענדליך האָט דער סטאראסטע זיין עולם עטוואס איין געשטיללט אונד צו זייא פאָלגענדע ווערטער געזאָגט:

,,מיינע ברידער, מיר האבען היינט צו פיעל גערעדט. איך האָב מורא אז ווען דער גובערנאטאָר זאָלל זיך דאפון ערקונדיגען וועללען איינינע פון אונז שטארק ליידען, אבער איך האָף אז צווישען אונז געפינט זיך קיין בעטריגער אונד קיין שפיאָן, זאָ דאס דיא גאַנצע זאַך וועט בלייבען בסוד. וואס אנבעטריפט אונזער לאַגע איז פיעל בעסער געדולדיג צו זיין. דעם אמת זאָגענדיג, האבען מיר נאר ניט קיין אורזאכע זיך שטארק צו בעקלאגען. מיר זיינען דאס איינענטהום פון דעם צאר; אונזער געלד, אונזער לעבען געהערט צו איהם, אונד וואס ער טהוט איז געוויס דאס בעסטע. מיר האבען גאָר ניט וואס צו קוקען אויף אזעלכע ביטשריפטען וואס מען האט אייך יעצט געלעזען; זאָללען אנדערע דערפער טהון וואס זייא ווילען, אבער מיר וועללען פערבלייבען טרייע אונטערטהאנען צום צאר אונד צום גובערנאטאָר, דאן וועללען מיר קענען פערברייננען אונזער לעבען איינפאַך אונד רוהיג."

דיעזע ווערטער פון דעם סטאראָסטע האבען אויף אללעמען א טיעפען איינדרוק געמאכט; יעדער האט בייא זיך בערעכענט וויא גרויס דיא פערזענליכע געפאהר איז געגען דער רעגיערונג זיך ארויס צו שטעללען; דאס אזעלכע היטציגע אונגעדולדיגע רייד קען זייא ברייננען אין דיא גרעסטע סכנה. פיעלע פון דיא וואס האבען זיך מיט א ווילע פריהער געפראהלט אונד געחוואַטעוועט האבען אראָפּגעלאָזען דיא נעזער, אונד אנגעפאנגען נאָך צו ריידען דעם סטאראָסטעס ווערטער, וועגען טרייהייט צו דער רעגיערונג אונד דער גלייכען, זאָ דאס נאָך א קורצע צייט האט פאראַלאָף פערלאָרען כמעט אללע זיינע איהענגער אין דער פערזאמלונג, אונד קיינער האָט איהם מעהר ניט געוואָללט הערען.

,,גוט!" האָט ער אויסגערופען אויף שטעהענדיג אונד האסטיג אויס טרינקענדיג דיא לעצטע גלאז בראנפען ,,טראָגט אייער יאָך! ליידעט ווייטער! מסתמא זייט איהר בעסער ניט ווערטה. אבער, איך זאָג אייך, דער טאג איז ניט וייט ווען דער שקלאַף וועט אויף הייבען זיין קאָפּף אלס פרייער מאַן, אונד דאס וועט פאָרקוממען דאַן, ווען איהר אללע וועט שפירען וואס פיר א שאנדע עס איז א שקלאַף צו זיין."

דיא פערזאממלונג האָט באלד אנגעפאנגען פאנאדער צו געהען אין גרויסען אונאָרדנונג. יעדער האָט זיך געפיהלט בעדריקט זיין הערץ מיט מורא, דען דיא שרעקענס רעגיערונג פון דעם צאר ניקאָלייא איז אללעמען געווען גענוג בעוואוסט. אונטערדעססען האָט דער ווירטה פון קרעטשמע וואסילעוויטש געטהאָן זיין זאַך; איבעראלל געשנאָרט, אללעס אויס געהערט, צו איינעם זיך צו געמאכט מיט א חניפה־שמייכעל, מיט דעם מיט געלאכט, פון צווייטען אָפּ געשפּאָט אונד אויף אזא אויפ'ן האט ער זיך שטיללערהייט צוזאממען געקליעבען אללע פאקטען, וועלכע ער וויל מאָרגען פאָרשטעללען דעם גובערנאטאָר.

## 2. קאפּיטעל,

### דער שפּיאָן.

עס איז געווען איין היבשער קלאָרער פריהלינגס מאָרגען, אלס וואסילעוויטש האָט געזאָטעלט זיין פערד אונד אוועק געריטטען אין וועג נאָך אלעקסאנדראָווסק, וואהין ער איז אָן געקוממען ארום מיטאג צייט, אונד האָט זיך באלד בעגעבען צום גובערנאטאָרס

פאלאטץ. א מחנה דיענער, לעריג געהער, האבען זיך ארום געשלעפט ביים דיעזע הערר־ליכע נייע געביידע, אונד האבען פערבראכט דיא צייט זיך שפיעלענדיג מיט זייערע גרויזאמע הינד, וועלכע זייא פלעגען אנרייצען אויף יעדען פארבייא געהענדען מענשען. דען גרעסטען פערגניגען האט זייא געמאכט צו זעהען וויא א הונד האט יעמאנדען אראפ געריססען א פאלע אדער איין געביססען, אונד וואס מעהר יענער האט זיך דערשראקען אונד גע־שריען האבען זייא נאך מעהר זיך געפרייט אונד געלאכט. וואסילעוויטש איז וויא עס שיינט מיט דיעזע באנדע דיענער געוועזען גוט אויף געטראגען; זייא האבען זיך מיט איהם וויא מיט איין גוטען בעקאנטען בעגריסט אונד באלד וועגען זיין קוממען געמעלדעט אן זייער הערן.

זיין עקסעלענץ, דער גובערנאטאר, גענע־ראל דרודקאף, האט גראדע עבען יעצט גע־ענדיגט זיין פראכטפאללען זאטען מיטאג, אונד איז זיך געלעגען רוהענדיג אויף איין ציערליכע זאפא, רייכערענדיג א סיגארעט, אלס וואסילעוויטש איז צו איהם אריין גע־קוממען.

„נא וואסילעוויטש, וועלכע נייעס האסטו מיר געבראכט? וויא געהעט עס מיינע גוטע בירגער אין טאגאראג״?

„דיעזעס מאל האב איך זעהר שלעכטע נייעס, איהר עקסעלענץ״, האט וואסילעוויטש געענטפערט „עס טהוט מיר וועה דאס הערץ אייך צו בעריכטען, דאס אונזער דארף איז אין פאללסטען אויפרוהר; עס געהט פאר א מרידה ניט נור געגען אייער עקסעלענץ, זאנדערען געגען דעם צאר אליין.״

גענעראל דרודקאף איז ביים דיעזע ווערטער געווארען בלייך וויא א טוך אונד איז אויף געשפרונגען פון זאפא; וויא אללע טיראנען איז ער געוועהנליך געוועזען נאך מעהר טרוס אלס באנדיט.

„ערקלער מיר גענויער דיא געשיכטע״ האט ער ענדליך געזאגט, נאכדעה וויא ער איז א ביסעל צו זיך געקוממען.

דער געטרייער וואסילעוויטש האט אנגע־פאנגען צו ערצעהלען אללעס וואס עס איז פארגעקוממען דען פארינגען טאג. ער האט זיך ניט געפוילט זיין מסירה צו איבערטרייבען מיט פערשיעדענע ליגענס. נאך זיין ערצעהלונג איז אויס געקוממען אז פאראלאף מיט איינינע פון זיינע חברים האבען אויף געהעצט דען גאנצען דארף פויערים, אז מען זאלל באלד געהען נאך אלעקסאנדראוועסק, אטאקירען דעם גובערנאטאר אין זיין פאלאטץ. „אלס איך האב דערזעהען אז דיא זאך נעהמט איינע ערענסטע ריכטונג, אונד א גרויסע מחנה פויערים ווילען שון ווירקליך געהען, האב איך מיט איינינע פון מיינע גוטע פריינד זיך ענט־געגען געשטעללט אונד זייא פאנאנדער גע־טריעבען.

„אויסגעצייכענט!״ האט אויסגערופען דער גובערנאטאר, וועלכער האט געשלונגען יעדעס ווארט פון וואסילעוויטש רייד „אונד וואס האט דאן פאראלאף געמאכט?״

„ער האט געוואללט לויפען איינער אליין, אבער איך האב איהם בייא געקוממען אונד איין געשלאסען אין מיין שייער; דארט איז ער געלעגען דיא גאנצע נאכט שרייענדיג אונד שילטענדיג אייער עקסעלענץ.״

„דוא האסט זעהר גוט געטהון, וואסילע־וויטש, איך וועלל דיין טרייהייט ניט פערגעסען. אבער זאג מיר ווער זיינען פאראלאף׳ס חברים, וואס האבען איהם געהאלפען בונטוועוען דאס פאלק?״

וואסילעוויטש האָט אויס גערעכענט איי־
ניגע נעמען פון אַזעלכע אונשולדיגע מענשען,
וואס זיינען אפילו דערבייא ניט געוועזען; זייער
גאנצער פערברעכען איז בעשטאנען נור דארין
דאס ער האָט אויף זייא געהאט אַ כעס.

„אויסער דעם״ האָט ווייטער דיזער שופט
בעריכטעט „זיינען אין דער פערזאממלונג גע־
וועזען איינינע אידען, וועלכע האבען איבערהויפט
אויף געוועקט דיא אונצופריעדענהייט.״

אין טאגאראָג האבען אין גאנצען געוואָהנט
12 אידישע פאמיליעס אונד ניט איינער פון
זייא האָט געוואָללט אונד געקענט אנטהייל
נעהמען אין דיא פויערשע פערזאממלונגען;
דען אפילו דער ערנסטער איד האָט נאַטירליך
וועניג חשק צו שליעסען ברידערשאפט מיט
אַזא מין ווילדע קאָמפּאניע, וועלכע וואָללט
איהם געוויס בייא אַזא צופאלל מכבד געווען אז
ער זאָלל שוין אַ צעהנטען פערזאָגען זיך דאָרט
צו בעווייזען, דאצו וואר עס דאן פסח אונד
קיין איד וואָללט זיך ניט ערלויבט צו טרינקען
חמץ׳דיגע בראנפען. אבער וואסילעוויטש האט
נעדארפט זיין מסירה, אויס פוטצען מיט מעהר
עפעקטען אונד איהם האט זיך געלוסט אריין
צו דרעהען אין אַ בילבול דיא אונשולדיגע
אידען.

„אה, וויעדער דיא פערפלוכטע אידען!״
האָט דער גובערנאטאָר געזאָגט קריטצענדיג
מיט דיא ציין פון כעס „מיר האבען זייא צו
פיעל פרייהייט אונד רוהע געגעבען. איך וויים
זאָגאַר ניט מיט וואס פיר אַ רעכט זייא מעגען
דאָ וואָהנען. גוט! איך וועלל דיא זאך בעטר־
ראכטען אונד אונטערדעסען וועלל איך זיך
מיט זייא אָברעכענען. אבער זאָג מיר וויא
הייסען דיא אידען וואס האבען אנטהייל גע־
נוממען אין דער מרידה?״

וואסילעוויטש האָט איינינע מינוטען גע־
טראכט וועמען ער זאָלל דאָ בעסער איין
זאלצען, אבער אומזאָנסט, ער האָט זיך ניט
געקענט עררינערען דיא ריכטיגע נעמען אויף
וועמען עס פאסט בעסער ארויף צו ווארפען דעם
בילבול.

„איך בעט אום ענטשולדיגונג, אייער
עקסעלענץ״ האָט ער ענדליך געזאָגט „דיא
אידעשע פרעמדע נעמען איז מיר שווער צו
געדענקען.״

„דאס מאכט איבערינס ניט אויס״ האָט
דער גובערנאטאָר זיך אָבגערופען „דער אָדער
יענער איד איז איממער דאס זעלבע; איך
וועלל זייא אלעמען ווייזען וויא מרידות צו
מאכען! אבער זאָג מיר גוטער וואסילעוויטס,
אויף וואס בעקלאגט זיך דאס פאָלק, וואס
פעהלט זייא?״

„אָה, וועגען דעם איז גאָר ניט כדאי צו
ריידען! זייא וויללען אראָפּ ווארפען דיא גאנצע
נאטשאלסטוואָ אונד לעבען אין לוקסוס אונד
פערגניגען. זייא פערלאנגען אז מען זאָלל זייא
בעפרייען פון דיא אָבגאבען, אז מען זאָלל
זייערע קינדער לאָזען לערנען אין דיא שולען,
אום נאכהער צו פעראכטען דיא ארבייט, פיר
וועלכע אַ שקלאף איז איינציג בעשאפען. דאן
בעקלאגען זייא זיך פארוואס זייא מוזען דען
גאנצען טאג שווער האָרעווען אונד דיא אידען
וואס טהוען גאָר ניט זאממלען רייכטהימער;
דאס נור זייא מוזען צושטעללען סאלדאטען
אין דיא ארמעען, דאן ווען אידען בלייבען
פרייא צו הויז.״

„ווארט נור! האט דער גובערנאטאָר מיט
גרויס צאָרן אויס געשריען „איז דאס ווירקליך
אמת וואס זייא ערקלערען וועגען דיא אידען.״

„געוויס איז דאס ריכטיג, אייער עקסע־
לענץ, דיא אידען טהוען גאָר ניט; זייא בע־
שעפטיגען זיך ניט מיט קיין מלאכה, בלויז

קויפען, פערקויפען אונד רייסען געלד; דאס איז זייער גאנצער עסק.״

דער גובערנאטאָר איז אייניגע מאָהל זיך דורך געגאנגען דורך׳ן צימער אין דער גרעסטער אויפרעגונג, ענדליך האָט ער זיך אָבגעשטעללט געגען וואסילעוויטס מיט דיא פאָלגענדע ווערטער.

„פאָהר באלד צוריק א היים, מאך מיר אויס א צעטעל פון אללע אידישע איינוואָהנער אין טאגאראָג אונד וויא פיעל אינגלאך עס געפינען זיך אין יעדער פאמיליע, עס איז באמת צייט זייא אוועק צו נעהמען אין דיא קאזארמעס, אז זייא זאָללען אין דער צוקונפט ווערען טרייע סאָלדאטען אונד עהרליכע קריסטען. דוא זאָללסט מיר אויך ברייינגען אויף געשריעבען דיא נעמען פון דיא פויערים וואס האבען זיך אנגעשלאָססען צו דעם אויפהעט־צער פאדאָלאָף. אין סיביר, וואהין איך וועלל זייא באלד פערשיקען, דאָרט וועללען זייא האבען צייט צו בעטראכטען אז א מענש קען גאָר ניט אויף טהון. יעצט געה! נא דיר א רובעל, אויב עס וועט נאך עטוואס פאָרקוממען אין טאגא־ראָג זאללסטו מיר באלד געבען צו וויססען.״

קוים איז דיא טהיר הינטער וואסילעוויטש צו געמאכט געוואָרען האט דער גובערנאטאָר אָן געקלונגען אונד געלאזט רופען זיין סעקרעטער.

„שיקט באלד צווייא אָפיצירען נאך טאגאראָג!״ האט ער א בעפעהל געגעבען, „מייַנע שקלאפען זיינען עפעס דאָרט א ביסעלע אונרוהיג געוואָרען, זייא פערלאנגען פרייהייט. לאזען דיא אָפיצירען זיך פערקליידען אלס פויערים אונד גאנץ גענויא אויס פאָרשען דיא טהאטען פון פאדאָלאָף אונד זיינע חברים, דעם וואסילעוויטש זאָלל מען אויך גענויא בעוואכען, דען יעדענפאלס איז ער מעהר ניט וויא א מסר, וועלכען מען דאָרף גאנץ ווייניג טרויען.״

דער סעקרעטער איז ארויס געגאנגען ער־פיללען דעם גובערנאטאָרס בעפעהל. אונטער־דעססען האט וואסילעוויטש בעשטיעגען זיין פערד אום נאך הויז צו רייטען אונד דאָרט אין זיין קרעטשמע ווייטער צו דיענען מיט זיינע פאלשע שמייכעלאך אלס שענקער אונד שפיאָן.

## 3. קאַפּיטעל.

### א אידישע פאמיליע.

אבגעזונדערט אונד אבגעטהיילט פון דיא איבעריגע הייזלאך שטעהט אין דאָרף טאגאראָג דיא אידישע שכונה. יעדער צופעלליגער דורך־רייזענדער וואללט באלד געקענט בעמערקען אז היער, אין דיעזען אידישען קווארטאל, זעהעט עס אויס גאנץ אַנדערס; עס איז איבעראלל פיעל ריינטליכער וויא אין דעם גאנצען דאָרף, וואו דיא בארבארישע פויערים וואהנען צוזאממען מיט זייערע הויז בהמות: דיא לופט איז פיעל אנגענעהמער, ווייל זיא איז אין דיעזען ווינקעלע ניט פערפעסטעט מיט דעם הויך פון שיכורע שקלאפען אונד אויף דיא אידישע הייזלאך, זעלבסט אין דיעזען דאָרף־טהייל, שוועבט א גייסט פון פריעדען אונד היימאטליכקייט. דער איד וויים ניט פון דיא מיאוסע תענוגים צו פערברייננגען דיא צייט מיט קאָמפאניעס אין שענק הייזער, ער איז פון נאטור אבגענעבען פיר זיין פאמיליע אונד דאס וואָרט „היים״ איז בייא איהם דאס טהייערסטע אונד ליעבסטע אויף דער גאנצער וועלט.

דיא אבענד שאָטענס האבען שוין אנגע־פאנגען זיך צו פערשפרייטען איבער דעם שטיללען דאָרף, איממערוועהרענד בעווייזען זיך אלץ מעהר אונד מעהר פינקעלנדע שטערען אין דעם פערדונקעלטען פריהלינגס הימעל,

אויך אין דיא קליינע אידישע הייזלאך ווירד איבעראלל העללער אונד העללער בעלייכטעט, דען היינט איז פרייטאג אבענד; עס קוממט אן שבת, דער זיסער טאג פון רוהע אונד פריעדען פיר דעם עלענדען אויסגעמאטערטען אידען. פערפאלגט אונד פעראכטעט פון זיינע קריסטליכע מיט בירגער, געפייניגט אונד געשלאגען פון זייער שנאה אונד פאנאטיזם, שלעפט ער זיך ארום דיא גאנצע וואך, אין ערנסטען וועטטער פון דארף צו דארף מיט דעם שווערען פאק אויף דיא פלייצעס, אום פיר זיין ארמע פאמיליע א שטיקל ברויט צו פערדיענען, דען ליידער זיינען איהם אללע אנדערע בעסערע בעשעפטיגונגען שטרענג פערבאטען. אזויא דארבט אונד מאטערט זיך דער איד א גאנצע וואך אונד זיין בעסטער גליק אונד איינציגער פערגניגען איז ווען ער קוממט פרייטאג אבענד אהיים אונד ווירד בעלאהנט מיט א זיססען שמייכל פון זיין געליעבטע פרויא אונד קינדער.

ניט וויט פון דיא הייזלאך שטעהט איין איינפאכע אידישע קלייזעל, וואהין דיא בעלי בתים געהען יעצט צום דאווגען, יעדער אין בעגלייטונג פון זיינע קינדער, וועלכע ווערען בייא אונז אידען פון דער פריהעסטער יוגענד געוואהנט צו אכטען דיא הייליגקייט פון זייער רעליגיאן, צו עהרען אונד ליעבען זייער פאלק. אינווייניג אין דער קלויז איז וויא געוועהנליך אום שבת העלל אונד ליעבליך בעלייכטעט; איינער פון דיא געאכטעטסטע פערזאנען דיעזער געמיינדע, דער חזן מרדכי ווינענקי האט געענדיגט דאווגען אונד דער עולם הייבט זיך אן ביסלאך וייס פאנאנדער צו געהען א היים דיא שבת׳דיגע שפייזען צו געניססען.

דיעזער מרדכי ווינענקי איז א מאן בערך 40 יאהר, מיט איין עהרליכעס בלייבעס געזיכט אונד א מאגערען הויכען געוואוקס. איהם בע־גלייטעט יעצט נאך הויז זיין 13 יעהריגער זאהן, מענדעל, וועלכער ווירד דיעזען שבת בר־מצוה אונד זיין שוואגער הירש בן זאב. ווינענקי וועלכער איז דער איינציגער מלמד פון שטעד־טעל וואהנט היער שוין 14 יאהר, פון דער צייט זינד ער האט געהייראטה לאה׳ן, בן זאב׳ס טאכטער פון קיעוו; איהר ברודער הירש, עט־וואס איינגער אונד פיעל קרעפטיגער פון ווינענקי, איז איינער פון דיא רייכסטע קיעווער אידישע קויפלייטע; ער איז גראדע יעצט פרייטאג פאר נאכט געקוממען פון דארט צו גאסט, אום בייא צו וואהנען דעם מזל טוב פון מענדעל׳ס בר־מצוה.

אריין קוממענדיג אין הויז בעגעגענט זייא לאה מיט א ליעבליכען שמייכעל פון שטאלץ אונד פערגניגען. „דוא ביסט געוויס הונגעריג, ברודער, פון דיין לאנגע רייזע.“ האט זיא צו איהם געזאגט.

„יא, איך האב פון 6 אוהר דעם מארגענס ארויס פאהרענדיג פון חארקאוו נאך גאר ניט געגעססען“

„אבער דוא ביסט ווירקליך זעהר גוט, ברודער; דוא האסט זיך בעמיהט אזא וייטע רייזע צו מאכען צו ליעב אונזער קינדס בר־מצוה.“

הירש האט מיט גרויס ליבשאפט א ווייל בעטראכט דען יונגען מענדעל „מיר איז ניט בעשערט געוועזען איינענע קינדער צו האבען“ האט ער מיט א זיפץ געזאגט „דארום איז מענדעל בייא מיר גערעכענט אלס מיין איינען קינד. פאלג מיר שוועסטער, לאז איהם פאהרען צו מיר אין קיעוו איך בין רייך גענוג, איך וועלל איהם געבען איינע גוטע ערציעהונג, אונד מיט זיינע פעהענקייטען וועט ער געוויס אויס וואקסען א בעריהמטער רב, מיט וועלכען

גאָט אונד לייט וועללען זיך פרייען.״
דיא מוטער האט מיט גרויס ענטציקונג איהר קינד אומגעארמט ,,אָה, ניין ברודער!״ האט זיא מיט פיעל צערטליכקייט אויס גע־רופען ,,איך קען זיך מיט מיין ליעבען מענדעל ניט שיידען.״

אונטערדעססען איז מרדכי צו געגאנגען צום בעטעל אין וועלכע זיין איינגסטער זוהן א קינד פון 6 יאהר איז געלעגען קראנק.

,,וואס מאכסטו יאנקעלע? וויא פיהלסטו זיך יעצט?״ האט דער פאטער איהם געפרעגט.

,,עס איז מיר פיעל בעססער, פאטער״.

האט דאס קינד מיט א שוואכע שטיממע געענטפערט ,,דער ארם אונד דער אויער שמערצען נאך, אבער ניט אזויא שטארק וויא נעכטען.״

,,ארמעס, ארמעס קינד!״ האט דער פאטער זיך אב געזיפצט.

,,לאָז דער אָנקעל אריין געהען, איך וויל איהם זעהען.״ האט דאס קינד קרעכצענדיג געזאגט.

הירש בן זאב איז אריין געקוממען אונד קוסענדיג דעם קינד'ס ברענענדיגען שטערן האט ער איהם געפרעגט ,,וואס איז מיט דיר, גוטער יאנקעלע, איך האב גאר ניט געוואוסט אז דוא ביסט קראנק, וואס איז דיא אורזאכע?״

יאנקעלע האט זיך געבאָך אב געדרעהט צום וואנד אונד אָנגעפאנגען צו וויינען.

בייא מרדכי ווינענקי האבען זיך טרערען אין דיא אויגען בעוויזען, וועלכע ער האט מיט אללע מעגליכקייטען געשטארקט צו אונטער־דריקען.

איינע אלטע געשיכטע פון פאנאטיזם, האסס אונד אונוויססענהייט האט ער זיין שוואגער הירש ערצעהלט, וועלכער איז בייא יעדען ווארט איממער מעהר אונד מעהר אויף געדעגט געוואָרען.

עס וואר בלויז מיט איינינע טעג צוריק אלס דיעזער יאנקעלע איז ארום געלויפען אין דאָרף זיך שפיעלענדיג מיט אנדערע כריסט־ליכע קינדער. צופעללינ איז ער פארבייא גע־גאנגען א שטאַל, אין וועלכע עס איז געלעגען א זויגענדיגע קוה מיט איהר קאלב. אונד האט זיך אבגעשטעללט מיט קינדעשע נייגיעריגקייט דאס צו בעטראכטען. דער ווירטה פון הויז, דער פויער, האט דאס באלד דערזעהען אונד וויא דער יטטייגער איז האט ער אנגעפאנגען צו פלוכען אללע אידען. ער האט שוין גע־וואָללט דאס קינד צו לויפען שלאגען, אבער דיעזער האט ניט לאנג געווארט אונד זיך אליין אבגעטראָגען. צום אונגליק איז בייא דיא קוה גראדע אויף מאָרגען דאס מילך אויס געטרי־קענט געוואָרען. אנשטאט צו זוכען נאטירליכע הילפס מיטעל האט דער פויער זיך איין גע־רעדט אז דער אידעשער אינגעל האט זיין קוה אָן געטהאן א כישוף, דאס זיא זאָלל איהר מילך פערליערען. ער האט דעם אונשולדיגען יאנ־קעלען אבגעהיט אויפען גאס אונד מיט גע־וואלד אריין געשלעפט אין שטאַלל; נאכדעם וויא ער האָט איהם נענגען דיא קוה אוועק געשטעללט, האָט ער מיט גרויס כעס אויס געשריען.

,,דוא פערפלוכטער איד! דוא האסט מיט דיינע שענדליכע אויגען מיין קוה פערדאָרבען! אויב דוא וועסט פון איהר ניט אראָפ נעהמען דעם כישוף שווער איך דיר בייא דעם הייליגען צאר, אז איך וועלל דיר צו שניידען אויף שטיקער אונד דיין פלייש פיר דיא הינד ארויס ווארפען!״

דאס ארמע קינד האט פון שרעק זאגאר ניט פערשטאנען וואס דער פויער וויל פון איהם אונד האט אָנגעפאַנגען צו וויינען, אבער

אין דיעזען אויגענבליק האָט דער פויער א פייף געגעבען אונד באַלד האָט א גרויזאמער שרעקליכער הונד יאנקעלען צו דער ערד גע־וואָרפען אונד איהם אָנגעפאנגען צו רייסען.

„אָה, האָט רחמנות, מאָרדעט מיך ניט!“ האָט דאס קינד מיט דיא לעצטע קרעפטען פון פערצווייפלונג געשריען.

„ווערסטו אויסהיילען מיין קוה?“

„איך וועלל אללע מעגליכקייטען דאצו אָנווענדען,“ האָט יאנקעלע געענטפערט ניט וויסענדיג אליין וואס ער רעדט.

אין א שטונדע ארום האָט דיא מוטער איהם געפונען ליעגענדיג אויפען גאס אין אָהנמאכט, מיט איין אויסגעבראָכענע האנד אונד א שטיק אויער אָב געריססען.

דיעזע ערצעהלונג האט בייא אללע ארום שטעהענדע טרערען ארויסגערופען; הירש בן זאב איז שרעקליך אויף גערעגט געוואָרען.

„וויא לאנג נאך, אָה גאָט! וויא לאנג נאך וועלען מיר ליידען אזעלכע גרויסע אונפער־דיענטע יסורים אונד אומזיסטע צרות?“ האט זיך הירש אבגעזיפצעט.

ביסלאך וויז האבען זיך דערנאך דיא פאמיליע בערוהיגט, אום דיא היילינקייט פון שבת ניט צו פערשטערען; נאכדעם וויא מרדכי האט געמאכט קידוש, איז צום טיש געגרייט געוואָרען אונד זייא האבען זיך גע־זעצט עססען.

דאס געשפרעך בייין טיש איז נאטירליך געוועזען וועגען דעם מאָרגענדיגען מזל טוב. דער 13 יאהריגער מענדעל האט זיך ביז יעצט אימער אויס געצייכענט מיט גרויס חשק צום לערנען, אונד מיט איין אונגעוועהנליכען שאר־פען פערשטאנד. וויא יונג ער איז געווען האט ער שוין איבעראלל אין דיא ארומיגע אידעשע געגענדען געהאט א גרויסען נאמען אלס איין זעלטענער וועהלער קינד. „ער וועט געוויס מיט דער צייט זיין איינער פון דיא גרעסטע רבנים“ האבען אללע אויף איהם נביאות גע־זאגט, אונד דארום איז ער געווען בייא זיין אָנקעל הירש זעהר געליעבט אונד טהייער. ער האט אוועק געוואָרפען אללע זיינע עסקים אין קיעוו אונד איז געלאָפען, אום בייא צו וואָהנען דיא הערליכע שמחה פון מענדעל׳ס בר מצוה. כמעט דיא גאנצע וועג האט אונזער רייכער קויפמאן געמוזט מאכען צו פוסס, דען צו יענער באַרבארישער צייט איז יעדען אידען אָהנע אויסנאהמע געווען שטרענג פערבאָטטען זיך מיט דיא פאָסט־וואגען צו בענוטצען, אונד אנדערע פוהרען איז געווען זעהר שווער צו קריגען.

נאכדעם וויא מען האט אָבגעגעסען אונד אָב געבענטשט האט הירש וויעדער אָן גע־פאנגען צו ריידען וועגען זיין פריהעריגען פראָיעקט.

„דוא מאכסט א גרויסען פערזעהען, שוועסטער, דאמיט וואס דוא ווילסט האלטען מענדלען אין דיעזען דאָרף. ער איז צו עטוואס בעססערס געבאָרען.“

„אָה, רייד נאָר וועגען דעם ניט!“ האט לאה מיט בעשטימטהייט ערקלערט „איך וועלל מיין קינד פון זיך ניט אוועק לאָזען, איך וואָללט אפשר געשטאָרבען אָהן איהם.“

„אבער האסטו זיך ווען ערקלערט דיא פראגע וואס פון איהם קען דאָ ארויס קומען? זאָלל ער זיינע בעסטע יאהרען היער פערליערען אלס בעהעלפער אין פאטערס חדר? זאָלל ער מיט דער צייט ווערען א דאָרף שוסטער, אָדער א קאראָבעלניק, אונד זיך ארום שלעפען מיט דעם שווערען פאק צווישען דיא פויערים? דען נור אויף דיעזע בעשעפטיגונגען קען ער היער איין אויסזיכט האבען!“

„עס איז טאקע פיללייכט ריכטיג וויא דוא זאגסט" האט דיא מוטער מיט א שווערען זיפץ גענטפערט „גיעב דוא אדרבה א בע־סערע עצה."

„איך האב דיר דאך שוין געזאגט, לאז מיר איהם מיט נעהמען נאך קיעוו, וואו עס געפינען זיך ביז פופציג טויזענד אידעשע איינ־וואהנער, אונד אבוואהל אונזער גורל איז ניט זעהר מקנא צו זיין, אבער דענאך לעבען מיר פיעל בעסער וויא אין דיעזען דארף. אונזער רב, דער בעריהמטער ר' יומעלעס, איז שוין אלט, אונד איך בין זיכער אז מיט דער צייט ועט מענדעל זיין פעהיג דיעזע ערבהאבענע שטעלע צו בעטרעטען. וואס זאגסטו מענדעל? וואללסטו וועללען וואהנען אין א גרויסע שטאדט ?"

מענדעל האט זיך ניט געקענט בעשליעסען וואס צו ענטפערען; דאס געפיהל פון קינדליכע ליעבע אונד דער וואונש דיא גרויסע וועלט אן צו זעהען האבען אין איהם געקעמפפט. ענדליך האט ער זיך אבגערופען „איך וואללט וועללען פערבלייבען בייא מיינע ליעבע עלטערען, אבער...

„אבער" איז דער אנקעל אריין געפאללען „דוא וואללסט דענאך וועלען זעהען דיא גרויסע שטאדט קיעוו, וואו אללעס איז אזוי ערהאבען אונד פראכטפאלל, שעהן אונד גלענצענד! וואו יעדען טאג קוממען פאר גרויסארטיגע פאראדען אונד וואו מען זעהט איבעראלל גרויסע גענעראלען אין רייך פערפוצטע מונדי־רען, זאג, מיין קינד, איז דאס ניט א נחת צו בעטראכטען ?"

„אבער וואס פיר א גליק איז דאס אללעס פיר אונזערע אידען ?" האט מרדכי געפרעגט, „זיינען מיר דען דארט ניט פערפאלגט אונד בערויבט פון אללע מענשען־רעכטע אזוי וויא היער ? נאך מיין שכל איז עס גראדע א גרע־סערער הארץ ווייטאג דיעזען לוקסוס אונד פראכט מיט דיא אויגען צו זעהען, אהן אירגענד וועלכע האפנונג דאפון צו גענ'יעסען.

„האב קיין מורא ניט שוואגער" האט בן זאב געענטפערט „עס וועט ניט אימעער אזוי בלייבען, מיט דער צייט מוז זיך אללעס ענ־דערען, וויא פיעל מען וויים, פראיעקטירט שוין דער קייזער ניקאלייא דיא פויערים פון זייער שקלאפערייא צו בעפרייען."

„איך זעה אבער ניט וואס פיר א טובה וועט פיר אונזער פאלק דאפון ארויס קוממען" האט מרדכי געזאגט.

„דיא טובה איז אבער גאנץ קלאר" האט הירש ערקלערט „דער רוססישער שקלאף פערפאלגט אונז דארום ווייל דער ארעל דריקט איהם ; אין א לאנד פון שקלאפען זוכט איינער צו טיראניזירען דעם צווייטען ; אבער זאלל נור אנפאנגען צו וועהן א ווינטעלע פון פרייהייט, דאן וועללען שוין אויך אונזערע מענשען רעכטען אנערקאנט ווערען."

„נארישע חלומות !" האט מרדכי מיט א פרוממען זיפץ אויס גערופען „מיר אידען ליידען ניט פון דעם פראסטען רוססישען המון, אבער פון זיינע רעגיערער, וועלכע וועללען אונז אימעער דריקען אונד פלאגען, ביז דעם אויבער־סטענס ווילען וועט זיין אז משיח זאלל קוממען אונז אויס צו לייזען פון פינסטערען גלות."

„אבער וואס בלייבט וועגען מענדעלען ?" האט הירש ווידער אן געפאנגען צו פרעגען.

„מיר האבען נאך צייט זיך מישב צו זיין ביז דוא וועסט פאהרען אהיים" האט דער פאטער געענטפערט.

„אה, ניין, ניין !" האט לאה אויסגערופען „מענדעלע, מיין קינד, זאג מיר צו אז דוא וועסט מיר ניט פערלאזען."

אבער מענדעלע איז שוין געווען בעגייס־
סטערט מיט דעם געדאנקען נאך קיעוו צו
פאָהרען, ער האט זיין אָנקעל טויזענד פראגען
געשטעללט, וואס פיר א וועלט דאָרט איז,
וועלכע וואונדערבארע זאכען קוממען דאָרט
פאָר. הירש האט זיין ליעבלינג צו זיך אויפען
שויס גענוממען, אונד איהם אָנגעפאנגען אזוי
פראכטפאָלל אונד רייצענד צו שילדערן דיעזע
גרויסע וועלט, אז מענדעל'ס פאנטאזיע איז
פלוצלינג אויף גערעגט געוואָרען; מיט איין איינ־
געהאלטענעם אטהעם אונד העכסט קלאפפענ־
דען הערצען האט ער געשלונגען יעדעס וואָרט
פון זיין אָנקעלס ערצעהלונג, זאָ דאס זיינע
אויגען האבען געבליצט פון פערגניגען.

„אָה, מוטער!“ האט מענדעל אויס גע־
רופען געהענדיג צו בעט אונד איהר גוטע
נאכט ווינשענדיג „לאָז מיר פאָהרען נאך קיעוו,
איך וויל ווערען א גרויסער מאן!“

דיא מוטער האט איהר ליעבעס קינד מיט
גרויס צערטליכקייט אום געאָרמט אונד האט
דארויף גאָר ניט געאנטוואָרט.

אויף מאָרגען שבת פריה איז אין דיא
קליינע שול פון טאגאראָג געווען גרויס פאראד.
פון אללע ארומיגע דערפער אונד שטעדטלאך
זיינען געקוממען דיא שעהנסטע בעלי בתים
אויס צו הערען מענדעל'ס בר־מצוה דרשה.
אלס דער שעהנער יונגע האט ענדליך בע־
שטיעגען דען אלמעמאָר וואָרען הונדערטע
אויגען מיט איין אויסדרוק פון פערגניגען אויף
איהם געריכטעט, אונד אללע אויערען אויסגע־
שטעללט זיינע ווערטער צו הערען. מיט
א קלאָרע זיססע שטיממע האט מענדעל זיין
רעדע פאָרגעטראגען, אונד וואס ווייטער האט
ער אלץ מעהר אונד מעהר זיינע צו הערער
בעגייסטערט זאָ דאס בייא פיעלע האבען זיך
טרערען פון פריידע אין דיא אויגען געוויעזען.

ווער קען בעשרייבען דיא פערשיעדענע געפיה־
לען פון גליק, שטאָלץ ליעבע אונד צערטליכ־
קייט וואס האבען דאן געשטורמט אין דער
ברוסט פון מענדעל'ס עלטערן! אלס ער האט
זיין פראכטפאָללען פאָרטראג געענדיגט, וואר
ער כמעט ערשטיקט אין זייערע אומארמונגען
אונד פערטויבט פון גליק ווינשונגען וואס
האבען זיך געדרענגט פון אללע זייטען.

„הירש איז גערעכט“ האט מרדכי צו זיין
ווייב געזאגט מיט גרויס שמחה „מענדעל מוז
פאָהרען נאך קיעוו, אונזער דערפעל איז פיר
איהם צו קליין.“

„אָה, מיר וועללען זעהען, מיר וועללען
זעהען!“ האט דיא גליקליכע מוטער געענט־
פערט וועלכע עס איז שווער געווען צופריע־
דען צו ווערען מיט דעם געדאנקען פון שיידונג.

דען גאנצען טאג האט עס געקאָכט אין
מרדכי'ס הויז פון געסט אונד בעזוכער, יעדער
האט געהאט א שמייכעלדיגען וואָרט צו זאגען,
וועגען דעם בעריהמט געוואָרענעם מענדעל;
יעדער האט ערקלערט אז איהם שטעהעט פאָר
א גליקליכע צוקונפט. אויך דער קליינער יאנ־
קעלע איז געווען איין געגענשטאנד פון פער־
שיעדענע געשפרעכען; אללע האבען געוואוסט
וויא אונשולדיג ער ליידעט יסורים, דיא געסט
האבען געטרייסט דיא עלטערן מיט דער בע־
וואוסטער נחמה, אז א איד איז געבאָרען צו
ליידען צרות; יאָ, דאס איז ליידער דער איינציגער
געדאנקען מיט וועלכען דער עלענדער איד
קען זיך טרייסטען.

## 4. קאפיטעל

### א שרעקליכע נאכט.

דער לוסטיגער טאג פון פריידע אונד פער־
גניגען איז פערבייא געגאנגען; דיא נאכט מיט
איהרע פינסטערנים האט איין געהילעט דיא

גאנצע אומגעגענד אין איהר שווארצען מאנטעל, איינע טיפע שטיללקייט הערשט איבעראלל, דען דיא איינוואהנער פון טאגאראג האבען זיך שוין לאנג געלעגט שלאפען; זאגאר בייא וואסילעוויטש אין קרעטשמע איז שוין פינסטער אונד רוהיג, נור א זאנדערבארער גערויש הערט זיך פון ווייטען; דער רעש פון פיעלע רעדער, פון גאלאפירענדע פערד, צו מישט מיט גראבע סאלדאטען־שטיממען הערט זיך אלץ נעהענטער אונד נעהענטער; ענדליך זיינען א גאנצע באנדע קאזאקען אין דארף אן געקוממען, גראדע אין מיטען נאכט, וויא דיא בייזע רוחות. גאנץ שטילל וויא מעגליך זיינען זייא צוגעפאהרען צו וואסיעלוויטש קרעטשמע, וועלכער האט דיעזע געסט וואהרשיינליך ערווארטעט, דען באלד איז דארט ליכטיגער געווארען אונד דער ווירטה האט זיך אנגעפאנגען צו סוד׳ענען מיט דעם אנפיהרער פון דיעזע באנדע. גלייך נאך דיעזען געהיימען געשפרעך זיינען זייא ביידע ארויס געגאנגען אין דען שטילען שלאפענדען דארף; וואסילעוויטש האט איינינע הייזלאך מיט א רויטען קרייץ בעצייכענט. אלס זייא האבען דיעזעס גענענדיגט זיינען זייא באלד צוריק געקוממען אין קרעטשמע; היער האט דער אנפיהרער געהיימע אינסטרוקציאנען געגעבען צו זיינע ווילדע קאזאקען, וועלכע האבען פאאר־וויין זיך נאך פערשיעדענע ריכטונגען בעגעבען.

צווייא פון זייא האבען פארזיכטיג אן געקלאפט אין פאדאלאף׳ס טהיר.

,,ווער איז דא״? האט דיעזער פון אינוויינינג געפרעגט.

,,גוטע פריינדע! לאז אונז אריין״ .ווא׳ר דיא אנטווארט.

פאדאלאף האט עטוואס געעפענט דיא טהיר; דערזעהענדיג דיא סאלדאטען האט, ער באלד פערשטאנען וועגען וואס דא האנדעלט זיך. ער האט געוואללט האסטיג דיא טהיר צו ריגלען, אבער צו שפעט! איינער פון דיא סאלדאטען האט אריין געשטעקט זיין בכויזען דעגען אונד דער אנדערער האט זיך אין הויז אריין געשפארט.

,,אויב דוא ווערסט נור איין פיפס געבען מאכען מיר דיר אויף דער שטעללע פיר א בר־מנן!״ דער אונגליקליכער פאדאלאף האט איין געזעהען אז עס וועט איהם קיין זאך ניט העלפען, וועהרענד איינער פון דיא קאזאקען האט איהם געבונדען דיא הענט אויף הינטען, האט דער צווייטער דורך געזוכט דיא ארמע ווירטשאפט אין אללע עקען אונד ווינקעלאך, יעדעס שטיקעל פאפיער וואר צו גענוממען אונד בעהאלטען. דיא גאנצע זאכע האט זיך אבגעהאנדעלט מיט דיא שנעללסטע געשווינדיגקייט אונד געהיימסטע שטילקייט, זא דאס קיין איינציגע לעבענדיגע זעלע האט ניט ערפאהרען דאפון.

,,פארווערטס! מארש!״ האבען דיא קאזאקען א בעפעהל געגעבען, אונד איידער פאדאלאף האט זיך נאך ארום געזעהען, איידער ער האט נאך בעוויעזען זיך צו געזעגענען מיט זיין פרויא, וועלכע איז געשטאנען וויא ערשטארט פון שרעקען, וואר ער שוין ארויס געשלעפט אין סטריט אונד אין א מינוט ארום איין געשפארט בייא וואסילעוויטש אין שטאלל.

אויף דיעזען אופ׳ן ווארען ארעטירט ניין פערזאן פון דיא דארף בעוואהנער. ארמע אפפער דער גרויזאמען טיראנייא! איהר וועט שוין אייער עגענדען לעבען ענדיגען אין דיא אונטער ערדישע גריבער פון דער שרעקליכען סיביר, אהן זאגאר צו וויססען פאר וואס אונד פאר ווען. פון דיעזע ניין אומגליקליכע האבען נור דרייא מיט־געהאלטען מיט פאדאלאף׳ס

רייד דען פארינגען זונטאג אין קרעטשמע; אללע איבריגע זיינען גאר ניט געווען, אבער וואסי־לעוויטש האט געוואללט לייז ווערען פון זייא, דען איינער איז ער שולדיג געווען געלד, אנ־דערע זיינען איהם געווען פערזענליך פערהאסט איבער פריוואט זאכען, אונד מיר האבען גע־זעהען וויא דער שפיאן האט זיין זאך אויס־געפיהרט.

באלד נאכדעם האט מען אללע געפאנ־גענע אריין געווארפען אין צווייא פוהרען, אונד אונטער דער וואכע פון איין אבטהיילונג סאלדאטען זיינען זייא אוועק געפיהרט געווא־רען נאך אלעקסאנדראווסק. דער טרויעריגער גורל וואס זייא ערווארטעט איז שוין גענוג בעוואוסט, א קורצע צייט וועללען זייא אפ זיטצען אין טורמע, אונד דאן וועט מען זייא פערשיקען אהן א שום משפט נאך דעם ווייטען קאלטען נארדען, וואו זייא פערבלייבען שוין אויף אייביג אבגעשטארבען פיר זייערע פא־מיליעס אונד אויסגעמעקט פון דער גאנצער מענשליכען געזעלשאפט.

לאמיר יעצט בייא וואהנען א סצענע פון איין סאלדאטען־בעפאל, אויף א אידעשעס הויז. דיא טיראנישע רעגיערונג האט בעשאפ־פען פיר דעם אידען דיא שרעקליכסטע אונד גרויזאמסטע בעשטראפונגען; דער ווילדער צאר ניקאלייא האט געגעבען אללע זיינע גובערנאטארען דיא אונבעגרעצטע פאלמאכט, אוועק צו נעהמען פון אידעשע עלטערן יעדען איינגעל וואס האט ערגרייכט 5 יאהר, אונד זייא אבצוגעבען פיר רעקרוטען. דער סוף פון אזעלכע געחאפטע צערטליכע קינדער איז גע־ווען זעהר טרויריג; פעריאגט אונד פערשלעפט אין א פרעמדע געגענד, צווישען פיינדליכע בארבארען, געפייניגט אונד געמאטערט, זיינען דיזע אונגליקליכע גרעסטענטהיילס אויסגע־שטארבען; זייא האבען אויס געהויכט זייער לעצטען יונגען אטהעם וויט פון היים, וויט פון זייערע עלטערן, וועלכע האבען שוין ניעמאלס ערפאהרען וואס מיט זייערע קינדער איז גע־ווארען. אנדערע פון זייא האבען איבער גע־טראגען דיא גרעסטע יסורים אונד זיינען גע־בליעבען לעבען, אבער זייא האבען געמוזט נאך געבען אונד זיך לאזען טויפען צום קריס־טליכען הערשענדען גלויבען, אום נאכהער דיא אייביגע קנעכטשאפט פון דעם הארטען סאלדאטען לעבען צו שלעפען. צו יענער צייט האט עס גאנץ ווענינ אידעשע קהילות געגעבען, וואס זיינען שוין ניט געפרובט געווארען מיט דיעזען גרויזאמען פורעניות, אונד אויב טאגא־ראג איז ביז יעצט רוהיג געבליעבען איז דאס ניט געווען איבער גענעראל דערדוקאף'ס גוט־הערציגקייט; ער האט זיך ביז דיא צייט גאנץ איינפאך פערגעססען ווענען דיא אידען, אבער יעצט איז זיין ווילדער צארן אויף געוועקט, יעצט זאללען זייא פיהלען זיין מאכט!

איינע אנדערע אבטהיילונג פון דיעזע קאזאקען האבען ארום גערינגעלט דיא אידישע שכונה. מרדכי ווינענקי'ס הויז איז געשטאנען דיא ערסטע ביי'ן אריינגאנג אין דיא סטראסע. צווייא פון דיא קאזאקען האבען זיך בעגעבען דאהין; קלאפען האבען זייא ניט געדארפט, דען נאך דיא דאמאליגע בארבארישע גע־זעטצען האט א איד ניט געטארט צו שליעסען זיין הויז, אפילו בייא נאכט. מרדכי ווינענקי וואס האט געשלאפען אין דיא ערסטע צימער האט באלד געהערט אז יעמאנד שארט זיך ארום אין פאר הויז ביי'ן טהיר שטיללער הייט.

,,ווער איז דא?'' האט ער געפרעגט ערשראקען.

,,שנעללער, זשיד, א ליכט גיעב אהער'' ווער דיא אנטווארט.

ציטטערינדיג וויא א בלאט האט דער ארמער מרדכי א ליכט אן געצונדען אונד האט דערזעהען דיא גרויזאמע קאזאקען; א שרעק־קענס געשרייא האט זיך פון זיין ברוסט ארויס געריססען, וועלכער וואר אין דענזעלבען מאמענט פערשטיקט מיט דער גראבע סאלדאטען האנד.

,,אויב דוא וועסט נור דען קלענסטען גערויש מאכען וועלל איך דיר דערווערגען וויא א הונד. וויז אונז שנעלל וואו שלאפען דיינע אינגלאך!"

,,אה, גאט! זייא ווילען צו נעהמען מיין מענדלען פיר א רעקרוט" האט דער אונגליק־ליכער פאטער אויס גערופען.

,,שטילל, דוא שלאנג! ריהר זיך, זאג איך דיר, וואו זיינען דיינע אינגלאך?"

מרדכי איז געבליעבען שטעהן ערשטארט פון שרעק וויא א שטאטוע; דיא קאזאקען האבען לענגער ניט געמאכט קיין שהיות, אונד געעפענט דיא טהיר אין דען צווייטען צימער, דער יונגער מענדעל איז געלעגען פערזונקען אין איין אונשולדיגען שלאף, זיססע טרוים בילדער האבען איהם אומגעשוועבט; דיא אונערבארמלי־כע האנד פון קאזאק האט איהם פלוצלינג אויף געהויבען פון בעט, אונד מיט איין זעטץ אוועק געשטעללט אויף דער ערד; דער אינגעל איז געבליעבען שטעהן אזוי וויא געלעהמט; ער איז פון מורא ניט אים שטאנדע געוועזען זאגאר זיין קול צו בעווייזען, אונד האט בלויז געקוקט מיט אויס געגלאצטע אויגען אויף זיין פאטער אונד דיא סאלדאטען. זיין אנקעל הירש, וועלכער האט געשלאפען מיט איהם צוזאממען, איז אויף געשפרונגען אונד געוואללט שיטצען זיין ליעבלינג, אבער איין קלאפ פון דעם ווילדען קאזאק האט איהם אוועק געלייגט, אין דענזעלבען אויגענבליק האבען זייא דעם האלב נאקעטען מענדלען ארויס געשלעפט אויפ'ן גאסס אונד איבער געגעבען צו דיא סאלדאטען אין דיא הענד.

,,דוא האסט נאך איין אינגעל" זיינען דיא קאזאקען ווידער צו געשטאנען צום עלענדען פאטער ,,וואו איז ער?"

,,איך האב מעהר קיין קינדער ניט" האט דיעזער מיט א ביטערען זיפץ געענטפערט.

,,דוא זאגסט ליגען, פערדאמטער זשיד!"

מיט דיעזע ווערטער האבען זייא אויף געבראכ־כען דיא טהיר פון דען דריטען צימער, וואו דער 6 יעהריגער יאנקעלע איז געלעגען מיט דיא מוטער, וועלכע האט זיך עבען יעצט אויפגעכאפט פון דיא קולות.

דיא סאלדאטען האבען גענוממען רייסען דאס קינד, וועלכען זיא האט געהאלטען אום געארמט בייא איהר הערצען.

,,מיין קינד! געוואלד! וואס ווילט איהר פון מיין קראנקען קינד" האט דיא מוטער מיט א הערץ רייסענדע שטיממע געשריען. אבער דיא בארבארישע קאזאקען האבען ניט גע־וואוסט פון דעם געפיהל רחמנות, מיט גרוי־זאמע פלוכען אונד שלאגען האבען זייא אב־געריססען דאס קינד פון דיא פערצווייפעלטע מוטער, וועלכע איז אין דיעזען אויגענבליק געפאללען אין חלשות.

זייא האבען באלד אויף דען נאקעטען יאנקעלען מיט געשלעפט אונד ארויס געגאנ־גען פון דעם הויז, וועלכעס איז פערקלונגען געווארען מיט קלאגען אונד געוויינען.

אזעלכע סצענעס האבען זיך אין דיעזער נאכט צו דערזעלבער צייט אבגעשפיעלט אין אללע אידעשע הייזער פון טאגאראג. אללע קינדער האט מען צוזאממען געשפארט בייא וואסילעוויטש אין שטאלל, אונד באלד נאך דעם אריין געפאקט אין פוהרען, אום זייא נאך

אלעקסאנדראָווסק אוועק צו שלעפען.

פירטערליך אונד טרויעריג איז געוועזען דיא לעבעדיגע לויה וואס האט בעגלייט דיזע אונשולדיגע אָפפער; אנגסט־געשרייען אונד געוואלדען האבען פערהילכט דיא פינסטערע נאכט; דיא עלטערען פון וועלכע מען האט אוועק געריסען זייער גאנצען גליק, זייער לעבען, זיינען געלאָפען נאך דיא וועגען מיט צובראָכענע הערצער, קלאָגענדיג אויף דעם שרעקליכען גורל פון זייערע אונגליקליכע קינדער, וועלכע האבען וויינענדיג זייערע קליינע הענדלאך אויס געשטרעקט צו זייערע טאטעס אונד מאמעס, בעטענדיג אום הילפע אונד רעטונג, אבער דיא אונמענשליכע קאָזאקען האבען באלד געמאכט א סוף פון דיזע גרויזאמע סצענע; דיא עלטערען האט מען מיט נאגייקעס ביז צוריק צום דאָרף פעריאַגט, אונד דיא אונשולדיגע קינדער האט מען מיט מכות אכזריות אזוי שטיל געמאכט, אז זייא האבען שוין מורא געהאט אפילו דען אטהעם אב צו ציעהען.

אויף זאָ איין אופן האט גענעראל דרודקאָף איין געשטיללט דיא מרידה אין טאגאַנראָג; שולדיגע אונד אונשולדיגע זיינען פערשיקט געוואָרען נאך סיביר; דיא אידען, וועלכע וואסילעוויטש האט פערמסר׳ט אלס אנפיהרער, האט ער שוין געגעבען א ביסעל צו פיהלען זיין מערדערישע מאכט, אונד ער דיינקט נאך מיט זייא ווייטער זיך אָבצורעכענען. אָט אזעלכע געמיינע קערעל׳ס וויא וואסילעוויטש זיינען דיא רוססישע טרייע בירגער אונד אזעלכע נידערטרעכטיגע באנדיטען וויא דרודקאָף זיינען דיא רוססישע רעגיערער!

## 5. קאפיטעל,

### דיא קליינע דעזערטירען.

דיא פוהרען מיט דיא לעבענדיגע יתומים זיינען שוין אָבגעפאהרען א שטיק וועג פון דאָרף. אָנפאנגס זיינען דיא אינגלאך געלעגען אזוי וויא ערשטארט פון שרעק; ביסלאך ווייז האבען זייא זיך דענאך עטוואס ערהאָלט, אונד אָן געהויבען זיך צו שושקענען, טרייסטענדיג איינער דעם אנדערען וויא ווייט דאס איז מעגליך געוועזען אין זייער עלענדע לאגע. דער קליינער יאנקעלע האט אָנגעפאנגען צו וויינען, ווייל יעצט האט ער דערשפירט נאך מעהר יסורים פון זיין צוריסענעם אייער אונד אויס געבראָכענע האנד, אבער דיא ווילדע שטיממע פון א קאָזאק האט איהם באלד שטילל געמאכט, אונד ער האט זיך איין גע־טולעט אין זיין ברודערס שויס ביז ער איז ענדליך איין געשלאָפען. אויף מארגען, זונטאג 9 אוהר אין דער פריה איז דער גאנצער טראנספאָרט אָן געקוממען אין אלעקסאנדראָווסק, אונד דיא קליינע רעקרוטען זיינען געבראכט געוואָרען צום גובערנאטאָרס פאלאטץ. דער פרומער גענעראל דרודקאָף פלעגט געוועהנליך אום זונטאג זיך ניט בעשעפטיגען מיט זיינע אמטליכע פפליכטען, אבער פיר אזא וויכטיגע זאך, וואו עס האנדעלט זיך וועגען מאטערען אידעשע קינדער, האט ער זיך ערלויבט צו מאכען איין אויסנאהמע. מען האט זייא אויסגעשטעללט אללעמען בייא איהם אויפ׳ן הויף, דער גובערנאטאָר איז באלד ארויס געגאנגען, דורך געזעהען יעדען בעזונדער, געהאלטען א רעדע וואס פיר א טובה דיא רעגיערונג מיינט זיא צו טהון דאמיט, וואס זיא וויל זייא מאכען פיר עהרליכע קריסטען אונד טרייע סאָלדאטען, אונד דאַן האט ער געהייסען אָן קליידען דיעניגע וואס מען האט געבראכט, וויא מען האט זייא ארויס געשלעפט פון בעט נאקעטער הייט. צו דיזען צוועק וואָרען בענוטצט טראַנטעס אונד שמאטעס, וועלכע דיא

שקצים פון דעם גובערנאטארס קנעכט האבען שוין אוועק געווארפען, דאן האט מען דיא קינדער ווידער צוזאממען געזעצט אויף פוהרען אונד מיט א שטרענגע בעוואכונג אב געשיקט נאך חארקאוו.

אומעטיג אונד טרויעריג איז געוועזן דיעזע לאנגע רייזע. ארום מיטאג צייט זיינען זיא אן געקוממען אין א קליינעם דערפעל, וואו מען האט זיך אבגעשטעללט עססען, יעדען פון דיא אינגלאך האט מען דערלאנגט א שטיק ברויט בעשמירט מיט חזר. דיא הונגעריגע קינדער האבען זיך דאצו ניט אן געריהרט; איינער פון זייא האט שוין געוואללט א ביס טהון אבער דער רעליגיאנס-געפיהל האט איהם אבגעהאלטען.

„עסס דאס ניט" האט מענדעל איהם שטיללערהייט געזאגט „דאס איז טרפה."

„פארוואס פרעסט איהר ניט?" האט מיט כעס געפרעגט איינער פון דיא סאלדאטען.

מענדעל אלס דער עלטערער פון דיא קליינע רעקרוטלאך האט געענטפערט „מיר טארען דאס ניט עססען, עס איז טרפה."

„אהה, איהר פערפלוכטע אידען!" האט דער סאלדאט אויס געריפען „פאר אונז זיינען דיעזע שפייזען גוט אונד פיר אייך ניט? נעהם, פרעסס דאס דיא מינוט!" אונד מיט דיעזע ווערטער האט ער גענוממען איינעם פון דיא אינגלאך שטופען א שטיק חזר אין מויל.

„וואס האסטו צו טהון? זאללען זייא פגר'ן פון הונגער אז זייא וויללען ניט פרעססען!" האט זיך אבגערופפען איין צווייטער סאלדאט, דאמיט האט זיך דיא זאך געענדיגט אונד דיא אינגלאך זיינען געבליעבען ניט געגעססען.

דיא פראכטפאללע שיינהייט פון דער לאנדשאפט, דורך וועלכע זייא זיינען יעצט געפאהרען, דיא ליכטיגע שטראהלען פון דער זונן אויף דעם ריין בלויען הימעל, דער לוסטיגער געזאנג פון דיא פויגעלאך אין דיא ארומיגע וועלדער, דאס אללעס האט דיא עלענדע קינדער וועניג פערגניגען געמאכט. פיר זייא איז דיא גאנצע וועלט געווען א פורכטבארער מדבר, א פינסטערע וויסטענים, אבער דער אונגליק האט דעם יונגען מענדעל'ס בערעכנונג ערוועקט; פערשיעדענע געדאנקען וויא זיך צו רעטטען, האבען אין זיין טהעטיגען מוח געארבייט, ענדליך האט ער בעשלאססען אז דיא בעסטע זאך איז צו ענטלויפען.

„אהה, ווען איך וואללט נור געקענט מיט נעהמען יאנקעלען אונד קוממען צו אונזער אנקעל אין קיעוו" האט ער בייא זיך געטראכט.

פלוצלינג האט ער מוטה געפאסט אונד זיך געווענדעט צו איינעם פון דיא סאלדאטען מיט א פראגע.

„זייט אזוי גוט, ערקלערט מיר, וואס וויל מען מיט אונז מאכען?"

„דאס וועסטו שוין וויססען אז מיר וועללען קוממען אין חארקאוו." האט דיעזער ברומענדיג געענטפערט. דיא נאכריכט אז מען פיהרט זייא נאך חארקאוו האט אין מענדלען נאך מעהר האפנונג ערוועקט; פון זיין אנקעל'ס ערצעהלונג האט ער געוואוסט אז דיעזע שטאדט איז ניט ווייט פון קיעוו; ווען עס זאלל זיך נור געפינען א גוטע געלעגענהייט צו דעזערטירען. אונד צו ענטלויפען אין קיעוו צום אנקעל, וואללט ער שוין געווען געזיכערט."

געגען נאכט האט זיך דער הימעל פערצויגען מיט וואלקענס, דער וועטטער איז געווארען שטורעמדיג אונד פייכט, אלס דער טראנספארט איז אן געקוממען אין א קליינעם ארמען דארף. דארט האבען זיך דיא סאלדאטען, אבגעשטעללט נעכטיגען אין

דיא איינציגע שמוטציגע קרעטשמע וואס האט
זיך דאָ געפונען; דיא אינגלאך האט מען
אריין געפיהרט אין א שייער, יעדען פון זייא
צו געוואָרפען א שטיק ברויט אונד פערשלאָ־
סען דיא טהיר. דיא ארמע רעקרוטלאך האבען
זיך שוין ריעזעס מאהל געלאָבט מיט דיא
טרוקענע ברויט, ניט קוקענדיג אויב עס איז
כשר צו נים. מיט ביטערע זיפצען אונד קלאָגען
האבען זייא פערצעהרט דיא איינפאכע שפייזע
ליעגענדיג אין דעם פינסטערען שייער אויף
א ביסעל שטרויא. ניטא מעהר קיין פאטער
אונד מוטער וועלכע פלעגען זייא מיט צער־
טליכע קוססען אונד ליעבליכע אומארמונגען
פערשלעפערן, אנשטאט דעם ווערען זייא
יעצט יעדע מינוט געפייניגט אונד געשלאָגען
פון זייערע אומבארעמהערציגע וועכטער;
אנשטאט דיא זיסע היים ליעגען זייא יעצט אין
דיעזען בלאָטיגען שייער, איין געוויקעלט אין
שמוטציגע טראַנטעס, פערהונגערט אונד ער־
שטארט פון קעלט.

„קינדער" האט מענדעל צו זייא געזאגט
„וויינען אונד קלאָגען וועט אונז ניט העלפען.
מיר מוזען זעהען צו ערטראַגען אונזער אונגליק
מיט מוטה; לאָמיר בעססער דענקען אוים צו
געפינען דיא מעגליכקייט וויא צו ענטלויפען,
אונד דאן זאָללט איהר ניט געהן צורוק אהיים,
דען דאָרט וועט מען אייך געוויס זוכען אונד
ווידער צו נעהמען. יעדער פון אייך זאָלל
געהען בעזונדער אירגענד וואו אין א אידעשע
שטאדט, וואו איהר וועט געפינען רחמנות אונד
מען וועט אייך בעהאלטען אונד פערזיכערען."

מיט דיעזע אויסזיכט האט מענדעל גע־
טרייסט זיינע אונגליקליכע קאמראדען; א קורצע
צייט האבען זייא נאך וועגען דעם צווישען זיך
גערעדט אונד פּראָיעקטירט ביז דיא מידיג־
קייט האט זייא ענדליך פערשלעפערט.

אויף מאָרגען גאַנץ פריה האט מען דיא
קינדער אויף געוועקט, אום דיא וייטערע רייזע
אָן צופאַנגען. היינט ווארען דיא פיהרער שוין
אנדערע סאָלדאטען, וועלכע זיינען געוועזען פיעל
פריינדליכער וויא דיא נעכטיגע. זייא האבען
זאגאר זיך אריין געלאָזען מיט דיא יונגע רעק־
רוטלאך אין א געשפרעך, געלאכט, גערעדט
אונד ערקלערט וואס זייא ערווארטעט אין
דער נעכסטער צוקונפט, וויא מען וועט זייא
אין חארקאָוו פאַנאַנדער שיקען אין פערשיע־
דענע קאַזארמעס פון דער גאַנצער אומגעגענד,
וואו זייא וועללען מוזען שווער אונד ביטטער
ארבייטען, שטעהען אונטער א שטרענגע
סאָלדאטען־ערציעהונג, ביז מען וועט זייא אָב־
געוואָהנען פון דיא פערצווינגענהייט אונד ציטע־
רינקייט, מיט וועלכע זייערע עלטערן האבען
זייא אויף געהאָדעוועט, אונד אויך פון דען
נארישען אידעשען גלויבען, אין וועלכען זייא
זיינען ערצויגען געוואָרען.

בייא א נאסען אונפריינדליכען וועטער איז
דער טראַנספאָרט פון דיא אינגלאך, וועלכע
האבען געציטערט פון קעלט אונד מורא, ענד־
ליך אָן געקוממען אין חארקאָוו. דער גאָהני־
זאָנער־קאָממאנדיר, איין אלטער גריממיגער
אָפיציער, האט דיא רעקרוטען אָן גענוממען,
אונד יעדען פון זייא מכבד געוועזען מיט א פאטש
פון זיין בערישע לאפע; נאכדעם האט ער דיא
פארטיע צוטהיילט פאאר־וויז, אונד געהייסען
יעדע פאאר אוועק פיהרען נאך איין בע־
שטיממטע קאַזארמע. מענדעל מיט יאַנקעלען
זיינען געבליעבען אין איין פּאאר, ניט ווייל
זייא זיינען געוועזען ברידער, גראדע פערקעהרט;
ווען דער גרויזאַמער אָפיציער זאָלל דאס וויססען
וואָלט ער זייא געוויס געשיידעט, נור ווייל זייא
זיינען צופעליג געשטאנען צוזאממען. יעדע
פאאר רעקרוטלאך זיינען איבער געגעבען גע־

וואָרען צו א סאָלדאט אונד אוועק געפיהרט געוואָרען אזוי וויא דיא ארמע שעפסעלאך צו דער שחיטה.

דען ערסטען מאל אין זייער לעבען האבען דיא צווייא ארמע דאָרף אינגלאך מענדעל אונד יאנקעלע געזעהען א גרויסע שטאָדט. דיא הויכע מויערען, דיא גרויסע רייך געפוצטע מאגאזינען, דיא רוישענדע סטראססען, פולל מיט בעשעפטיגטע מענשען, דיעזע וועלט מיט נייע ערשיינונגען האט אויף זייא געמאכט א טיפען איינדרוק. זייא האבען אויף א ווײלע פערגעססען דיא פערלאָרענע ליעבליכע היים, דיא טרויריגע עלטערען, זייער יעצטיגע עלענדע לאָגע אונד דיא שרעקליכע צוקונפט וואס ערוואַרטעט זייא. מיט קינדישע נייגיעריגקייט האבען זייא זיך אבגעשטעללט איבעראלל קוקען אונד בעטראכטען דיא וואונדערבארע איבערראשענדע סצענעס, פון וועלכע זייא זיינען געוואָרען איממער מעהר ערשטוינט אונד ענטציקט, אבער יעדעס מאהל האט זייא דער פיהרער, דער סאָלדאט, מיט א שטויס פון הינטען ערינערט שנעללער צו געהען. דיעזער סאָלדאט, א דרייסטיגער פיינער קערל, איז אויך געוועזען שטארק פעראינטערעסירט מיט אללע אנזיכטען פון זיין געבורטס שטאָדט חארקאָוו, וועלכע ער האט פערלאָזען מיט אייניגע יאהר צוריק: וועהרענד דיעזער צייט האט זיך היער פיעלעס געענדערט; מאנכע גאססען שיינען איהם גאנץ אונבעקאנט; נייע מויערען אונד ציערליכע געביידען שטעהען אויף דעם אָרט פון דיא פריהעריגע קליינע הייזלאך, אבער דענאך דערקענט ער פיעלע שטעלען, וואס זיינען איהם ליעבליך אונד טהייער אלס דיא ערינערונג פון זיין יוגענד, אונד א שמייכעל פון צופריעדענהייט ערשיינט אויף זיין אָבגע־ברענטעם געזיכט. אין דיעזען אויגענבליק האט איהם פלוצלינג בעגעגענט א מאן, וועלכער קומט איהם פאָר עטוואס בעקאנט; דיעזער האט זיך אויך אבגעשטעללט איהם בעטראכ־טענדיג, אונד באלד נאכדעם האבען זייא איינער דען אנדערען מיט גרויס שמחה דיא הענד גערייכט.

„קאנטעראָוויטש!“ האט אונזער סאָלדאט מיט פרייד אויס גערופען „בייא אללע היילינע! וואס מאכסטו ברודער? וויא געהט עס?“

„זעהר גוט, ליעבער פריינד פאָלאטשעק.“ האט דיעזער געענטפערט „איך האב שוין ווירקליך ניט גערעכענט דיר אין חארקאָוו צו בעגעגנען, וויא געהט עס דיר אין דיענסט?“

דיא צווייא פריינדע האבען זיך אריין גע־לאָזען אין א הערצליכען געשפרעך, וועגען פיעלע בעגעבענהייטען וואס האבען פאסירט פון דער צייט זינט זייא זיינען געשיידעט גע־וואָרען, וועגען דיא סיבות וואס האט געטראָ־פען מיט זייערע פערוואנדטע אונד בעקאנטע אונד נאך אזעלכע זאכען, „אבער זאג מיר וויא קומסטו צוריק אין חארקאָוו?“ האט ענדליך דער מאן בייא איהם געפרעגט“ איך האב געדאכט אז דוא שטעהסט נאך אין דער קאמאנדע בייא דיא עסטרייכשע גרענעץ.“

„יא, דאָרט בין איך דיא לעצטע צייט געוועזען, אבער מען האט מיר געשיקט אהער דיא רעקרוטען צו... היילינע גאָטעס מוטער! וואו זיינען אהין געקוממען דיא אינגלאך?“

אבער דיא אינגלאך זיינען פערשוואונדען געוואָרען; זייא האבען פערגעססען דעם זייא געזונד אונד זיך אָבגעטראָגען. אומזאנסט האט זייא פאָלאטשעק מיט זיין גוטען פריינד גע־זוכט איבעראלל אין דיא ארומיגע הייפען אונד אין אללע גאססען; אומזאָנסט האבען זייא נאך געפרעגט בייא יעדען פארבייא געהענדען סאָלדאט; עס איז פון דיא קליינע דזוערטירלאך

אין ערגענץ קיין שפור געווען צו געפינען אונד קיינער האט זייא ניט געזעהען.

דער ארמער פּאַלאַטשעק האט זיך ענדליך געלאָזט טרייסטען פון זיין גוטען פריינד; נאכ־דעם וויא ער האט זיך געשטארקט מיט אַ קוואַרט גוטע ספּיריטעס איז ער צוריק גע־גאנגען אין זיין קאזארמע, אום דיא נעכסטע ניינציג טעג זיך צו אמוזירען אויף ברויט מיט וואסער אין דיא מיליטערישע טורמע, פיר זיין גרויסע זינד וואס ער איז געווען אונפּארזיכטיג אין דיענסט אנגעלעגענהייטען.

## 6. קאַפּיטעל.

### דיא אונגליקליכע וואנדערער.

מיט דיא גוטע געלעגענהייט צו ענטלויפען האט דער קלוגער מענדעל אין איין אויגענ־בליק זיך בענוצט. אלס ער האט געזעהען אז דער סאַלדאַט פּאַלאַטשעק איז פערטיעפט אין אַ ליעבליכען געשפּרעך מיט זיין בעקאנטען, האט ער אָן גענוממען זיין קליינעם ברודער בייא דער האַנד אונד זיך מיט איהם אריין געדרעהט אין אַ געדריכטען אויפלויף מענשען, וועלכע זיינען דאן גראדע היער געשטאנען קוקענדיג אויף אַ טרופּפּע פארבייא פאהרענדע קאָמעדיאנטען; דאן זיינען ביידע קינדער געלויפען מיט דיא נעכסטע סטראססע אזוי שנעלל וויא זייערע שוואכע פיסלאך האבען זייא געקענט טראגען אונד האבען זיך ניט אָב געשטעללט אפילו דעם אָטהעם אָב ציעהען ביז זייא זיינען געקוממען אויסען שטאדט, וואו דער קליינער יאנקעלע איז געפאללען צו דער ערד אָהן קרעפטען.

„גאָט צו דאנקען, מיר זיינען פרייא, פרייא!‟ האט מענדעל טאנצענדיג פון שמחה אויס גערופען.

אבער יאנקעלע איז געלעגען אויף דער ערד וויינענדיג‟ אָה, איך בין אזוי מיעד, אזוי הונגעריג!‟.

„וויין ניט, קינד,‟ האט מענדעל צו איהם געזאגט „קום, לאָמיר אויס געפינען דיא וועג נאך קיעוו, דאָרט וועט שוין דער אָנקעל פיר אונז זאָרגען.‟

„אבער מענדעל, איך ווייס ניט אויב איך וועלל קענען אזוי ווייט געהען.‟

„דוא מוסט, יאנקעלע, דוא מוסט זיך שטארקען; אויב מיר וועללען דא לאנג פער־בלייבען וועט מען אונז באלד חאפּען אונד אריין זעטצען אין טורמע; קום, ברודעריל, לאָמיר לייפען שנעלל, פיללייכט וועללען מיר געפינען אַ אידעשען דאָרף, וועט מען אונז בעהאלטען ביז דוא וועסט געזינטער ווערען.‟

דאס קינד האט זיך מיט אללע זיינע קרעפטען אויף דיא פיס געשטעללט אונד ביידע זיינען אוועק געקראָכען ווייטער אין זייער רייזע דורך דיעזע אונבעקאנטע געגענד.

דיא הערליכע פריהלינגס זונן האט מיט איהרע ליכטיגע שטראהלען פערגאָלדעט דיא דונקעלע וואָלקענס; דיא פּראכטפּאָללע לאנד־שאפט האט זיך פאָרגעשטעלט אין איהר גאנצע שיינהייט; דיא נאטור האט איבעראלל אויס גענאָסען איהר פארפומירטע לופט אונד אומעטום האט זיך דאס נייע לעבען ערוועקט; דיא פייגלאך האבען געלאָזט הערען זייער פרעהליכען קאָנצערט, דיא בוימער האבען זיך אויס געפוצט אין זייערע גלענצענדע בליהונגען אונד אללעס האט בעצייכענט דיא אנקונפט פון דיא גליקליכע יאהרעס צייט, פון דעם יונגען פריהלינג. אַ שווערער זיפץ האט זיך ארויס געריסען פון מענדעל'ס ברוסט, אלס ער האט זיך ערינערט דיעזע צייט אין דער היים, ווען זייער פאטער פלעגט געהען מיט זייא שפּאַציערען דורך פעלד אונד וואלד; וויא

שעהן אונד איינפאך ער פלעגט ערקלערען דיא ערשיינונגען דער נאטור, דיא געטליכע מאכט אונד וואהלטהאט וואס האט דאס אללעס בעשאפען; יא, דאס איז געווען איינע פרייד־ליכע צייט פון פערגנינגען! אבער יעצט, — וואס פיר איין שרעקליכער קאָנטראסט! מרערען האבען זיך געשטעללט בייא דעם ארמען מענדעל אין דיא אויגען, אבער ער האט זיך איין געהאלטען, זיין קליינער ברודער דארף ניט זעהען דאס ער ווייגט; אונד נעהמענדיג יאנקעלען פאר׳ן האנד האט ער איהם שנעל־לער ווייטער געפיהרט.

אומעטיג אונד לאנגוויילינג איז געווען דיא רייזע פיר דיעזע צווייא אונגליקליכע קינדער, זייא זיינען אימּמער ווייטער אונד ווייטער גע־גאנגען אָהן צו וויססען וואו זייא וועללען הינ־קוממען אונד ווען עס וועט נעהמען א סוף פון זייער וואנדערען. זייא זיינען אימּמער ווייטער אונד ווייטער געקראָכען, דורך פעלד אונד וואלד, איבער זומפען אונד שטיינער, אום נור דיא גרויסע וועג אוים צו מיידען, וואו דיא פערפאָלגער וואָללטען זייא געקענט לייכט ער־רייכען. יעדעס מאָהל ווען זייא האבען דערזעהען א מענשליכעס בעשעפנים איז אויף זייא א ציטערנים ארויף געפאללען, טאָמער איז דאס א סאָלדאט וואס איז געשיקט געוואָרען זייא אויף צו זוכען אונד ארערעטירען. אזוי האבען זיך דיא קינדער געשלעפט ביז עס איז ענדליך נאכט געוואָרען אונד דיא פינסטערנים האט זייער ווייטערע רייזע פערהינדערט. אין א פער־לאָזענע קליינע חורבה האבען זייא געפונען איין אָרט צו איבערנעכטיגען; אָנגעשפארט אויף א שטיין האבען זיך דיא ברידער אום געארמט אונד איין געשלאָפען.

שפראָטין אויף טאג דען פאָלגענדען מאָר־גען האבען זייא ווידער אָנגעפאנגען זייער טרוירינגען גאנג. אין דער פריה וואר נאך דאס וועטער שעהן, אבער אין א קורצע צייט ארום האבען פינסטערע וואָלקענס פערשטעללט דיא זונן; א קאלטער צפון ווינד האט אָנגעפאנגען צו בלאָזען, וועלכער איז געוואָרען אימּמער שטארקער אונד שטארקער.

„מענדעל״ האט ענדליך יאנקעלע ווייגענ־דיג געזאגט „איך בין דאך אזוי הונגעריג אז איך קען שוין מיינע פיסלאך ניט דערשלעפען. ווען איך וואָללט נור האבען א שטיקעלע ברויט מיין נשמה מחיה צו זיין!״

„לאָמיר נעהען שנעללער״ האט מענדעל געענטפערט „פיללייכט וועללען מיר קוממען צו אירגענד וועלכען דאָרף.״

נאך א שטונדע האבען זייא דיא לעצטע כוחות אנגעווענדעט ווייטער צו קוממען. אום דיא צייט צו פערקירצען האט מענדעל דער־צעהלט זיין ברודער פערשיעדענע מעשה׳ס וועלכע ער האט אלס קינד געהערט.

יאנקעלע האט זיך ענדליך אוועק געזעצט אויף דער ערד.

„פערפאללען, ברודער, איך שטארב פון הונגער, איך קען זיך מעהר פון אָרט ניט ריהרען.״

„יאנקעלע!״ האט מענדעל מיט פרייד אוים גערופען „אָט זעהסטו פון וויטען הייזער, דאס איז א דאָרף, דאָרט וועללען מיר שוין געפינען עטוואס צו עססען.״

ענדליך זיינען דיא ארמע קינדער געקוממען צו א קליינע אלטע שטיבעל אונד אָן געקלאפט אין טהיר, א פריינדליך אויסזעהענדע פרויא האט געעפענט אונד בעטראכט דיא אבגע־ריססענע אונד פערשטויבטע וואנדרער מיט רחמנות.

„מיר זיינען זעהר הונגעריג״ האט מענדעל געבעטען „שענקט אונז א שטיקלע ברויט.״

„ווער זייט איהר, עלענדע, אונד פון וואנען קוממט איהר?" האט דיא פרויא מיט ער־בארעמען נעפרעגט.

„מיר ווילען געהן נאך קיעוו" האט מענ־דעל געענטפערט „דארט האבען מיר גוטע פריינד. אה, האט רחמנות! לאזט אונז ניט שטארבען אויפ'ן מיטען וועג."

„איך זעה אפילו אז איהר זייט אידען, אבער עס מאכט ניט אויס, קוממט אריין אין הויז, ווארעמט זיך אן." מיט דיעזע ווערטער האט דיא פרויא זייא אריין געפיהרט אין איהר שטיבעל אונד באלד זיינען דיא קינדער גע־זעססען נעבען א לוסטיגען פייער, וועהרענד דיא ווירטהין איז געווען בעשעפטיגט פיר זייא שפייז צו בערייטען. אונטערדעססען האט זיך אין מענדעל'ס יונגען הערצען אויף געהייבען א קאמפף צווישען הונגער אונד רעליגיאנס־געפיהל: קוקענדיג אויף דיא געשמאקע טרפה מאכלים איז איהם געלאפען דיא שפייעכץ פון מויל, אבער דיא רעליגיאן איז נאך זיין בעגריף פיעל הייליגער וויא דאס לעבען. דערווייל האט יאנקעלע קיין פיעל שאלות ניט געמאכט, נאך איידער מענדעל האט זיך געענדיגט מישב זיין האט ער שוין געדוקט ברייטע ביסענס אין מויל, אום זיין הייסען הונגער צו שטיללען.

„עס איז אפילו א גרויסע עבירה" האט דער פרוממער מענדעל בייא זיך געטראכט „אבער דער אויבערסטער וועט עס געוויס מוחל זיין" אונד מיט דיעזען געדאנקען האט ער נאך געפאלגט יאנקעלע'ס ביישפיעל.

דיא גוטע פרויא האט מיט פיעל פער־גניגען בעטראכט וויא דיא אינגלאך האבען געשלונגען דאס עססען, אויף איהרע פיעלע פראגען וועגען זייער רייזע אונד זייער היים האט זיא בעקוממען אונבעשטיממטע אנט־ווארטען. פיללייכט זיינען דיעזע קינדער ענט־לאפען פון זייערע עלטערען אונד יעצט ווילען זייא צוריק נאך הויז קוממען, האט זיא בייא זיך געדאכט.

געזעטיגט אונד אויסגערוהט זיינען דיא אינגלאך ארויס פון דיעזען הויז, נאכדעם וויא זייא האבען מיט פיעל דאנק אבשייד גענוממען פון דער פריינדליכען ווירטהין, אונד זייער ווייטע־רע רייזע אנגעפאנגען, וואו דיא אויגען האבען זייא געטראגען. שטונדען לאנג זיינען זייא אזוי געגאנגען, אונד איממער געזוכט אויס צו מיידען דיא גרויסע וועג, אום זיך פון דיא סאלדאטען אויס צו היטען. מענדעל האט וויא ווייט מענ־ליך זיין קליינעם ברודער געשטיצט אונד גע־טרייסט מיט ווערטער פון האפנונג אונד מוטה.

ארום מיטאג צייט איז דער היממעל גע־ווארען זעהר דונקעל; א שרעקליכער שטורם ווינד האט אנגעפאנגען צו רוישען איבער דיא טרויריגע לאנדשאפט אונד דיא ערסטע קלעפ פון א געוואלדיגען דאנער האבען אויף דיא עלענדע קינדער ארויף געיאגט א געפיהל פון אוננעהויערע פורכט אונד מורא. דיא געגענד דורך וועלכע זייא זיינען יעצט געגאנגען איז געווען פאלקאממען פערלאססען; קיין שפור פון אירגענד וועלכע מענשליכע וואהנונג, קיין שטיקעל ביידעל אדער ווייניגסטענס א חורבה, וואו זיך צו בעשיטצען, איז אין ערגעץ ניט גע־ווען צו זעהען; דיא וועג איז געווען איבעראלל פולל מיט שטיינער אונד דערנער, וועלכע האבען זייא דיא גרעססטע הינדערניסע אונד שווירינקייטען געמאכט. ענדליך איז יאנקעלע געפאללען אויף דער ערד מיט א ביטערען געוויין.

„איך בין מיעד אונד קראנק. איך קען שוין ווייטער ניט געהען." האט דאס ארמע קינד געקלאגט.

„שטארק זיך מיין ברודעריל" האט מענ־דעל געבעטען „זעה וואס פיר א שטורם עס

קוממט אַן, מיר מוזען לויפען געפינען איין אָרט וואו זיך צו בעהאלטען."

נעהע אליין מענדעל, איך וועלל דאָ פער־בלייבען."

אבער וויא יאנקעלע האט נור דיעזע ווער־טער אויס גערעדט האט פלוצלינג אויסגע־בראָכען אַ פלאַממינגער בליטץ, אויף אַ סעקונדע איז דיא גאנצע געגענד בעדעקט געוואָרען אזוי וויא מיט אַ ים פייער, אונד אין דעמזעלבען אויגען בליק האבען אָנגעפאנגען צו קנאַללען פירכטערליכע דונער קלעפּ, זאָ דאס דער ארמער אינגעל איז מיט אַ געשרייא פון טויט־שרעקען אויף געשפרונגען פון זיין אָרט.

„קום שנעללער ברודער, גאָט זאָלל אויף אויף אונז רחמנות האבען! מיר קענען דאָ חלילה אום קוממען!"

מיט דיעזע ווערטער האט מענדעל איהם געכאַפּט פארען האנד אונד דיא קינדער זיינען מיט דער לעצטע קרעפטען ווייטער געלאָפען. דער היממעל איז געוואָרען נאך פינסטערער, דיא וואָלקענס געדיכטער; עס האט ארויס געפלאַצט אַ שלאַקס רעגען; דיא קולות פון דעם אונגעוויטער צומישט מיט דעם דאָננער־געבריל האבען דיא גאַנצע נאַטור ערשיטערט; איין אונערבאַרמליכע נאָרד־ווינד האט ארויף געיאָגט שארפע שניידענדע קעלט אויף דיא גאַנצע וויסטעניס. דיא קינדער זיינען ביז צו דיא ביינער דורך געווייקט געוואָרען, דיא נאַשקייט האט זייערע גליעדער איינגעפראָרען אונד זייערע בעוועגונגען זיינען געוואָרען איממער שוואַכער.

„לאָז מיר שטאַרבען" האט יאַנקעלע גע־זיפצעט פאללענדיג צו דער ערד.

מענדעל האט יעצט אויך געזוכט מיט אללע מעגליכקייטען זיין קליינעם ברודער אויף צו מונטערען, אבער דיעזעס מאָל האבען שוין זיינע ווערטער ניט געהאָלפען; יאנקעלע איז געלעגען האלב אין אָהנמאַכט אונד האט שוין ווענינ געקענט הערען זיינע רייד; ער האט פּרובירט איהם אויף הייבען טראגען אויף זיך, אבער זיינע איינענע קרעפטען ווארען צו שוואך, זיינע גליעדער זיינען געוועזן אזוי וויא געלעהמט פון קעלט אונד מידינקייט. „וואס זאָלל איך טהון? אָה, ליעבער גאָט! רעטטע מיין אונ־שולדיגען ברודער! וויא זאָלל איך יעצט קוממען אליין צו אונזערע עלטערען, אָדער זאָללען מיר דאָ ביידע שטארבען אויף'ן פעלד?"

אין דיעזער מינוט האט עס אנגעפאנגען עטוואס ליכטיגער צו ווערען; דער ווינד האט דורך געריססען דען געדיכטען טומאַן אונד מענדעל האט פון ווייטען דערזעהען איינינע הייזלאך; דער העלדישער אינגל איז ווידער פאַללקאָממען מוטהיג געוואָרען.

„יאנקעלע; ליעבער ברודעריל! מיר זיינען גערעטעט!" האט ער זיך מיט גרויס שמחה צו זיין אָהנמעכטיגען ברודער אָבגערו־פען „זעהסטו דא ניט וויט דען דאָרף? איך לויף אהין רופען מענשען צו הילפע, שרעק זיך ניט מיין יאנקעלע, זייא מוטהיג! באלד וועלל איך קוממען צוריק; דער רעגען הערט שוין אויף אויף." מיט דיעזע ווערטער האט מענדעל פון זיין בעוואוסטלאָזען ברודער מיט צערטליכע קוססען אָבשייד גענוממען אונד איז אוועק גע־לאָפּפען, נאר דער ריכטונג וואו דער דאָרף איז געשטאַנען.

דונער, בליטץ אונד אונגעוויטער האבען זיך שוין געהערט פיעל ווייטער, דיא געדיכטע וואָלקענס זיינען שוין גרעסטענטהיילס פארבייא געגאַנגען פון דיעזער געגענד, דער רעגען האט עטוואס נאך געלאָזען אונד ערטער ווייז האט זיך בעוויעזען דער קלארער בלויער היממעל, בעלייכטעט מיט העררליכע זאָננענשטראַהלען,

וועלכע האבען דיא פינסטערניס איממער ווייטער אונד ווייטער געיאָגט. אין אייניגע מינוטען נאכדעם וויא מענדעל איז אוועק גע־גאנגען איז צו דיעזער שטעללע צו געפאָהרען א פערמאכטע קארעטע;דער קאצאפישער פוהר־מאן, איין געוויקעלט אין זיין גרויסען פעלץ, האט דענאך געברומט אונד געפלוכט אויף דען שלעכטען וועטער; דיא פערד וועלכע זיינען ביז יעצט זעהר גוט געלאָפען; האבען זיך פלוצלינג מיט שרעק צוריק נעצאגען אונד אין דיעזען אויגענבליק האט דער פוהרמאן דערזעהען אז אין מיטען וועג נעבען דיא רעדער ליעגט איין אָהנמעכטיגעס קינד.

,,וואס איז דער מעהר, איוואן?" האט א פרויען שטיממע פון אינוויינינ געפרעגט ,,וואס האט דאָ פאסירט?"

,,איהרע דורכלויכט," האט דער פוהרמאן ראפאָטירט ,,א האלב טויטער קליינער יונגע ליעגט אין מיטען וועג."

,,ברענג איהם אהער," האט א בעפעהל נענעבען דיא אריסטאָקראטישע דאמע, וועלכע וואר קיינע אנדערע אלס דיא גרעפין דרענטעל פון לובני.

,,אָה, וואס פיר א שעהנעס קינד!" האט דיא גרעפין אוים נערופען. בעטראכטענדיג דען אָהנמעכטיגען יאנקעלען, וועלכען דער פוהרמאן האט יעצט נעבען איהרע פיס גע־לעגט ,,דער ארמער יונגע מוז זיין אין א גע־פעהרליכען צו שטאנד."

,,מען דארף איהם אריין גיסען א ביסעל שנאפס אין מויל." האט איוואן איין עצה גע־געבען, דען ער האט פון זיין לאנג יעהריגע ערפאהרונג געוואוסט אז בראנפען איז צו אללעס דיא בעסטע רפואה. ווירקליך האט אויף יאנקעלען דיעזעס מיטעל איין גוטען איינפלוס געהאט, דען ער האט אויף איין

מאָמענט געעפענט דיא אויגען זאָגענדיג. ,,ווארט אויף מיר מענדעל, איך וועלל גלייך אונטערקוממען." אונד איז דאן רוהיג איין געשלאָפען.

,,פאהר שנעלל ווייטער." האט דיא גרעפין דעם פוהרמאן געהייסען ,,מיר מוזען זעהען וויא שנעללער נאך איין גאסט הויז צו קוממען, דען ארמען יונגע צו רעטטען."

צו דערזעלבער צייט איז מענדעל געקוממען צו לויפען אין דאָרף אונד האט אָן געקלאפט אין דיא ערסטע הויז: א גריממינער פויער האט געעפענט דיא טהיר אונד געפרעגט מיט כעס.

,,וואס דארפסו דאָ."

,,דער אונגעוויטער האט אונז געחאפט אין וועג; מיין קליינער ברודער ליעגט דאָ ניט וויים אין אָנמאכט. זייט אזוי פריינדליך העלפט מיר איהם בריינגען אין דאָרף."

,,דוא ביסט א איד, ניין?"

,,יא מיין העררי" האט מענדעל מיט א פערצאגטע שטיממע געענטפערט.

,,געהע ווייטער! איך וויל זיך וועגען א פערדאממטען אידען קיין מיהע מאכען" האט דער גראָבער פויער אויס גערופען צו האקענדיג דיא טהיר.

אומעטיג איז מענדעל געלאָפען ווייטער; איינע גוטהערציגע פרויא האט איהם געצייגט וואו דיא אידעשע שכונה איז. ,,אין קלויז גע־פינען זיך אימער אייניגע מענשען" האט מענדעל בייא זיך געראכט אונד איז באלד דאהין אריין געגאנגען. דיא אנוועזענדע האבען אויס געהערט זיין טרויריגע ערצעהלונג אונד אין הערצען בייא יעדען איינעם פון זייא האט זיך ערוועקט א געפיהל פון מיטלייד אונד רחמנות. דיא גאנצע געשיכטע איז באלד איבעראלל בעוואוסט געווארען אונד אללע

אידעשע איינוואָהנער, אונטער מענדעלס אנ־פיהרונג זיינען געלאָפען דאהין וואו דאס קינד איז געבליעבען ליעגען. אלס זייא זיינען גע־קוממען ניט וויים פון דאָרטען האבען זייא בעגעגענט א שנעלל גאלאָפירענדע קארעטע וועלכע איז אויגענבליקליך פערשוואונדען געוואָרען פון זייערע אויגען.

קוממענדיג אויף דיא שטעללע וואו מענדעל האט זיין ברודער געלאָזען האבען זייא בלויז געפונען יאנקעלעס היטעלע. אויף דען וייכען גרונד איז נאך געווען קענטיג דער אָרט וואו ער איז געלעגען אונד טריט פון גראָבע שטיע־פעל, אבער פון יאַנקעלען איז ניט געווען צו זעהען אונד צו הערען.

„וועה איז מיר!“ האט מענדעל מיט א ווילדען קול אויסגערופען „דיא סאָלדאטען האבען איהם געחאפט! אָה, מיין אונגליק־ליכער ברודער! גאט זאָלל זיך אויף דיר ער־בארעמען!“ מיט דיעזע ווערטער איז מענדעל געפאללען אין חלשות אויף דיא הענד פון זיינע נייע בעקאנטע.

## 7. קאַפּיטעל

### א רוססישער אריסטאקראט.

קוממענדיג אין פּאלטאוואַ האט זיך דיא גרעפין דרענטעל אָבגעשטעללט אויף איינע שטונדע אין דעם שעהנסטען האָטעל „דיא קייזערליכע קראָנע“ אונד איז באלד אָב גע־פאהרען וויימער נאך איהר לאָנד־גוט קובנא, וואהין זיא איז אָן געקוממען דען זעלבען טאג פאר אבענד. דיא קארעטע האט זיך אָבגע־שטעללט ביי׳ן פירסטליכען פּאלאַטץ, איוואן האט געעפענט דיא טהיר אונד האט געהאָל־פען דיא דאמע אויס שטייגען.

„טראָג אריין דאס קינד אין קיך ער זאָלל זיך ערווארמען“ האט דיא גרעפין בעפאָהלען

„אָה וויא צופריעדען וועט זיין מיין לאָריס צו האבען א שפיעל קאמעראד!“

ביי׳ן טהיער פון פּאלאטץ האט איהר איין אנדער דיענער בעגעגענט זאָגענדיג „איהרע דורכלויכט, דער גראף איז פאָרגעסטערען גע־קוממען נאך הויז אונד ער וואר זעהר בייז אלס ער האט איהן ניט געפונען.“

אנפאנגס איז דיא גרעפין בייא דיעזער נאכריכט עטוואס בלייך אונד ערשראָקען גע־וואָרען, אבער באלד האט זיך אויף איהר שעהנעס געזיכט אין שמייכעל פון זאָרגלאזיג־קייט אויס געמאָהלט“ עס מאכט ניט אויס, דימיטרי וועט מיר פערצייהען ווען איך וועלל איהם איבער בעטען“ האט זיא בייא זיך געדאכט שפּרינגענדיג מיט איהר לייכטען גאנג אויף דיא רייך פערפּוצטע מארמאָר טרעפּפּע.

אין דעם גלענצענדען פּראכטפאָללען זאלל האט איהר ערווארטעט איהר געמאהל, גראף דימיטרי דרענטעלל, וועלכען זיא איז געפאללען אויפ׳ן האלז קוססען מיט ליעבע אונד ענט־ציקונג.

„ענדליך ביזטו מיין ליעבער געמאהל צוריק געקוממען פון דיינע העסליכע קאזארמעס, אָה, וויא צופריעדען איך בין! אבער פארוואס האסטו מיר ניט געשיקט פריהער א בריעף איך זאָלל דיר ערווארטען? דוא שלעכטער מאן! אימּמער האלסטו בייא זיך סודות געגען דיין פרויא.“

דער אויסדרוק פון רוגז האט נאך אימּמער פערוואָלקענט דעם גראף׳ס געזיכט, אבער איידער ער האט נאך בעוויעזען איין וואָרט צו ענטפערען האט דיא גרעפין וויימער געפּלאַ־פּערט מיט איהר ליעבליכסטע שטיממע.

„איך קען דיר ווירקליך ניט פאָרשטעללען וויא גליקליך איך בין מיט דיר צוזאממען צו זיין; אלס איך האָב מיט דיר חתונה געהאט

האָב איך זיך גאָר ניט גערעכט אז דוא וועסט אכט מאָנאַטען אין יאהר פערברייננגען בייא דיינע סאָלדאַטען אין דער ארמעע, זאָנסט וואָללט איך בעססער געוואָללט פערבלייבען אין מיין גוטע שטאדט טיפלים.“

„אונזערע פפליכטען צום צאר זיינען פיעל העכער וויא אונזערע הויזליכע אַנגעלעגענהייטען.“ האט דער גראַף מיט אַ בייזער געענטפערט „אַבער זאָג מיר, לואיזע, וויא אַזויא האסטו געקענט פערלאַססען דאס הויז אונד אונזער קינד אויף אַזאַ לאַנגע צייט? מיט דרייא טעג צוריק בין איך אהער אָן געקוממען, אין דער האָפנונג אַז מיין פרויא אונד מיין לאָרים וועללען מיר מיט ליעבע ענטגעגען קומען, ענדליך געפין איך אַז דוא האסט פעררייזט קיינער ווייס ניט וואָהין אונד דאס קינד געלאָזען אויף דיא הענד פון איין אונוויסענדרע פרויא, וועלכע ווייס אפילו ניט וויא מיט איהם אום צו געהען.“

„ארמעס קינד!“ האט דיא גרעפין מיט צערטליכקייט אויס גערופען „וויא גליקליך וועט ער יעצט זיין מיר ווידער צו זעהען; אַבער גוטער דימיטרי, זייא ניט אין כעס אויף מיין פעררייזען; עס איז מיר דאָ אָהן דיר געוועזן אזוי אומעטיג, אַזויא לאַנגווייליג דאס איך האב שוין לענגער ניט געקענט אויסהאַלטען אונד בין אוועק געפאָהרען מיט אַ וויזיט נאך וואלקי, צו דיא מוטער פון דעם דאָרטיגען פרויען־קלאָסטער.„

דער גראַף איז פון דיעזע נאַבריכט נאך מעהר אין כעס געוואָרען.

„וויא פיעל מאָלל האָב איך דיר שוין ערקלערט, לואיזע, דאס איך בין שטארק אונצופריעדען פון דיין אַרום פאָהרען אַליין איבער דאס לאַנד, איבערהויפט פון דיינע אָפטע וויזיטען אין דיא קלאָסטערס. מיינע ביטטען האבען בייא דיר קיין ווערטה ניט, ווייל דוא פערשטעהסט אַליין ניט וויא אונפּאַססענד דאס איז פיר דיר.“

„איך וויל אבער ניט זיין אַליין!“ האט דיא גרעפין מיט אַ קאַפּריז אויס גערופען „לאָמיר וואָהנען צוזאַממען אין אונזער שטאדטפּאַלאַטץ.“

„עס איז מיט דיר ווירקליך ניט אויס צו קוממען“ האט דער גראַף עטוואס רוהיגער געזאגט „באַלד נאך אונזער חתונה ביזטו ענטציקט געוועזן פון דיעזער לאַנד־גוט, וועלכע איך האב געקויפט אום דיין וואונש צו ערפילען; יעצט געפעללט דיר שוין דאָ ניט.“

„מיט דיר צוזאַממען וואָללט דאָ ווירקליך געוועזן זעהר שעהן“ האט לואיזע מיט אַ קאָקעטישען שמייכעל געענטפערט „אַבער אַליין, אין דיעזע לאַנגע גרויסע זאַללען, פע! איך פיהל גאָר ניט אַז איך בין בייא זיך אין דער היים.“

בייא דיעזע ווערטער האט דיא גרעפין טרויריג איהרע שעהנע ליפּפען אויסגעשטעלט, אבער פּלוצלינג איז זיא אויף געשפּרונגען מיט דען אויסרוף „אַבער וואו איז לאָרים? וואס איז מיט מיין ליעבען קינד?“

„איך גלויב עס איז שוין צייט דוא זאָללסט זיך אויף איהם נאכפרעגען,“ האט דער גראַף מיט אַ פאָרוואורף געזאָגט „דאס קינד וועט ענדליך פערגעססען אַז ער האט אַ מוטטער.“

לואיזע האט זיך מונטער אויסגעלאַכט „ניט קענען דיא מאַמאַ? אָט וועללען מיר טאַקע זעהען!“

צו געהענדיג צום טיש האט זיא אָנגעקלונגען אונד באַלד איז אַ דיענער אריין געקוממען.

„מען זאָלל מיר באַלד ברייננגען מיין לאָרים!“ האט זיא אַ בעפעהל געגעבען.

„איהרע דורכלויכט דען יונגען גראף האט מען שוין געלעגט שלאפען,‟ האט דיעזער געאנטוואָרט.

„אבער לאָז מען איהם דענאך ברייננגען, איך האב איהם שוין ניין טעג ניט געזעהען.‟

דער דיענער איז ארויס געגאנגען אונד באלד איז אריין געקוממען איינע אממע, טראָגענדיג אויף דיא הענד א שעהנעם פיער־יעהריגעם קינד; דאס וואר לאָרים; איין פערצערטעלטער צולאָזערנער יונגע, וועלכען דיא לייכטזיניגע מוטער האט נאך מעהר פערדאָרבען מיט איהר נארישע ערציעהונג; ער האט אין דיעזען מאָמענט זיך געבריקט אונד געריססען דיא אממע פארוואס זיא האט איהם פון בעט ארויס גענוממען.

לואיזע איז צו געפאללען צום קינד אונד איהם בעדעקט מיט צערטליכע מוטערליכע קוססען.

„לאָרים, מיין ארמער יונגע! ווילסטו פערצייהען דיא מאמא דאס זיא האט דיך אזוי לאנג פערלאססען?‟

לאָרים האט זיך ווייטער געבריקט אונד געשריען.

„דאס קינד איז אונרוהיג אונד פערשלאפען טראג איהם צו בעט, מינקא‟ האט דער גראף געהייסען.

„ניין, ווארט א מינוט‟ האט דיא מוטער מיט גרויס שמחה אויס גערופען „לאָרים, מיין ליעבלינג! איך האב דיר געבראכט א מתנה, א קליינעם יונגע זיך צו שפיעלען, איין אמת׳ן לעבענדיגען יונגע!‟

„איך דארף ניט קיין יונגע, גיעב מיר בעססער א פערדיל!‟

וואס איז דאס ווידער פיר א נייעס? וואס פיר א משוגעת האסטו ווייטער אויף געטהון?‟ האט דער גראף זיין פרויא געפרעגט.

„דוא וועסט באלד זעהען, מיין געמאהל‟ האט זיא געענטפערט אָנקלינגענדיג דאס מען זאָלל אריין רופען דען פוהרמאַן איוואן.

„וואס איז מיט דאס קינד וועלכען מיר האבען געפונען?‟

„ער איז אין דער קיכע, איהר דורכלויכט,‟ האט איוואן געענטפערט „ער האט עבען יעצט אבענד ברויט גענעססען.‟

„ברייננג איהם באלד אהער.‟

ווערענד איוואן איז געגאנגען ערפיללען דיעזען בעפעהל האט דיא גרעפין ערצעהלט איהר מאן וויא זיא האט געפונען איין פראכטיגעם שעהנעם קינד אויפ׳ן וועג, וועלכער וואר שוין האלב טויט, אונד זיא האט איהם דאס לעבען גערעטעט; דאס זיא האט בעשלאססען איהם נאך הויז צו ברייננגען אלס שפיעל קאמעראד פיר איהר ליעבלינג לאָרים.

אין דיעזער מינוט איז יאנקעלע אריין געפיהרט געוואָרען; זיין אויסזעהען האט פארגעשטעללט איין בילד פון העססליכען עלענד; דיא צוריסענע שמאטעס זיינען אויף איהם געהאנגען דיק פערשמוצט אין בלאָטע; דער פערבונדענער ארם אונד דאס צוקראצטע געזיכט האבען איהם אויך קיין גרויסען חן ניט צו געגעבען, זאָ דאס דיא גרעפין האט זיך ניט געקענט איין האלטען פון לאכען.

דער גראף איז אזוי ערשטוינט געוואָרען אז ער איז איינינע מינוטען ניט אים שטאנדע געוועזען א וואָרט צו רעדען; דער ארמער יאנקעלע האט מיט ביטטענדע בליקען יעדען בעזונדער בעטראכטעט.

„איך פרעג דיר אין ערנסט, לואיזע,‟ האט ענדליך דער גראף זיך אבגערופען „צו וואס האסטו געבראכט צו שלעפען אין אונזער הויז אזא מין בריאה?‟

„אָה, דוא פערשטעהסט גאָר ניט; דוא

וועסט זעהען אז מען וועט איהם אָב וואשען אונד אויס פוּטצען וואס פיר איין שעהנער יונגע ער וועט זיין.״

דער גראף איז א פּאאר מאל דורך גע־נאנגען דיא ציממער אונד זיך אָבשטעללענדיג נעבען דעם אינגעל האט ער מיט כעס געפרעגט.

,,וויא רופט מען דיר?״

,,יאנקעלע.״

אזוי וויא א שלאנג וואָללט איהם איין געביססען איז דער גראף פון דעם אָרט אָב־געשפּרונגען.

,,א איד!״ האט ער מיט דען גרעסטען צאָרן אויס גערופען ,,הייליגע יונגפרויא! דאס האט מיר נאך געפעהלט, א פערפלוכטער איד אין מיין הויז!״

יאנקעלע האט נעבאך פערשטאנען אז מען איז דאָ מיט איהם ניט זעהר צופריעדען, אונד האט אנגעפאנגען צו וויינען. ,,איך וויל געהען צו מיין מאמא:״

,,שטיל, דוא הונד!״ האט דער אויף געבראכטער גראף א געשרייא געגעבען.

פון שרעק האט דער אינגעל זיך נאך מעהר פארנאנדער געוויינט.

,,שיקט מיר ניט צוריק צו דיא סאָלדאַ־טען, זייא זיינען שלעכטע, זייא שלאָגען מיר.״

דער קליינער לאָרים האט אויך אָנגעפאנ־גען צו שרייען.

,,איך וויל זיך מיט איהם ניט שפּיעלען, גיעב מיר א פערדיל.״

,,איוואן״ האט דער אויף גערעגטער גראף א בעפעהל געגעבען ,,נעהם דיעזען שרץ אונד שליעס איהם איין אין שייער, ביז איך וועלל איהם פאָרדערען, אונד דוא, מינקא, טראג דאס קינד באלד צו בעט,״ אונד נאכדעם וויא אללע זיינען ארויס געגאנגען האט ער זיך געווענדעט צו זיין ציטערענדע פרויא.

,,איך מוז דיר זאָגען, לואיזע, אז זינט אונזער חתונה האסטו געטאן נארישקייטען בע־גאנגען, אבער אויך אזא מין דומהייט האָב איך פון דיר ניט געהאָפט, דוא ווייסט זעהר גוט וויא פערהאסט אונד פערדאממט דיא אידען זיינען בייא מיר, אונד יעצט האָסטו געבראכט א שמוטציגען אידעשען אינגעל פון גאסס, ער זאָלל זיין א חבר מיט אונזער לאָריסען!״

,,אבער איך האב דאך ניט געקענט לאָזען דאס ארמע קינד שטארבען ליעגענדיג אויף׳ן מיטען וועג״ האט געענטפערט דיא גרעפין, וועלכע וואר בייא אלל איהר לייכטזינן זעהר גוט הערציג ,,ווען דאס וואָללט אפילו געווען א קראנקער הונד האט מען אויף איהם אויך געמוזט רחמנות האבען.״

,,עס וואָללט שוין ווירקליך פיעל גלייכער געווען אז דוא וואָללסט געבראכט א הונד איידער א אידען.״

,,האָב איך דען געקענט וויססען אז ער איז א איד?״

,,געוויס! פון זיין צורה, פון זיין שפּראכע!״ האט דער ערצאָרענטער גראף אויס גערופען.

,,אבער ער איז דאן געלעגען אין אָהנמאכט אונד זיין אויסזיכט איז ניט געווען ערגער וויא פון אנדערע שמוטציגע קינדער.״ מיט דיעזע ווערטער איז לואיזע צו געגאנגען צו איהר מאן אונד מיט א ליעבליכען קינדישען שמייכעל איהם אום געארמט אונד געקוסט, ,,זייא ניט בייז, דמיטרי, מיין לעבען, זאָג מיר פאַרוואס ביסטו אזוי אין כעס אויף דיא אידען? וואס האבען זייא פערשולדיגט?״

דעם גראף׳ס צאָרן איז עטוואס געשטיללט געוואָרען. ער האט אויף געצאָגען דיא ארבעל אונד לואיזע האט דער זעהן בייא איהם אויפ׳ן האנד סימנים פון א גרויסע פערהיילטע וואונד

,,אָט דיא אנדענקונג האב איך פון א פער־

פלוכטען אידען. יעצט פערשטעהסטו שוין לואיזע, אז איך האב א גרינדליכע אורזאכע צו פערדאממען דיעזע גיפטיגע פעראכטענס־ווערטהע נאציאן.״

„ארמער דמיטרי!״ האט דיא גרעפין אויסגערופען קוססענדיג דיא געצייגטע שטעללע פון זיין האנד „עס האט דיר געוויס זעהר וועה געטהון, אבער וואס איז דאס געוועזן פיר א געשיכטע?״

„איך וויל וועגען דעם גאר ניט ערינערען. נור דאס איז בייא מיר פעסט בעשלאססען, אז אויב איך זאלל יא עררייכען צו א הויכע שטעללע אין לאנד, וועל איך מיט דיא שענדליכע אידען זיך רעכנען פיר יעדעס טראפפען בלוט וואס איז געפלאססען פון דיעזע וואונדע. קומם לואיזע, אבענד ברויט איז שוין נעגרייט, לאמיר ניט פערדארבען אונזער אפפעטיט ריידענדיג וועגען דיעזעס העסליכעס ניעדערטרעכטיגעס פאלק.״

גראף דרענטעלל האט געהאט א ריכטיגען יסוד ניט צו ערקלערען זיין ווייב דיא סיבה פון דער וואונד, דען אזא מעשה האט מען פיר קיין אנשטענדיגע פרויא ניט געדארפט ערצעהלען. דיא געשיכטע איז געוועזן מיט א יאהר אכט צוריק, דאן וועז זיין פאלק איז געשטאנען אין פינסק, האט ער מיט נאך איינינע יונגע אפפיציערען זיך געשמאק אן געשיכור׳ט אונד אללע זיינען בייא נאכט ארויס געגאנגען מאכען שקאנדאלען אין דער אידעשער שכונה. מען האט געיאגט, געשלאגען וועמען מען האט נור אן געטראפפען; אויס געבראכען פענסטער אין איינינע אידעשע הייזער, ביז זייא האבען זיך אריין געהאפט צו אגעוויססען חיים קושעל אין שטוב; זייא האבען דארט אן געפאנגען צו ברעכען דיא מעבעל אונד רויבען איינינע קאסטבארע זאכען. אונטערדעססען האט דער אנפיהרער פון דיעזע באנדע, גראף דרענטעלל, דערזעהען חיים׳ס שעהנע טאכטער, א בליהענדעס יוננעס מעדכען, אונד איז צוגעפאללען איהר ארום צו נעהמען אונד שלעפען. דער פאטער וועלכער האט ביז יעצט רוהיג צו געזעהען וויא דיא בעזויפענע אפפיציערען פערניכטען זיין האב אונד גוט, איז אבער ווילד אויף גערעגט געווארען פיר אזא שענדליכע טהאט געגען זיין אונשולדיגעס קינד; ער האט פון אימפעט געחאפט א מעססער אונד איז געלאפען דעם באנדיט שטעכען; דיא אפפיציערען זיינען ענטלאפען געווארען אונד דען ניעדערטרעכטיגען דרענטעלל האט ער שטארק פערוואונדעט דיא האנד. חיים קושעל האט גוט פערשטאנען אז ער וועט פון דיא געשיכטע טרוקען ניט אב שניידען, דארום האט ער באלד צוזאממען געפאקט זיין לעצטע ביסעל ארעמקייט אונד איז נאך אין דערזעלבען שטונדע ארויס געפאהרען אין איין אנדערע ווייטע שטאדט. נאך האלבע נאכט זיינען דיא באנדע אפפיציערען מיט נאך פיעלע קאמראדען ווידער אהין געקוממען, אום זיך אן דעם אידען נוקם צו זיין, אבער דאס הויז איז שוין געשטאנען לעער אונד פון כעס האבען דיא חברה שארלאטאנעס דיא שטוב אונטער געצונדען אונד ביז צום גרונד אבגעברענט. פון דיעזער צייט אן איז גראף דרענטעלל געווארען א דם שונא דיא גאנצע אידישע נאציאן. וויא אללע פערדארבענע מענשען, האט ער ניט געוואללט בעטראכטען זיינע איינענע שענדליכע טהאטען, ער, דער גראף, דער אפפיציער, איהם מוז אללעס זיין ערלויבט; אבער דאס א פערפלוכטער איד זאלל איהם אזוי וויט בעליידיגען אונד פערוואונדען, דאפיר מוז דאס גאנצע אידעשע פאלק פעראנטווארטען.

ווערענד דער גראף אונד דיא גרעפין זיטצען בייא זייער מאהלצייט וועללען מיר עטוואס גענויער בעקאנט ווערען מיט דיא פערגאנגענהייט פון דיזע פּאָאר־פּאָלק, וועלכע שפּיעלען איינע פון דיא הויפּט ראָללען אין אונזער ערצעהלונג.

דמיטרי איז געוועזן דער איינציגער זוהן פון פּאָול דרענטעל, א בעוואוסטער פּעטערבורגער באנקיער, וועלכער וואר געבאָרען אין אָרמען אונד געמיינעם שטאנד, אונד האט זיין גאנצעם רייכטהום ערוואָרבען דורך דיא בלוטיגע פּרעצענטען, וואס ער האט געריסען פון דיא יעניגע אונגליקליכע וועלכע זיינען געצוואונגען געוועזן ביי איהם געלד צו לייהען. ווען א איד וואָללט געמאכט אזעלכע ניעדערטרעכטיגע געשעפטען וואָללט מען צו ליעב איהם דיא גאנצע אידעשע נאציאָן געשטעמפּעלט מיט דיא שענדליכסטע ווערטער, אבער פּאָול דרענטעלל איז געוועזן א געבאָרענער רוססע אונד א פּרומער קריסט, דארום איז איהם ניט נור אללעס געוועזן ערלויבט, זאָנדערן מען האט איהם נאך געריהמט וויא איין טיכטיגען געשעפטס מאן; דורך אזעלכע שמוטציגע האנדלונגען אונד דורך געמיינע קארגהייט האט פּאָול דרענטעלל אויף געזאממעלט מילליאָנען קאפּיטאל, אונד אלס איהם איז נאכהער געלונגען אויס צופיהרען א גרויסע אנלייהע פיר דיא רעגיערונג האט איהם דער צאר ערהאָבען אין אדעל שטאנד, מיט דעם טיטעל פון א גראף.

אזעלכע נייא געבאקענע גראפען זיינען אין רוססלאנד ניט קיין זעלטענהייט; וויא אין אללע האלב־בארבארישע לענדער בעזיצט דיא רעגיערונג היער דיא איינציגע אונבעגרענצטע מאכט; אין אזא ניעדעריג שטעהענדע לאנד האבען גוטע אָרענטליכע טהאטען, געבאָרענע טאלענטען אונד נאך אזעלכע מעלות קיין שום ווערטה ניט; אללעס איז אבהענגיג פון א לוינע, פון א קאפּריז וואס פליעהט אריין אין קאפּף בייא דעם טיראנישען זעלבסטהעררשער; ער הויבט אויף צו דיא העכסטע שטופּפע ניעדערטרעכטיגע אינטריגאנטען, ניכטס ווירדיגע שווינדלער, וועלכע זיינען צופעלליג דורך שמייכלערייא אונד פאלשע חניפה צו איהם אין בוזעם אריין געקראָכען; ער, דיעזער זעלבסט הערשער, פערניכטעט מיט איין פעדער שטריך, מיט איין וואָרט, דיא בעסטע אונד שעהנסטע מענשען פון זיין לאנד, וואס זייער שולד בעשטעהעט נור דארין ווייל זייער מינע איז איהם אויף א ווייל ניט געפעללען געוואָרען; אללע, אָהן אויסנאהמע, בייגען זיך אונטער דעם אייזערנעם יאך פון זיין ווילל אונד יעדער בוקט זיך אונד לאזט זיך מקריב זיין אויף דעם מזבח פון דיעזען שרעקליכען אבגאט. זאגאר דיא הויך־געשטעללטע אדעל לייטע האבען ניט וואס צו שטאלצירען מיט זייער אלטען יחוס, מיט דיא וויכטיגע טהאטען פון זייערע אור־אור זיידעס; גלאנץ, עהרע אונד אכטונג געניעסען זייא נור אזוי לאנג ביז זייא זיינען בעליעבט בייא דעם טראָהן־בעזיטצער, אונד ווען ער וויל קען ער זייא יעדע מינוט ערנידעריגען צו גלייך מיט אללע זיינע אנדערע שקלאפען. דארום איז אויך קיין חידוש ניט אז פּאָול דרענטעל, וועלכער האט זיך ערוואָרבען דעם צאר׳ס גוטע מיינונג, איז מיט איינמאל געוואָרען איין אדעלמאן, איין גראף. ער האט באלד אָנגעפאנגען צו פיהרען איין גרויסארטיגען לעבען פון פּראכט אונד גדולה, וויא עס פּאסט פיר זיין נייעם הויכען טיטעל. זיין רייכטהום איז געוועזן אונבעשרייבליך; בייא איהם זיינען געבליעבען פיעלע קאָנפּיסקירטע גיטער פון יענע אונגליקליכע מאגנאטען בייא וועלכע מען האט אוועק גענוממען זייער

איינענטהום, זייערע ראַנגען אונד פּרערשיקט נאָך דעם ווייטען פּערפראָרענעם נאָרדען תשובה צו טהון אויף זייערע עבירות, אויף זאָ איין אופן האט זיך פּאַול דרענטעלל ערוואָרבען גיטער, אין וועלכע ער האט געהאט ביז 40 טויזענד איינגע פּויערים־שקלאַפען. צו דער־זעלבער צייט איז זיין בן יחיד דמיטרי אָן גע־גוממען געוואָרען אלס אָפּפיציער אין דיא ארמעע, וואו דיזער תכשיט האט זיך אויס געצייכענט מיט דיא ערגסטע מעשים תעתועים, מיט דיא שענדליכסטע שקאַנדאַלען, וועלכע האבען דענאָך איהם ניט געהינדערט אין אַ קורצע צייט דיא ראַנגע פון איין לייטענאַנט צו בע־קוממען.

מיט אַ יאהר פינף צוריק האט פּאַול דרענ־טעלל זיך אָבגעטראַגען אויף יענער וועלט; דער יונגער גראַף דמיטרי דרענטעלל איז גע־בליעבען איינער פון דיא רייכסטע לייטע אים לאַנד, אויסערדעם איז ער געוועזען פּערזענליך בעפריינדעט מיט דעם דאַמאַליגען טראָהן־פאָלגער אלכסנדר, זאָ דאַס פיר איהם איז געשטאַנען אָפען דיא וועג צו איינע וויכטיגע אונד בעדייטענדע צוקונפט; ענטוועדער צו ווערען איינער פון דיא גרעסטע אונד מעכטיג־סטע פּערזאָנען אין דעם קייזער־רייך, אָדער צו ענדיגען זיין לעבען אלס פּערשיקטער אין דעם ווייטען סיביר; אין רוססלאַנד זיינען דיזע צוויא בעדינגונגען זעהר לייכט מעגליך.

גראַף דמיטרי דרענטעלל איז געוועזען אַ גרויסער בעל גאוה; שטאָלץ אונד האָכמוט־הינג געגען יעדען מענשען; אייגענזיננינג אזויא פיעל דאַס אויסער זיין אייגענעם פערגניגען האט ער פון קיין זאַך געוואָללט וויססען. ער וואַר דער שטרענגסטער אָפּפיציער צו דיא סאָלדאַטען וואס זיינען אונטער איהם גע־שטאַנען, דער גרויזאַמסטער ווירטה צו זיינע

פּויערים, וועלכע ער האט גע׳רִיש׳עט אונד דער ערגסטער שונא געגען אידען, וועלכע ער האט אליין בעליידיגט.

איין גאַנץ אַנדער פּערזאָן איז געוועזען זיין פרויא לואיזע, איינע געבאָרענע פון קאַווקאַז; דער גובערנאַטאָר פון טיפליס האט איהר פּאָרגעשטעללט צום קייזערליכען הויף אין פּעטערבורג, וואו זיא האט באלד געגלענצט אלס איינע פון דיא גרעסטע אונד בעריהמ־טעסטע שיינהייטען; איהר פּראַכטיגע מאַסיגע פיגור, איהרע לאַנגע שוואַרצע האאר, איהרע דונקעלע אויגען, אין וועלכע עס האט זיך אָב געשפּיעגעלט אַ ים פון לוסט אונד גלאַנץ, איהרע גאַנצע ערהאַבענע ערשיינונג האט פּאָרגעשטעללט אבילד וואס קיין קינסטלער וואָללט ניט אים שטאַנדע געוועזען אויס צו מאהלען; איהר ליעבליכער זיססער שמייכעל האט געקענט בעגייסטערען דעם פּאָעט אונד איהרע וואָהל קלינגענדע מעלאָדישע שטיממע האט בעצויבערט אונד ענטציקט יעדען פון איהרע הונדערטע אנבעטער. אלס דעם גראַף דמיטרי איז געלונגען איהר האַנד צו בעקוממען האבען איהם פיעלע אונד פיעלע פון דיא גרעסטע אריסטאָקראַטישע יונגע מענשען זיין גליק זעהר מקנא געוועזען. נאָך דער חתונה האט זיך אבער ניט אללעס אויס געלאָזען נאָך דעם גראַף׳ס בעסטען וואונש, דענאָך איז וועגען חרטה אונד פּערדרוס אפילו קיין געדאַנקען ניט געוועזען. דיא גרעפין לואיזע איז געוועזען נאָך מעהר קאַפּריזנע וויא שעהן; אללעס האט זיך בייא איהר אָבגעטהון אונטער אַ מאָמענטאַלע בעגייסטערונג; דיא ליעבע צום מאַן אונד קינד, דאַס פּלוצלינגע פּערררייזען אויף וואָכען לאַנג, דאַס געפיהל פון רחמנות אונד הילפע פיר ארמע איז נור געוועזען איין איינדרוק פון אַ מינוט; דיא מחנה דיענער וואס זיינען גע־

שטאנען צו איהר געבאָט האבען קיין מאל ניט געטהון וואס זיא האט געהייסען, ווייל זייא האבען גוט געוואוסט אז איהר בעפעהל איז בלויז א מינוטליכער קאפריז, וועלכען זיא וועט באלד אליין פערגעססען; אבער איין געפיהל האט איהר אימּמער בעהערשט מיט דיא גרעסטע מאכט; זיא איז געוועזן איבער גע־געבען דער רעליגיאָן מיט דיא גאנצע קראפט פון איהר זעלע, איהרע וואהרע פרומקייט האט זיך געגרענעצט מיט אבערגלויבען. זיא האט געצוואונגען איהר מאן צו קויפען דיעזען גרויסען לאַנד־גוט לובנא אונד האט זיך אויס געוועהלט היער איהרע בעשטענדיגע וואָהנונג, ניט וועגען דיא נאַטירליכע שענהייטען פון דער לאנדשאפט, נור בלויז דאדורך ווייל אין דיעזער געגענד איז געוועזן פאָלל מיט קלאָסטערס, אין וועלכע זיא פלעגט זעהר פיעל צייט פערברייגגען אונד אָפט זיך אויף וואָכען לאנג דאָרט איין שליעסען.

דער גראַף, וועלכער האט זיין לעצטע ביסעל רעליגיאָן נאך אין דיא יונגע יאהרען אין קארטען פערשפיעלט, וועלכער האט גע־קוקט מיט פעראכטונג אויף אללע קלאָסטערס אונד אללע פריעסטערס, ער איז זעהר ניט צו פריעדען געוועזן פון זיין ווייבס פערברענטע פרומקייט. אנפאנגס האט ער פרובירט קעמפפען געגען איהר פאנאטיזם, אבער באלד האט ער זיך איבערצייגט אז אין דיעזער הינזיכט קען ער בייא איהר ניט מיט גוטען ניט מיט בייזען עטוואס אויספיהרען, זאָ דאס ער איז ענדליך געצוואונגען געוועזן איהר צו לאָזען זיך פיהרען נאך איהר אייגענעם וויללען.

דענאך האבען דיעזע אריסטאָקראטישע פאאר פאָלק זיך גאנץ גוט פערטראָגען, אָב־וואָהל זייער פעראייניגונג איז ניט געוועזן איינע פון דיא גליקליכסטע. בייא אללע איהרע פעה־לערין איז לואיזע דאך געוועזן איינע צערטליכע ליעבענדע פרויא, אונד יעדעססמאל ווען דעם גראף׳ס צאָרן איז אויף געוועקט געוואָרען האט זיא געוואוסט מיט איהר שעהנעם שמייכעל אונד מיט איהרע גוטהערציגע בליקען זיין כעס צו שטיללען אונד זיין געמיטה צו ערפרייען. אויף זאָ איין אופן האבען זייא אויך יעצט גאנץ פריעדליך זיך פערבראכט בייא זייער מאהלצייט, נאך פריעדליכער וויא מען האט געקענט ערווארטען פון דיא פאָריגע שטורמישע סצענעס. זייא האבען זיך געהאט זעהר פיעל צו ערצעהלען, וועגען אלעס וואס האט פאסירט צייט דיא אכט מאָנאט וואס זייא זיינען געוועזן געשיידעט, אונד עס וואר שוין גאנץ שפעט בייא נאכט אלס דער גראף מיט זיין פרויא האבען דען שפייזע זאאל פערלאססען.

## 8. קאפיטעל,

### דער געטויפטער איגגעל.

אין זיין רייכע ביבליאָטהעק־צימּמער איז גראף דרענטעלל דען פאָלגענדען מאָרגען ארום געגאנגען מיט פערשיעדענע געדאנקען, וועגען זיין גדולה אונד עשירות, וועגען פאמיליען אנגעלעגענהייטען אונד בעקאַנטע. פלוצלינג איז איהם געקוממען אויפען זינען דער נעכטיגער אינגעל; זיין כעס האט זיך אין איהם וויעדער ערוועקט, דאס א איד האט בעטרעטען דיא ערד וואס געהערט צו איהם. ער האט אָנגע־קלונגען אונד געלאָזט רופען דען פוהרמאן איוואן.

„מעלדע דער גרעפין אז איך ערווארטע איהר אין דיעזען צימּמער, אונד ברייגג מיר אהער דעם אינגעל, וועלכען איהר האט נעכטען געפונען אויף׳ן וועג.“

אין איינינע מינוטען ארום איז דיא גרעפין אריין געקוממען אונד באלד האט מען אויך געבראכט יאנקעלען, שעהן אויס געוואשען,

פערקאָממט אונד אָן געקליידעט, זאָ דאס דער גראַף אליין האט בייא זיך געמוזט מודה זיין אז דיעזעס קינד איז א זעלטענער פּארשוין.

„וויא רופט מען דיר?" האט דער גראף מיט איין ערנסטע מינע געפרעגט.

„יאנקעלע."

„וואו וואָהנסטו?"

„אין דיא אידעשע שכונה."

„אבער וואו? אין וועלכע שטאדט?"

דאס קינד האט נעבאך געקוקט אונד ניט געוואוסט וואס צו ענטפערען.

„וויא ביסטו געקוממען אויף'ן וועג?" האט דער גראף ווייטער געפרעגט.

יאנקעלע האט אָנגעפאנגען מיט זיין קינדישע שפּראכע בליפּענדיג צו דער צעהלען וויא דיא סאָלדאטען האבען איהם מיט מענדלען ארויס געשלעפּט פון דער היים; וויא מען האט זייאביידען געבראכט אין א גרויסע שטאדט, וויא מענדעל האט איהם אוועק געפיהרט אונד זייא זיינען געלאָפען אין רעגען אונד שטורם, ביז ער איז ענדליך געפאללען אין אהנמאכט אויפען וועג; וואס נאכהער האט פּאססירט געדענקט ער ניט, ביז דיא מינוט אלס ער האט אויף געוואכט בייא דער דאמע אין קארעטע.

„אלזאָ האבען דיר מיט דיינעם א ברודער סאָלדאטען אַוועק געפיהרט פון דער היים?" האט דער גראף געפרעגט.

„יא."

„וואס האבען זייא פון אייך געוואָללט?"

„איך וויים ניט. איינער האט געזאגט אז זייא וויללען אונז מאכען פיר גוים."

דער גראף האט שוין אָנגעהייבען צו פערשטעהען וואס דא איז פיר א געשיכטע, „וויא איך זעה" האט ער געזאָגט, „האבען דיא סאָלדאטען דיר מיט דיין ברודער גענוממען פיר רעקרוטען אונד איהר זייט ענטלאָפען געוואָרען!"

„יא, מיר זיינען פון דאָרטען אוועק געגאנגען, דען מיר האבען געוואָללט געהען צוריק צו אונזער פּאפּא אונד מאמא."

„זיינען דאָרט געווען נאך אנדערע אינגלאך מיט אייך?"

„יא."

„אונד זייא זיינען אויך ענטלאָפען?"

„איך וויים ניט."

„פון דעם קינד איז שווער עטוואס ריכטיגעס צו פערשטעהען." האט דער גראף מיט רונז געזאָגט „האסטו זיך אין וועג אזוי צו הרג'עט?" האט ער דעם אינגעל ווייטער געפרעגט, צייגענדיג אויף זיין האַנד אונד זיין אויער.

„ניין. דאס האט נאך פּאססירט צו הויז" האט יאנקעלע געענטפערט אונד דאן ערצעהלט דיא גאנצע מעשה מיט דיא קוה אונד דעם פויער, א געשיכטע וועלכע ער וועט האבען לאנג צו גדענקען.

„ארמעס, ארמעס קינד!" האט דיא גוטהערציגע לואיזע אויס גערופען אָבווישענדיג איהרע טרערען „אָה, וויא גרויזאם, וויא אונמענשליך דאס איז געווען!"

„מסתמא האט ער עס כשר פערדיענט." האט דער גראף מיט גראָבהייט געזאָגט" ווער וויים וואס ער האט דאָרט אָבגעטהון, איך גלויב זיינע ווערטער גאנץ ווייניג: פון א אידען איז שווער צו דערגעהען דעם אמת."

טראָטץ דעם האט דער גראף זיך פּערינטערעסירט צו בעטראכטען יאנקעלעס ארם; עס איז געווען קלאָר צו זעהען דאס דיא געבראָכענע שטעללע איז ניט ריכטיג באנדאַזשירט. נאך איינער קורצען אונטערזוכונג האט דער גראף געזאגט זיין מיינונג דאס דער אינגעל וועט וואהרשיינליך אויף זיין גאנצען לעבען פערבלייבען מיט א צוגעצויגענע האנד.

„עס וואר שוין פיעל בעסער" האט דאס ארמע קינד ערקלערט „אבער נאכדעם וויא דיא סאָלדאטען האבען מיר געריססען אונד געשלעפט טהוט עס יעצט נאך מעהר וועה."

„אונגליקליכער יונגע!" האט דיא גרעפין זיך אָבגעזיפצעט „וויא שרעקליך דאס איז! קענען מיר איהם דען גאר ניט העלפען?"

„אום גאָטעס וויללען, לואיזע, געגוג שוין מיר דולען דיא קאָפף מיט דיינע זיפצען," האט דער גראף אונגעדולדיג אויס גערופען.

„אבער דמיטרי, וויא קענסטו זיין אזוי שלעכט? ערינער זיך וויא טרויריג דאס איז פיר דעם קינד צו בלייבען איין אייבינער קאלעקע, צו שלעפען ביז צום קבר זאָ איין עלענדען לעבען."

„פיר איהם מאכט עס גאר ניט אויס, ער איז אַ איד."

„יא, דאס איז אפילו אַ גרויסער אונטער־שיעד." האט דיא גרעפין מיט אַ שמייכעל געזאגט, דען דיא לייכטזיניגע פרויא האט שוין אין דער זעלבער מינוט פערגעססען איהר גאַנצען רחמנות געפיהל „אבער וואס ווילסטו מיט איהם מאכען?" האט זיא דאן בייא איהר מאן געפרעגט.

„איך ווייס אלליין ניט." האט דער גראף נאך דענקענדיג געזאגט „דער בעסטער פּלאן וואָללט געווען איהם אָב צו שיקען צוריק אין קאזארמע. וויא פיעל מען קען פערשטעהען פון זיין ערצעהלונג וואר ער גענוממען אלס רעקרוט אונד איז ענטלאָפען פון דיא סאָלדאטען, אונד מיין פפליכט גענגען צאר בעפעהלט מיר אז איך זאָלל איהם אהין ווידער אָבגעבען."

יאנקעלע האט פון דעם גאַנצען געשפּרעך ווענינ וואס פערשטאַנען; נור דערהערענדיג דעם וואָרט „סאָלדאַטען" האט ער אָנגעפאַנגען צו שרייען מיט אַ ביטערען געוויין.

„אָה, ערבארעמט אייך! שיקט מיר ניט צו דיא סאָלדאטען, זייא וועללען מיר צו הרג'ענען, האט רחמנות אויף מיין לעבען!"

„שטילל, דוא וואָרם!" האט דער גראף אויף איהם געדאָננערט טראמפּלענדיג מיט דיא פוס, „אויב ניט וועלל איך דיא סאָלדא־טען באלד אריין רופען."

דיעזער שרעקליכער שטראשאק האט גע־ווירקט; דאס ארמע קינד האט אראָפּ געשלונ־גען זיינע טרערען אונד אונטער געדריקט דיא זיפצען וויא וויים איהם איז מעגליך געוועזען.

„דמיטרי" האט דיא גרעפין זיך אָבגע־רופען „איך האב דעם יונגע געפונען ליעגענדיג אין אָהנמאכט; ער איז קראנק אונד שוואך, וואס קען פון אזא קינד ווערען צווישען דיא סאָלדאטען? פון זייער הארטע בעהאנדלונג וועט ער צייט איין וואָך שטארבען; אמת ער איז אַ איד, אבער דענאך איז דאך דאס קיין אורזאכע אומזיסט זיין לעבען צו אָפּפערען."

„מיר קענען דאך אבער איהם בייא אונז ניט האלטען." האט דער גראף איין געווענדעט.

„דאס איז אויך גאר ניט נייטהיג" האט דיא גרעפין געעטפערט „דער הויפט ציעל פון דעם געזעטץ, אז מען זאָלל אידישע קינדער אוועק נעהמען פון זייערע עלטערען, איז דאך נור אום פון זייא צו מאכען עהרליכע פרוממע קריסטען, קען דאך דאס געווים בעססער אויס געפיהרט ווערען אין אַ קלויסטער אלס אין קאזארמע. שיק אלזאָ אָב דיעזען קינד נאך דעם קלויסטער אין פּאלטאווא, דאָרט וועט מען איהם טויפען אונד ערציעהען אלס איין אמת'ען קאַ־טאָהלישען קריסט, דאפיר וועלען מיר אויף יענער וועלט בעלאָהנט ווערען, דאס מיר האבען איין פערבלאָנדזטע נשמה צוריק געפיהרט צו איהר ערלעזער." בייא דיעזע ווערטער האט זיך דיא פרוממע לואיזע אַ פּאאר מאָל איבער געקרייצט.

וועהרענד זיין ווייב האט דיעזע ווערטער גערעדט איז דרענטעלל ארום געגאנגען אין צימער אין טיעפען נאכדענקען. פלוצלינג איז אויף זיין געזיכט ערשיענען א העסליכער טייוועלשער שמייכעל אונד ער האט אן געפאנגען צו רייבען דיא הענד אין פיעל צופריעדענהייט.

„איך מוז דיר זאגען, לואיזע, אז צייט אונזער חתונה האב איך נאך פון דיר אזעלכע קלוגע ווערטער ניט געהערט, דיין פלאן איז ווירקליך אויסגעצייכענט.“

דיא גרעפין האט זיך געמאכט וויא ניט הערענדיג דיעזען איראנישען קאמפלימענט „מיר טהוט הנאה אז מיין פלאן געפעללט דיר“ האט זיא געזאגט, „גראדע פאר געסטערען האט מיר דיא מוטער פון קלויסטער וואלקי ערקלערט, דאס פיר איין זעעלע וואס א קריסט ברייננט אריין אין דיא הייליגע קירכע, וועט ער האבען צעהן חלקים עולם הבא אין גן־עדן.“

„פאנאטישע דומהייטען!“ האט דער גראף מיט אונגעדולד אויס גערופען „איך וויל דאס קינד לאזען אויף האדעווען אין א קלויסטער ניט צו ליעב דיא פוסטע חלומות, וועגען הימלישע בעלאהנונג; איך גלויב ניט אין אזעלכע אלטע נארעשקייטען. אבער אין א קלויסטער וויל איך איהם דאך אבגעבען. דארט וועט ער פערגעססען זיין געבורט אונד זיין אמונה, דארט וועט ער ערצאגען ווערען אלס פאנאטישער פריעסטער, דארט וועט ער ווערען א פייערדיגער יודען־פרעססער, דאן וועל איך איהם בענוטצען אויס צו פיהרען געגען זיין אייגענע פערפלוכטע נאציאן דיא נקמה וועלכע איך האב געגען זייא געשווארען.“

דיא גרעפין איז ערשווידערט געווארען בעטראכטענדיג מיט וואס פיר א גרימיגען האסס איהר מאן'ס צורה איז פערקרימט געווארען אויסשפרעכענדיג דיעזע ליידענשאפטליכע ווערטער. פון זיינע אויגען האבען געשפריצט ווילדע פלאממען אונד זיין גאנצער קערפער האט געציטערט אונטער דעם איינדרוק פון שרעקליכען כעס; זאגאר דער ארמער אינגעל יאנקעלע, וועלכער האט פון דעם גאנצען געשפרעך כמעט גארניט פערשטאנען, איז אויך ערשראקען געווארען אין דיעזען אויגענבליק, אונד האט פון גרויס פורכט זיין געזיכטעל מיט דיא הענדלאך פערדעקט.

אונטערדעססען האט זיך דרענטעלל עטוואס בערוהיגט אונד נאכדעם וויא ער איז אייניגע מאל אין צימער הין אונד צוריק געגאנגען האט ער אנגעקלונגען אונד א דיענער איז אריין גיקוממען,

„נעהם דיעזען אינגעל צוריק אין שייער, ער זאלל דארט פערבלייבען ביז איך וועל איהם ווידער פאדערען; דאן זאלל מען באלד איין שפאנען אונד אריבער פאהרען צום באטושקא אלעקסייא, דעם פאטער פון דעם קלאסטער אין פאלטאווא; זאגט זיין עהרווירדען אז איך פערלאנג איהם צו זעהען זא שנעלל וויא מעגליך, וועגען איין אנגעלעגענהייט דער הייליגען קירכע.“

דער דינער האט מיט גענוממען יאנקעלען אונד איז ארויס געגאנגען ערפיללען דיעזען בעפעהל; דער גראף מיט זיין פרוי זיינען געבליעבען אין צימער אליין, אום זיך וועגען זייערע פלאנען צו בעראטהען.

שפעט פאר נאכט איז געקוממען צוריק דיא געשיקטע פוהר מיט דעם פאטער אלעקסייא, וועלכען מען האט אויגענבליקליך אן געמעלדעט. דיעזער פאפ וואר א הויך געוואקסענער שטארקער מאן, מיט א גרויע בארד וואס האט בעדעקט זיין גאנצע ברוסט; זיין ערנסטע הארטע מינע אונד זיינע ברייטע

שווארצע קליידער האָבען איהם געגעבען זעהר א פינסטערען אויסזעהען. ער איז געווען איי־בעראלל בעוואוסט אלס א פערברענטער פאַ־נאַטיק אונד זיין קלאָסטער, אין וועלכען ער איז געווען דער עלטערער האָט ער רעגירט אויף דער סטרענגסטע ארט אונד ווייזע. דאס איז געווען דער מאַן וועלכען דער גראף האָט בעשטיממט צום ערציעהער פיר דעם ארמען יאַנקעלען.

אלס ער איז אין זאַלל אריין געקוממען האָבען זיך דער גראף אונד דיא גרעפין מיט פיעל רעספעקט איבער געקרייצט.

„איהרע דורכלויכט האָבען נאָך מיר גע־שיקט.״ האָט אלעקסייא לאַנגזאם געזאָגט.

„יא, באַטושקאַ״ האָט דער גראף גע־ענטפערט״ איך וויל איבער געבען אין אייערע פרוממע הענד צו ערציהען א אידעשען יונגע, וועלבער איז ענטלאָפען געוואָרען פון זיינע על־טערען; דיא אידען ווילען זיך אָן איהם נוקם זיין אונד פערפאָלגען איהם, דארום זוכט ער זיכערהייט אונד רעטונג פיר זיין זעעלע אונטער דעם שוטץ פון אונזער הייליגע קירכע. מיר איז גלייך געקוממען אויפ׳ן זינען זיך צו ווענ־דען צו אייך. ווייל איך ווייס דאס איהר וועט איהם אם בעסטען ערציעהען אונד אויס לערנען דאס ער זאַלל ווערען א רעליגיעזער קריסט.״

„איהרע דורכלויכט טהוען מיר גרויס עהרע״ האָט דער פאָפּ מיט א מילדע שטיממע גע־זאגט „איך האָף אויף דיא חסדים פון אונזער גאָט אונד ערלעזער יעזוס קריסטוס, אז איך וועלל אים שטאנדע זיין דיעזע פערבלאָנזעטע נשמה׳לע צו בריינגען אונטער זיין כסא הכבוד.״

„דער אינגעל איז יעצט אין א פיבערישען צושטאנד אונד ער רעדט פון היטץ״ האָט דער גראף ווייטער ערקלערט „ער וועט אייך דערצעהלען א מעשה, אז קריסטען האָבען איהם אויס געבראָכען א האנד אונד אָב געריססען איין אייער, אבער צו פעללינגער ווייזע בין איך דערגאַנגען דעם אמת; זיין אייגענע פאַמיליע, דיא פערפלוכטע אידען, זיינען אויף איהם שרעקליך אויף גערעגט געוואָרען אלס זייא האָבען זיך דערוואוסט אז ער וויל רעטען זיין זעעלע אין דעם שויס פון אונזער הייליגע קירכע; דאפיר האָבען זייא איהם אויף זאָ איין מערדערישען אויפ׳ן געשלאָגען. אין אל־געמיין, באַטושקא, וואָללט איך פון אייך פערלאַנגען דיא פאָלגענדע דרייא זאכען: ער־שטענס מוזט איהר דעם אינגעל ערציעהען אז ער זאָלל מיט דער צייט פאָלקאָממען פערגעס־סען זיין געבורט, דאָס ער שטאממט פון דיעזעם פערדאממטעם פאָלק; צווייטענס זאָללט איהר איהם אריין שלאָגען דעם געדאַנקען אין קאָפּ אז דיא אידען האבען איהם געמאכט פיר איין אייבינען קאלעקע אונד דריטענס איהם לערנען צו פעראַכטען אונד פערדאממען דיעזע אידע־שע נאציאָן, מיט דעם גאנצען קראַפט פון זיין זעעלע. איהר פערשטעהעט וואס איך מיין?״

„פאָלקאָממען, איהר דורכלייכט,״ האָט דער פאָפּ געענטפערט „איהר פערלאַנגט דאס דער אינגעל מוז אזוי ווייט פערגעססען אללע זיינע קרובים אונד אנגעהעריגע, אז ער זאָלל גאָר ניט וויססען דאס ער איז א מאָלל געווען א איד, כדי ער זאָלל מיט זיין גאנצעס הערץ אונד זעעלע זיין אבגעגעבען צו דעם קריסט־ליכען גלויבען, אונד אום צו פערהיטען דאס עס זאָלל זיך בייא איהם ניעמאלס געפינען אפילו א געדאנקען צוריק צו קעהרען צו דער אמונה פון זיינע עלטערען פערלאַנגט איהר, אז מען זאָלל אין איהם איינפלאַנצען א בלוטיגע שנאה, א געפיהל פון ברענעדיגע נקמה צו זיין

פאָלק, פיר דיא צרות וואס ער איז פון זייא אויס געשטאנען.״

דער גראף האָט מיט א בליק פון צופריע־דענהייט דעם פאפ בעטראכט; דיעזע צוויא מענשען האבען איינער דעם אַנדערען גוט פערשטאנען.

„אלס א געבאָרענער איד בעזיצט דער איינגעל געוויס גוטע פעהיגקייטען צום לערנען״ האט דער גראף געזאגט „איהר וועט אלזאָ זעהען אן צו ווענדען זיינע געבאָרענע גייסטיגע מעלות פיר דעם נוטצען פון אונזער הייליגער אמונה אונד צום שאדען דער יודישען נאציאָן. גיעבט איהם יעדעס פאָרטהייל, יעדע מעגליכ־קייט צו א העכערע שטופפע צו קאָממען, כדי ער זאָלל קריגען אימער מעהר חשק צום לער־נען, זאָ דאס ער זאָלל מיט דער צייט ווערען א געטרייע אונד מעכטיגע שטיטצע פיר אונזער קירכע.״

„אונד דער שרעקליכסטער געגנער צו דיא שונאים פון דיעזער קירכע, דיא אידען״ האט דער פאפ געזאָגט „אייער דורכלויכט קענען זיין זיכער אז דאס אללעס וועט פינקט־ליך ערפיללט ווערען.״

„איך פערלאנג נאך עטוואס״ האט דער גראף דארויף ערקלערט „איך וויל זאָ אָפט וויא מעגליך פון אייך האבען בעריכטען וועגען זיין ערציהונג אונד פאָרטשריטע. איהר מוזט אין איהם איין פלאנצען איינע האָכאכטונג אונד ערגעבענהייט צו מיר, אלס זיין וואהל־טהעטער. יעדעס יאהר וועט איהר איהם בריינגען אויף איניגע וואָכען צו מיר, אום ער זאָלל זיך בענוטצען מיט אונזערע עצות, אונד מיר זאָללען דורך אלגעמיינע בעראטהונג העל־פען דער הייליגער קירכע אין איהר ערהאבענע אויפגאבע. דאצו זאָללט איהר וויסען״ האט דער גראף ווייטער געזאגט מיט א שטרענגע ערנסטע מינע „אז אונזער היינטיגער בעשלוס איז געמאכט געוואָרען נאך דעם ווילען פון זיין מאיעסטעט, דעם צאר, אונד איהם וועט איהר האבען צו פעראנטוואָרטען פיר דיא שטרענגע אונד פינקטליכע ערפיללונג פון אל־לעם וואס איהר האט זיך יעצט אונטער גע־נאָממען.״

דער פאפ האט מיט גרויס רעספעקט זיין קאָפף איין געבויגען „איך פערעהרע מיט דיא טיעפסטע אכטונג אונד אונטערטהעניג־סטען געפיהל דען גייסטליכען הויפט פון אונ־זער קירכע, דעם צאַר.״

נאך דיעזע בעשפרעכונגען האט מען געבראכט יאנקעלען. דער פאפ איז ערשטוינט געוואָרען צו זעהען אז דיא גאנצע זאכע האט זיך דא געהאנדעלט וועגען אזא קליינעם קינד, ער האט אבער זיין פערוואונדערונג בייא זיך בעהאלטען אונד געזאגט:

„וואהרשיינליך, איהרע דורכלויכט, איז דאס מיין קינפטיגער שיללער.״

„יא; זאָלל ער נור ווערטה־ זיין צו גע־ניססען אייער ערהאבענע לעהרע.״

„קום, מיין קינד״ האט דער פאפ געזאגט צו יאנקעלען, איהם בייא דער האנד אָן נעה־מענדיג „זאָג אדיע צו דיינע גוטהערציגע וואָהלטהעטער.״

אבער דער פינסטערער שטרענגער מאַן האט וואהרשיינליך אויף יאנקעלען געמאכט א שרעקענהאפטען איינדרוק. דאס ארמעס קינד איז צו געלאָפפען צו דיא גרעפין אונד זיך אָן האלטענדיג אן איהר קלייד האט ער מיט טרערען אין דיא אויגען זיך בייא איהר גע־בעטען.

„לאָז מיר ניט אוועק נעהמען, איך וויל בעסער זיין בייא דיר.״

„זייא א גוטעס געהאָרזאמעס קינד;

דיעזער מאַן וועט דיר ברײנגען צו דײן פּאָפּאַ אונד מאַמאַ" האט איהם דיא גרעפין מיט ליעבליכקייט געזאגט.

„וועט ער מיר אוועק פיהרען צו מענדלען?"

„יא, מיין קינד, ער געהעט דאהין אונד ער וועט דיר ברײנגען צו אללע דײנע גוטע פריינד."

יאנקעלע האט אבגעווישט זיינע טרערען אונד א שמייכעל פון צופריעדענהייט האט זיך בעוויזען אויף זיין בלייכעס געזיכט. ער איז באלד צו געגאנגען צום פּאָפּ אונד מיט פּאָל־קאָממענעם פערטרויען איהם דיא הענטיל געגעבען.

„קומם, איך וועל געהען מיט דיר."

דער פינסטערער פאנאטישער פּאָפּ האט דענאָך ניט געקענט איין האלטען דען געפיהל פון צערטליכקייט צו דעם שעהנעם אונשול־דיגען אינגעל; ער האט איהם אין זיינע מעכטיגע ארמס געשלאָסען אונד אויף געדריקט א קוסס אן זיין העללע שטערן.

„קומם מיין יונגע" האט ער מיט א שטיללע ריהרענדע שטיממע געזאגט „איך וועלל דיר ברײנגען צו א ליעבע זיססע מוטער, פון וועלכע דוא וועסט שוין קיין מאל ניט וועללען ענטלויפען, — צו דיא הייליגע מוטער פון גאָט."

יאנקעלע האט זיך אריין געזעצט אין פוהר מיט זיין נייעם בעקאנטען אונד גלויבענדיג דאס דיעזער פיהרט איהם גראדע א היים איז ער רוהיג איין געשלאפען. אלס ער האט אויף געוואכט וואר ער געטראגען אויף שטארקע ארמס אין א קלאָסטער, פון וועלכען דיא טהיער האט זיך הינטער איהם פערשלאָססען אונד אויף אייביג איהם אב געריססען פון זיינע עלטערן, פון זיין פאָלק אונד פון זיין רעליגיאָן.

## 9. קאַפּיטעל.

### א וואונדערבארע רפואה.

נאכדעם וויא מענדעל איז געפאללען אין אָהנמאַכט אויף דער שטעללע וואו זיין ברודער איז פערשוואונדען געוואָרען, האבען איהם דיא אידען פון דעם דאָרף פּאָלטאַוואַ מיט גרויס רחמנות אריין געטראָגען אין ר' שלום דעם גבאי'ס הויז, וואו מען האט אללע מיטלען אנגעווענדעט איהם צו ערמינטערען אונד וואו ער וואר בעהאנדעלט מיט דיא בעסטע פפלעגע אונד פיעל צערטליכקייט. נאך דיא לעצטע צרות וואס ער איז אויס געשטאנען אין זיין שרעקליכע וואנדערונג האט מענדעל זיך יעצט געקענט פיהלען גליקליך אונד צופריעדען, אבער דיא ערינערונג אן יאנקעלע'ן, דיא פּאָרווירפע וועלכע ער האט זיך אליין געמאכט, פאר וואס ער האט זיין קליינעם ברודער פערלאזען, האבען איהם ניט געלאזט רוהען אונד זיין ארמע זעעלע וואר געפייניגט פון פערשיעדענע טרויעריגע געדאנקען.

מענדעל'ס שרעקליכע געשיכטע, אונד זיינע פיעלע ליידען וואָס ער איז אויסגעשטאנען, האבען ערוועקט גרויס ערבארעמען אין דיא אידישע הערצער פון פּאָלטאַוואַ; זייא האָבען זיך פאנאנדער געטהיילט אין בעזונדערע קאָמפּאַניעס אונד זיינען געגאנגען נאך פערשיעדענע ריכטונגען פון דיא ארומיגע געגענד, אין דער האפנונג אויס צו געפינען אירגענד וועלכען שפור פון זיין פערשוואונדענעם ברודער; פיללייכט וואנדערט ער נאָך ארום אין דיא פעלדער. אומעטיג אונד אבגעמאטערט זיינען זייא געגען אבענד ביסלאך ווייז צוריק געקוממע אין ר' שלום'ס הויז; אללע נאכפאָרשונגען זיינען געוועזען אומזיסט; דאס קינד איז אזוי וויא אין וואססער אריין אונד עס איז אונמעגליך געוועזען דיא קלענסטע

ידיעה וועגען א הם צו בעקוממען. מענדעל האט זיך געלעגט שלאפען אין א פיבערישען צושטאנד; דיא גאנצע נאכט האט ער זיך אונרוהיג אין בעט ארום געווארפען. זיין איינציגער וואונש איז יעצט געוועזען זא שנעלל וויא מעגליך צו זיין אנקעל אין קיעוו צו קוממען. דען פאלגענדען מארגען האט ער זיין פערלאנגען ערקלערט דעם ווירטה ר׳שלום, וועלכער האט קוים איינגערעדט דעם פוהרמאן פון דארף, פיר א גוטע בעצאהלונג, מענדעל׳ן מיט צו נעהמען; דען עס איז ווירקליך געוועזען א גרויסע ריזיקע צו פיהרען איין אנטלאפענעם אידעשען רעקרוט. ענדליך איז מענדעל ארויס געפאהרען פון דיעזען דארף, בעגלייטעט מיט דיא הערצליכסטע ווינשונגען פון אללע אידעשע איינוואהנער. לאנגווייליג אונד ערמיעדענד איז געוועזען דיעזעס פאהרען, איבער שטיינער אונד בערגלאך, דורך גראבענס אונד זומפען. שפעט פארנאכט איז דיא פוהר אן געקוממען ניט ווייט פון קיעוו, וואו דער פוהרמאן האט אונזער מענדעל׳ען אראפ געלאזען, דען אריין פאהרען מיט איהם אין שטאדט האט ער מורא געהאט. דער ארמער יונגע, וועלכען דיא פיבער קראנהייט האט שוין צייט דיא לעצטע צווייא טעג געמאטערט, איז קוים אים שטאנדע געוועזען אויף זיינע פיסס צו שטעהען. מיט דיא גרעסטע אנשטרענגונג האט ער זיך אריין געשלעפט אין דיא פרעמדע אונבעקאנטע שטאדט, אונד איז לאנגזאם אוועק געקראכען אין דעם אידעשען קווארטאל. יעדער סאלדאט וואס איז פארבייא געגאנגען האט אויף איהם ארויף געיאגט א שרעקליכע אימה; ער האט געגלויבט אז אט פאקט ער איהם אונד שלעפט איהם שוין אוועק אין קאזארמע.

אין דעם ווינקעל צווישען מזרח אונד דרום, ביי׳ן טייך דניעפער, ליעגט דער אידעשער קווארטאל, אין דיא טרויריגסטע אונד העכסט־אונגעזונדע אבטהיילונג פון דיעזער שטאדט. נאך מעהר אלס הונדערט יאהר צוריק האט דיא רעגיערונג בעשטיממט דיא גרענצען פון דעם קווארטאל; פון יענער צייט אן האט זיך דיא אידעשע בעפעלקערונג זעהר שטארק פערמעהרט, עס איז געווארען זעהר ענג, דיא לופט איז שטיקענד, דיא ליכט איז קארג; דיא הייזער זיינען אן געבוים איינע אויף דיא אנדערע; דיא גאססען זיינען דונקעל אונד שמוטציג; דענאך ערלויבט מען ניט דיא אידען זיך ווייטער צו בעזעטצען אונד מען האלט זייא צוזאממען געפרעססט אין דיעזען שרעקליכען שטייג, וועלכער דיענט אלס צייכען פון אומזיסטע שנאה אונד גרויזאמע פערפאלגונג. מענדעל וואס איז אויס געהארעוועט געווארען אין דיא פרישע לאנד לופט, האט דא קוים געקענט דעם אטהעם אב ציעהען, אונד זא שנעלל וויא מעגליך איז ער איממער געלאפען ווייטער, פרעגענדיג אויף דעם קויפמאן הירש בן זאב. מען האט איהם ענדליך געצייגט איין איינפאכעס הויז, אין וועלכע ער האט אן געקלאפט.

דיא טהיר האט איהם זיין אנקעל זעלבסט געעפענט; בייא דיא ערסטע מינוט האט ער קוים דערקענט אין דעם עלענדען אבגעמאגערטען אינגעל זיין מענדעל, וועלכער וואר בלויז מיט אכט טאג צוריק אזוי געזונד אונד מונטער; אבער באלד האט ער זיין געליבטען פלעמיעניק מיט צערטליכע אומארמונגען צו זיין ברוסט געדריקט אונד איהם אין ציממער אריין געפיהרט.

„מענדעל! מיין ליעבעס קינד!״ האט הירש מיט דיא גרעסטע שמחה אויס גערופען צו שליעסענדיג דיא טהיר. „גאט האט דיר געבראכט! זעה מירעל!״ האט ער ארופ

גענעבען זיין פרוי, וועלכע איז געוועזן בעשעפ־טיגט אין דיא צווייטע ציממער „קומם אהער, אונזער מענדעל איז דאָ, דיא הארץ האט מיר געזאָגט אז ער וועט קוממען.“

אן אנשטענדיגע שעהנע פרויא, וועלכע מענדעל האט יעצט דעם ערסטען מאל אין זיין לעבען געזעהען האט זיך איהם פאָרגע־שטעלט אלס זיין טאנטע מירעל; זיא האט איהם מיט פיעל ליעבשאפט ארום גענוממען אזויא וויא איין אייגענע מוטער.

„וואס פעהלט דיר, מיין קינד? דוא זעהסט זעהר שלעכט אויס, דיין קאָפּף ברענט וויא פייער.“ האט דיא טאנטע איהם געפרעגט זעהר בעזאָרגט.

„יא, טאנטע, איך גלויב אז איך וועל קראנק ווערען.“ האט מענדעל מיט א שוואכע שטיממע געענטפערט.

„דומהייט; דאפיר וועללען מיר שוין זאָר־גען“ האט הירש אויס גערופען „אָבער זאג מיר וואו איז יאנקעלע?“

בייא דיעזע ווערטער האט זיך דער ארמער יונגע בענאססען מיט טרערען; דען ערסטען מאָלל זינט מען האט איהם פון זיינע עלטע־רען געריבט האט ער יעצט מיט דיעזע טרע־רען ערלייכטערט זיין פערדריקטעם הארץ. אין קורצע ווערטער וויא מענליך האט ער דערצעהלט דיא גאנצע געשיכטע, וואס מיט זייא ביידען פאסירט, וועלכע האט בייא זיינע פערוואנדטע ארויס גערופען טיעפע זיפצען אונד ענדליך האט ער געזאגט:

„איינס פון דיא ביידע האט געטראָפען: ענטוועדער יאנקעלע איז אוועק געלאָפען אין היטץ אונד פיללייכט ליעגט ער וואו אין א גראָבען טויט, אָדער דיא סאָלדאטען האבען איהם געחאפט אונד אוועק געשלעפט צוריק נאך חארקאוו.“

„שוין גלייבער אז ער זאָלל זיין געשטאָר־בען איידער צווישען דיא אונמענשליכע קאָזאַ־קען, אין דיא קאזארמעס.“ האט דער אָנקעל געזאגט „דער אויבערסטער וועט געוויס מאַ־כען וואס צום בעסטען.“

„מענדעל איז דאָך אבער געוויס הונגעריג.“ האט מירעל זיך אבגערופען, גרייטענדיג דעם טיש מיט דיא בעסטע שפייזען וואס האבען זיך אין הויז געפונגען, אבער מענדעל האט זיך דאצו־זאָגאר ניט אן גערירט.

„איך קען ניט עססען, ליעבע טאנטע, איך האב קיין שום אפעטיט.“

דער ארמער יונגע האט זיך אוועק געלעגט אויף דיא ווייכע ברייטע זאָפא, זעהר בלייך אונד ערמיעדעט; עס איז געוועזן קלאָר צו זעהן דאס דיא קראנקהייט שטארקט זיך בייא איהם יעדע מינוט; הירש מיט זיין פרויא האבען איהם מיט גרויס בעזאָרגניס בעטראכט.

נאך דעם אויסערליכען פראָסטען אנזעהען פון הירש בן זאב׳ס הויז וואָללט קיינער ניט געקענט גלויבען, אז דער אייגענטהימער איז איינער פון דיא רייכסטע אידען אין קיעוו, דאס דיעזעס אייגפאכעס הויז איז אינוועניג רייך אויסמעבלירט, זאָגאר פראכטפאָלל פערפוצט. אבער ניט הירש אליין פיהרט אזא מין לעבען; איבעראלל וואו דער איד איז געוועזן צייט לאנגע דורות אויף זאָ איין אופן פער־פאָלגט פון זיינע רויבזיכטיגע אונד גרויזאמע שכנים, וואר ער געצוואונגען צו פערבאָרגען זיין רייכטהום אונטער דיא מאסקע פון ארעמקייט. אין אזעלכע ערטער איז דער איד קיין מאלל ניט געוועזן זיכער מיט זיין האב אונד גוט; געמיינע סאָלדאטען, אונד זאגאר דיא ארי־סטאקראטישע אָפיצירען פון דעם צאר, האבען אין מיטען העללען טאג געראבירט אידעשע הייזער, אונד עס איז דארויף ניט געוועזן קיין

קלאַנער אונד קיין ריכטער; דארום האט מען ווירקליך זייער אָפט געקענט געפינען אין דיא ארעמסטע שטיבעלע אוצרות פון זילבער, גאָלד אונד קאָסטבארע חפצים, מיט וועלכע עס וואָללטען געקענט שטאָלצירען דיא גרויסאר־טיגסטע פירסטליכע פאלאטצען; דער איינ־געבוינענער פראכטעטער איד, געקליידעט אין שמאטעס, איז מאנכעס מאלל געווען דער געהיימער בעזיטצער פון אזעלכע גרויסע קאַ־פיטאלען, וואס אפילו קיין רעגיערענדער פער־זאָן האט אין חלום ניט געזעהען. אזוי האט דער איד געלעבט אין אללע אייראָפּעאישע לענדער, דיא לאנגע צייט פון דעם פינסטערען מיטעלאלטער, ווען דיא גאנצע וועלט איז נאך געווען פערזונקען אין פינסטערען בארבאריזם, אונד אזוי לעבט ער נאך יעצט אין דעם האלב ווילדען קאָזאקען לאנד; אָבוואהל אין אללע אנדערע לענדער, וואו דיא זיטען פון דיא פעלקער האבען זיך אין דער נייעסטען צייט פערפיינערט, איז אויך דעם אידענ׳ס צושטאנד אין דיעזער הינזיכט צו בעסערען געענדערט געוואָרען.

אויסער זיין גרויסען רייכטהום, וועלכען הירש בן זאב האט זיך ערוואָרבען דורך עהר־ליכען אונד ענערגישען האנדעל מיט ציערונג אונד קונסטפאָללע זאכען, איז ער געווען דער געאכטעטסטער אונד פאָרנעהמסטער מאן אין דער אידעשען געמיינדע. ער וואר פרעזידענט אין איינע פון דיא גרעסטע שולען אין קיעוו, אונד איהם האבען רעספעקטירט ניט נור זיינע איינענע גלויבענס גענאססען, זאָנדערן אויך דיא קריסטליכע אדעל־לייטע, מיט וועלכע ער פלעגט שטענדיג האבען געשעפטען.

זיין ווייב, וועלכע איז אין איהרע מעדכען־יאהרען געווען בעוואוסט אלס „דיא שעהנע מירעל,“ וואר אויך יעצט איינע זעהר רייצענדע יונגע פרויא, אָבוואהל עס זיינען שוין פער־פלאָססען 12 יאהר נאך איהר חתונה. איהרע רונקעלע אויגען האבען געשיינט מיט א וואונ־דערבארע צויבער קראפט; איהרע פראכט־פאָללע האאר איז געפאללען אונטער דער שעער פאר דער חופה, נאך דער אידעשער מאָדע פון יענער צייט, אבער דער גלענצענ־דער זיידענער האאר־באנד אונד דיא שיינענדע שניר פעריל, מיט וועלכע איהר הויפּט וואר פון דאן אָן בעקרוינט, האבען איהר איין בע־זאָנדערען שטאָלצען חן געגעבען. הירש האט זעהר געשעצט זיין שעהנע קלוגע פרויא אונד נור איין איינציגע זאך האט געפעללט צו דעם פאָללקאָממענעם גליק פון דיעזעס פאאר פאלק — א קינד, וועלכען זייא איז נאך ביז יעצט ניט בעשערט געוואָרען צו האבען.

דאס וואר דיא פאמיליע בייא וועלכע מענדעל האט יעצט געפונען שוטץ אונד רוהע; ליעגענדיג אויפ׳ן זאפא א קורצע צייט האט ער פערלאנגט א גלאז וואסער, אום זיין ברע־נעדינען דורסט צו שטיללען, דאן האט ער זיך געווענדעט צו הירש׳ן מיט דער פראגע.

„ווען זייט איהר געקוממען צוריק פון טאגאראָג, אָנקעל, אונד וואס מאכען מיין פאטער אונד מוטער?“ הירש האט זיך שטארק אבגעזיפצעט בייא דער ערינערונג פון יענע יענע שרעקליכע נאכט אונד מיט טרערען אין דיא אויגען געענטפערט.

„נאכדעם וויא מען האט אייך אוועק גע־נוממען האבען דיא קאָזאקען אונז געטריעבען צוריק אין דאָרף, צו אונזערע טרויריגע וואה־נונגען. דוא קענסט זיך אליין פאָרשטעללען מיין קינד דען טיעפען יאממער וואס האט דאן אין יעדעם הויז זיך אויף געהויבען. דיא גאנצע נאכט האבען מיר פערבראכט אין וויינען אונד קלאָגען. דיא עלטערען האבען זיך געזעצט

שבעה נאך זייערע לעבעדיגע קינדער, וועלכע זיינען שוין פיר זייא יעדענפאללס געווען אבגעשטארבען.״

„ארמע, ארמע עלטערען!״ האט מענדעל מיט טרערען אויס גערופען.

„אויף מארגען״ האט הירש ווייטער דער־צעהלט „בין איך מיט נאך אייניגע אידען פון טאגאראג אוועק נאך אלעקסאנדראווסק אונד מיר האבען געבעטען מען זאלל אונז צו לאזען צום גובערנאטאר; אבער ער האט ארויס געשיקט אונז זאגען אז ער וויל דיא אידען אפילו ניט אן קוקען, אונד אויב מיר וועללען באלד ניט געהען אהיים וועט ער אונז פער־שיקען נאך סיביר. וואס האבען מיר געקענט טהון? איך האב פון דיינע עלטערען אבשייד גענוממען מיט דעם פערשפרעכען אז איך וועלל אללע מיטלען אנווענדען דיר מיט יאנקעלען אויף צו זוכען אונד רעטטען. נעכטען בין איך ערסט אהיים געקוממען. גאט צו דאנקען אז וועניגסטענס דו ביסט נצול געווארען.״

מענדעל האט זיך מיט גרויס ליעבשאפט צו געטולעט צו זיין אנקעל, וועלכער האט דעם קינדס ברענענדיגען שטערען געגלעט.

„אה, ווארום שטראפט אונז גאט אזוי הארט „האט מענדעל מיט א קלאגענדע שטיממע געזאגט.

„זייא געדולדיג, מיין קינד״ האט איהם דער אנקעל געטרייסט״ עס וועט אמאל קוממען א צייט אז אונזערע יסורים וועללען אויף א ענדע נעהמען; מיר האפען אללע טאג אויף משיח׳ן, וועלכע וועט אונז אויס לעזען פון פינסטערען ביטערען גלות.״

יא, אין האפנונג האט דער איד זיין עלענדען לעבען פערבראכט אונד נור זיא אליין האט איהם געשטיצט געגען אללע אונגליקס־שטורמען, וואס האבען איהם געוואללט פער־ניכטען; דער גלויבען ענדליך אויס געליזט צו ווערען, האט אויף געהאלטען דעם אידען געגען אללע גרויזאמע פערפאלגונגען אונד אונער־בארעמליכע צרות, וואס ער האט צייט לאנגע יאהר הונדערטע דורך געטראגען.

אבענדס זיינען צו הירש׳ן אין הויז אריין געקוממען אייניגע גוטע פריינד אונד בע־קאנטע; מענדעל׳ס גליקליכע רעטטונג פון דיא קאזאקישע הענד האט אללעמען זעהר שטארק פעראינטערעסירט. אין קיעוו זיינען אויך געווען פיעלע אידעשע פאמיליען, וואס האבען נאך ביז יעצט בעקלאגט זייערע פער־לארענע קינדער, וועלכע ניקאלאי׳ס גרויזאמער אוקאז האט בייא זייא אוועק גענוממען. יעדען האט גרויס הנאה געטהון אז מענדעל איז נצול געווארען אונד אין יעדעס אידעשעס הויז האט מען וועגען איהם גערעדט, ווערענד ער אליין האט זיך ארום געווארפען אין בעט אונטער דער פיין פון איין פורכטבארען פיבער.

דיא גוטע טאנטע מירעל האט אנגעווענ־דעט אללע הויזליכע מיטלען; זיא האט דעם קראנקען איינגעל געפפלעגט אונד געצערטעלט מיט דיא גרעסטע בעזארגניס, אבער דאס האט וועניג געהאלפען; דיא שרעקליכע צרות וואס ער איז דיא לעצטע אייניגע טעג אויס געשטאנען, דיא פארווירפע מיט וועלכע ער האט זיך אליין בעשולדיגט אין דיא סיבה מיט יאנקעלען, האבען איהם ענדליך ניעדער גע־דריקט, אונד זיין קראנקהייט איז אימער ער־גער אונד ערגער געווארען.

דען פינפטען טאג האט זיך דער פיבער אזוי געשטארקט אז מענדעל איז שוין געווען אין א געפעהרליכען צושטאנד. ער האט פער־לארען דעם בעוואוסטזיין אונד איז געלעגען אין א ברענענדיגען פייער, ריידענדיג פון היטץ. דיא היימישע אידעשע פעלדשערים האבען ניט

געוואוסט וואס צו טהון. הירש אונד זיין פרויא זיינען געווען אין פערצווייפלונג.

„וואס טהוט מען?“ האט מירעל געזאגט ברעכענדיג דיא הענד „מיר קענען דאך ניט לאזען דאס קינד שטארבען.“

„שטארבען?“ האט הירש אין גרעסטען שרעק אויס גערופען „אה, גאט אין הימעל נעהם ניט אוועק בייא מיר דיעזעס קינד, וואס איז מיר אזוי איין געבאקען אין מיין הערצען!“

„מיט תפלות וועסטו אבער דא וועניג וואס העלפען, מיין מאן, מיר מוזען שיקען איין דאקטער רופען.“

„וואס רעדסטו מירעל? וועלכער דאקטאר וועט וועללען קוממען אין אידעשען קווארטאל? געדענקסטו דען ניט אלס אונזער רב ר' יוטעלעס איז געפעהרליך קראנק געווען האבען מיר בשום אופן ניט געקענט פועל'ן בייא קיין דאקטאר איהם צו בעזוכען „לאזען נור מעהר אידען שטארבען“ האבען זייא אויף אללע אונזערע ביטטען געענטפערט „אונד דאן וועט נאך אויך צו פיעל פון זייא בלייבען.“

„אבער מיר מוזען זעהען צו רעטטען דאס קינד; דוא מוסט גוט בעצאהלען, הירש, דאן וועט דער דאקטאר געהען. בייא דעם נסיון פון געלד איז נאך קיין קריסט ניט בייא גע־שטאנען.“

„איך וועלל נאטירליך אנווענדען אללע מיינע מעגליכקייטען“ האט הירש מיט א טרוי־ריגע שטיממע געזאגט, „אבוואהל איך וויים ניט וואס פיר א נוטצען דאפון קען ארויס קוממען. עס איז בלויז מעהר ניט פיר זיך אליין יוצא צו זיין, אבער אויף הילפע איז שווער צו האפען אפילו פון דעם בעסטען פון דיעזע דאק־טורים; זייא קוממען, נעהמען אב דאס געלד פערשרייבען א ניכטסווירדיגען רעצעפט אונד לאזען דאן דעם קראנקען ליעגען וויא זיין מזל וועט אויס טראגען.“

הירש בן זאב האט מיט דיעזע ווערטער איינינער מאססען גאנץ ריכטיג אבגעשילדערט דיא רוססישע דאקטורים. אין ניקאלייא'ס צייטען איז דיא מעדיצינישע וויססענשאפט אין רוססלאנד געשטאנען זעהר ניעדעריג, אונד אויך יעצט איז עס ניט פיעל בעססער. זיינע גאנצע קענטעניס האט אזא מין דאקטאר ער־ווארבען אין דיא קאזארמעס, הייכענדיג דיא סאלדאטען. אז מען האט איהם גערופען צו א קראנקען פלעגט ער מאכען איינע ערנסטע מינע פון א גרויס געלערנטען מאן, געפרעגט א פאאר ווערטער אונד פערשריעבען א רע־צעפט, וועלכער איז גרעסטענטהיילס גאר ניט געברויכט געווארען. נאך מעהר וויא דיעזע דאק־טארען בענוצט זיך אין רוסלאנד דער המון עם פון דיא פויערים מיט דיא היימישע רפואות פון א מין דארף־גויע, וועלכע זייא רופען „זנאכ־ חארקע,“ אונד וועלכע היילט מיט פערשיעדענע גראזען דורך פערשווערונגען אונד פרעפלע־רייען. דער אונגעבילדעטער אבערגלויבישער פעבעל איז פאלשטענדיג איבערציינגט אז דיא זנאחארסע איז צו דער זעלבער צייט אויך א מכשפה, אונד איז אים שטאנדע דורך איהרע שווארצע קונצען אפילו א טויטען לעבענדיג צו מאכען. וואס אנבעטריפט אונזערע רוססישע אידען פון יענער צייט האבען זייא בייא אצונ־פאלל פון קראנקהייט געזעהען מיט אללע מעגליכקייטען אויס צו מיידען דיא קענטנים פון דאקטאר אונד אויך דיא כישוף פון דיא זנאחארקע. דער אריסטאקראטישער רוססישער דאקטאר האט זיך גאנץ וועניג געוואללט אב־געבען מיט איין אידעשען פאציענט, אונד פיעל מאלל האט שוין פאססירט אז זיינע רפואות האבען דעם קראנקען נור געהאלפען זיך שנעלער אויף יענער וועלט אב צו טראגען. דיא זנאכ־

תֿארקעס ווייטער פלעגען אללע זייערע רפואות בעשווערען מיט דעם נאמען פון דעם בן יחיד׳ס היילינע מוטער מאריא אונד דאס איז שוין גענוג געווען דעם אידען אב צו האלטען מיט אזעלכע טרפה מיטטלען זיך צו בענוטצען.

וואס טהוט מען אבער מיט דעם ארמען מענדעלן? א לאנגע צייט האבען זיך הירש מיט זיין פרויא דאריבער מישב געווען אונד צו קיין ריכטיגען בעשלוס ניט געקענט קוממען. ענדליך איז מירעל געפאללען אויף א פלאן.

„פארוואס זאללען מיר ניט אריבער שיקען צו ר׳ ליזער דעם בעל שם אין טשערניגאוו?“

הירש האט מיט גרויס פערוואונדערונג זיין ווייב בעטראכט.

„צום בעל שם?“ האט ער דיא פראגע ווידערהאלט.

„פארוואס דען ניט? דוא געדיינקסט אז חנה בענעפסקי׳ס קליינער אינגעל איז געווען אזוי קראנק דאס מען האט שוין געגלויבט אז אט שטארבט ער באלד אוועק. דער בעל שם האט איהם געשיקט א קמיע אונד ער איז זעהר גיך געזונד געווארען. פארוואס קען מיט מענדלען אזויא ניט זיין?“

„אבער בערעכען, מירעל, היינט איז דאנערסטאג, פון דאנען ביז טשערניגאוו מוז דיא רייזע דויערען אנדערהאלבען טעג; אונזער שליח וועט דאהין אן קוממען אויף שבת. פאר שבת צו נאכט קען ער צוריק ניט פאהרען אונד ביז ער וועט אהער צוריק קוממען ווייס נאט וואו מענדעל וועט שוין האלטען. אה, דיא עצה וואללט געווען גוט, אבער עס איז צו וויט.“

„דוא שוטה!“ האט מירעל אויס גערופען „ווייסטו דען ניט אז דער בעל שם קען שיקען דיא רפואה פון ווייטען, גראדע אזוי וויא ער וואללט געזעסען בייא דעם קראנקען׳ס בעטעל.

איך זאג דיר פערליער ניט קיין צייט! גאט האט מציל געווען מענדעל׳ן פון דיא קאזאקען ניט דאפיר דאס ער זאלל אין אונזער הויז שטארבען.“

צו יענער צייט האבען אונזערע אידען פעסט געגלויבט אין דיא קאבאליסטישע לעהרע, וועלכע בעהויפטעט אז געוויססע פער־זאנען פון דיא זאגענאנטע גוטע אידען, בע־זיטצען איין בעזאנדערע קראפט אריין צו דרינגען אין דיא געהיימניסע דער נאטור, צו היילען דיא קראנקע מיט איבער נאטירליכע מיטטלען אונד זאגאר צו צווינגען דעם אלמעכ־טיגען, ער זאלל אללעס טהון נאך זייער וויללען. דער גוטער איד וואס האט געקאנט אויף טהון אזעלכע ניסים ווער געאכטעט אלס בעל־שם, וועלכער פלעגט אימממער ווערען דיקער אונד גרעבער אונד געלעבט א גוטען טאג, דען פיר זיינע עצות האט מען איהם מיט געלד גע־צאהלט. פון אללע געגענדען אונד שטעדט פלעגט דער אבערגלויבישער אידעשער המון פאהר׳ן צום רבי׳ן, ער זאלל זייערע תפילות ברייננען צום כסא הכבוד. יעדער אונגליקלי־כער וואס האט געזוכט צו פערבעססערן זיין לאגע, יעדער געדריקטער וואס האט געוואללט זיין לעבען פערגרינגערען, יעדער וואס איז גע־ווען געפלאגט פון אירגענד וועלכע צרה, ווער עס האט נור פערלאנגט אירגענד וועלכען וואונש צו ערפיללען — אללע זיינען געלאפען צום בעל שם, בייא איהם עצות אונד הילפע צו געפינען. דער צדיק האט קיינעם ניט אב־געזאגט אונד פון יעדען מיט פוללען האנד דעם רייכען פריוך צו גענוממען.

עס איז דארום אויך יעצט בעשלאססען געווארען זיך צו ווענדען צום בעל־שם, אבער וואס אם ניכסטען, דען טשערניגאוו איז וויים אונד מענדעל׳ס צושטאנד פערערגערט זיך

יעדע מינוט. הירש האט זיך אויף געהייבען געהען נאך א שליח.

„וועמען ווענסטו שיקען?" האט זיין ווייב געפרעגט איהם בעגלייטענדיג ביז צום טהיר.

„נאטירליך איטציג דעם שמש" האט הירש געענטפערט שנעלל אוועק געהענדיג.

אין דער ארמסטער אבטהיילונג פון דעם אידעשען קווארטאל, אין איין ענגע שמוטציגע געסעלע שטעהעט איטציג דעם שמש הייזעל, א ניעדריגע האלב איינגעפאללענע הילצערנע חורבה. דיא קליינע פענסטערלאך זיינען גרע־סטענטהיילס פערקלעפט מיט פערשמיערטע פאפיער אנשטאט דיא שויבען, וועלכע זיינען מיט יאהרען צוריק ארויס געפאללען. דיא האלב איינגעזונקענע טהיר האט געפיהרט אין דיא איינציגע צימער, וועלכע האט געדיענט אלס קיך, וואהנשטוב אונד שלאף קאמער אונד אין וועלכע עס האט אימער געהעררשט א דונקעלהייט, וויא אין א הייל, אונד דיא לופט וואר פערפעסטעט מיט א דומפפע שטינקענדע פייכטקייט. דיא ווענד זיינען געוועזען פאלשטענדיג נאקעט; דער הוילער ערד פפלאסטער האט קיין מאלל ניט געוואוסט וואס דאס הייסט א פוסבאדען פון ברעטער אדער ציעגעל. מיט איינעם ווארט דאס וואר א שרעקליכעס בילד פון ארמוטה אונד עלענד, וואו דער העסליכ־סטער דלות האט אויף יעדע זאך אויף געדריקט זיין שווארצען שטעמפעל. אונד היער, אין דיעזען יאממערליכען קבר האט געוואהנט איטציג דער שמש מיט זיין ווייב אונד פינף קינדער. דענאך האט ער זיך נאך געקענט שעטצען בעססער אין מעמד וויא פיעלע אנדערע פון זיינע שכנים, דען ער האט וועניגסטענס זיין פערפווילטע שטיבעל פערניצט פיר זיך אליין, ווערענד יענע האבען זיך געמוזט דריקען אין אזעלכע מיני חורבות אייניגע פאמיליען צו־זאממען. דיא גרויזאמע פערפאלגונגען וועלכע האבען שטרענג אב געגרענצט דעם ארט וואו אידען מעגען וואהנען, דיא בארבארישע גע־זעטצען וואס האבען פערבאטען דעם אידען זיך צו בעשעפטיגען מיט לאנד ארבייט אונד מיט אנדערע פיעלע געשעפטען אונד פראפ־פעסיאנען, דאס אללעס האט בעשאפען אזעלכע פינסטערע בילדער פון אונגליק אונד צרות.

מיר וועללען אין קורצען פארשטעללען דיא פערגאנגענהייט פון איטציג דעם שמש, וועלכע וועט אונז געבען א ריכטיגען בעגריף וועגען דעם יאמערליכען גורל פון טויזענדע רוססישע אידען.

ביז צו זיין 18טען יאהר איז איטציג געוועזען א ישיבה בחור. זיינע פרומע עלטערען האבען איהם געהאלטען ביי'ן לערנען תלמוד, אבוואהל ער האט דאצו ניט געהאט קיינע פעהיגקיי־טען, זא דאס ער איז אויס געוואקסען א בליי־כער, נאכלעסיגער גולם, וואס האט לסוף ניט געטויגט ניט צו גאט ניט צו לייטען. אלס ער האט עררייכט 18יאהר האבען זיינע ארמע עלטערען אנגעהויבען צו טראכטען וועגען א תכלית פיר זייער זוהן, דאס הייסט וויא שנעללער איהם חתונה צו מאכען. שטייץ! א בחור דיא 19טע יאהר. אונד נאך אהן א ווייב! מען האט גלייך געשיקט נאך א שדכן, וועלכער האט זיך שטארק גענוממען צו דער מצוה, אונד נאך א קורצע צייט האט איטציג מיט מזל חתונה געהאט. דיא ווייב איז אפילו געוועזען א בגרות פון א יאהר 12, נור וואס שאדעט עס? וואס מאכט עס אויס אז דיא פאאר פאלק האבען זיך ביז דעם טאג פון דער חתונה זאגאר איין מאהל ניט געזעהען? אז זייא טויגען ביידע אין דער וועלט ניט אפילו א קאטץ איין עק צו פערבינדען? דיא הויפטזאכע איז דאך נור מקיים צו זיין דיא מצוה פון חתונה האבען

צו דער געבאָטענער צייט, אונד דאס איז ברוך השם אויף געטהון געוואָרען. מען האט דיא קליינע מיידעל אָב געשאָרען דיא האאר, בעדעקט מיט א האאר באנד אונד אריין געפיהרט אונטער דער חופּה, דאמיט וואָרען צוויא יונגע אונערפאהרענע קינדער צוזאממען געבונדען אלס מאן ווייב אונד זייער צוקינפטיגעס לעבען אויף גאט׳ס בעראטה איבער געלאָזען.

איצטיג׳ס עלטערען זיינען קורץ נאך זיין חתונה געשטארבען אונד האבען איהם געלאָזען ירושה א קליינע סומע געלד אונד דיא שטיקעל איין געפאללענע חורבה, אין וועלכע זייערע אור עלטערען האבען שוין געוואָהנט. ביז עס זיינען נאך געוועזען מיטטלען האט דיא קינדעשע פּאאר פּאָלק זיך געקויפט וואס צו עסען אונד פערבראכט א רוהיגען זאָרגלאָזען לעבען; עס האט אבער ניט לאנג געדויערט אונד דיא ביסעל געלד איז אויס געגאנגען. איטציג, וועלכער האט ניט געקענט קיין שום מלאכה אונד ניט געהאט קיין בעגריף פון מסחר, איז ניט אים שטאנדע געוועזען אפילו עטוואס צו פערדיענען; דאס זיינע עטליכע מטבעות זאללען ניט אזוי גיך אוועק פליעהען. נאכדעם וויא דער לעצטער רובל איז אויס געגעבען געוואָרען איז ער געצוואונגען געוועזען צו זוכען חיונה אונד האט טאקע באלד געפונען א שטעללע, אלס אונטער שמש אין איינע פון דיא קיעווער אידעשע שוהלען. קיין בעשטימטע שכירות האט ער ניט געקריעגען אונד געלעבט בלויז פון דיא הכנסות, וויא למשל פאר א לינת הלילה בייא איין נוסס, זאגען קדיש נאך קינדערלאָזע נפטרים, פון א יאהר צייט, א ברית, א חתונה אונד דערגלייכען. מיט איין וואָרט, איטציג האט געהאט זעהר פיעל וויכטיגע עסקים, וועלכע האבען געגעבען מיטטלען וועניג צו לעבען אונד צופיעל צו שטארבען. דאצו האט נאך אָפט זיין ווייב אויך עטוואס פעריענט, ארום געהענדיג מיט א קערביל עפּעל פון טהיר צו טהיר, אין דער צייט וואס זיא האט געקענט אבשפּאָרען פון איהרע הויזליכע ארבייט.

יא, עלענד אונד טרויריג איז אזא מין לעבען, אין וועלכען יעדער טאג שלעפּט זיך אזוי לאנגזאם אונד אומעטיג, אָהן שום פרייד, פערגנינגען אונד אירגענד וועלכע האָפנונג. אזעלכע אידעשע פאמיליעס, וואס פערברייננגען זייער גאנצען לעבען אין קברים הייזלאך, גיעבט עס אין רוססלאנד זעהר פיעל, וועלכע זיינען גרעסטענטהיילס אליין שולדיג אין זייער עלענד, וואס קוממט ארויס איבערהויפּט פון נאכלעסיגקייט אונד דוממע אבערגלויבישע אויפפיהרונגען.

רענאך פלעגט אויך אין איטציג׳ס ארמען לעבען מאנכעס מאָל טרעפען ליכטיגע מינוטען, א רייכע חתונה, א גביר׳שער נפטר אונד נאך אזעלכע צופאללען פלעגען איהם דאן איין ברייננגען עטליכע רובעל הכנסה; צייט א וואך אָדער צווייא איז בייא איטציג׳ען אין הויז געוועזען פרעהליך, דאן האט ער זיך ווידער אנגעפאנגען דער געוועהנליכער פינסטערער דלות, וועלכער איז בייא איהם אין הויז געוועזען א שטענדינער בעל הבית.

הירש בן־זאב איז אריין געגאנגען אין שטיבעל, וואו יענטעלע, איטציג׳ס פרויא איז דאן געשטאנען בייי׳ן קיך אונד געקאָכט קארטאָפעלס; א קראנקער קינד האט זיך אונרוהיג ארום געוואָרפען אין א ווינעל, וואס וואר אויף געהאנגען מיט שטריקלאך צום באלקען, אונד דיא איברינע קינדער האבען זיך ארום געוועלגערט אין בלאָטע נעבען הויז.

יענטעלע האט דעם אריין געקוממענעם בן־

זאב בעגעגענט מיט א „גוטען מאָרגען." אב־
ווישענדיג איהרע איינגעריכטע הענד מיט
איהר שמוטציגען פארטוך אונד צו טראגענדיג
איהם א ביינקעל זיך צו זעטצען.

„וואו איז אייער מאן" האט הירש גע־
פרעגט הוסטענדיג, דען דיא פערפעסטעטע
לופט האט איהם שיעור ניט דערשטיקט.

„וואו זאלל ער זיין? אין שוהל" האט
יענטעלע געזאגט, צו געהענדיג וויעגען דאס
קינד, וועלכעס האט יעצט אָנגעפאנגען צו
וויינען.

„איז דאס קינד קראנק?" האט הירש
געפרעגט, בעטראכטענדיג דאס האלב גע־
שטאָרבענע בעשעפנים וואס האט שוין קוים
געקענט אטהמען.

„יא, ער איז קראנק. ווייס גאט אויב ער
וועט שוין געזונד ווערען; דאס קינד געהעט
אויס פון הונגער אונד דורסט, מיר האבען ניט
מיט וואס צו קויפען פיר איהם רפואות אָדער
קרעפטיגע שפייזען."

„פערדיענט אייער מאנן גאָר ניט?"

„זעהר ווניג, שוין איינינע מאָנאטען איז
ניט געוועזען קיין חתונות אונד קיינע גביר'שע
נפטרים."

„אונד איהר אליין פערדיענט אויך ניט?"

„וואס קען איך טהון? איך מוז אכטונג
געבען אין שטוב אונד היטען מיין קראנקען
קינד."

„וואס טהוען אייערע גרעסערע קינדער?"

„שטיינס געזאגט! ווער זיינען מיינע
גרויסע? דיא עלטערע מיידעל איז נור 7 יאהר
אלט; זיא העלפט מיר וויא פיעל זיא קען."

הירש האט זיך שווער אבגעזיפצעט בע־
טראכטענדיג דיעזען דלות: ער האט ארויס
גענוממען א גאָלדענע מטבעה פון בייטעל אונד
איבער געגעבען יענטעלע'ן.

„נא, נעהם דאס, רעטטע דיין קינד"
האט ער געזאָגט מיט טרערען, בייא דער ערי־
נערונג אז זיין מענדעל ליעגט אויך אויף
א גוסס'ע בעט. „טראג איהם ארויס אויף דיא
פרישע לופט, דאָ אין שטוב מוז אפילו
א געזונדער מענש אויך קראנק ווערען." אונד
ווינשענדיג א גוטען טאג איז הירש שנעלל
ארויס געגאנגען.

איטציג דער שמש, יונג אין יאהרען אונד
אלט פון צרות אונד דאגות איז געוועזען בע־
שעפטיגט אין זיין שוהל אלס הירש בן־זאב
איז צו איהם געקוממען. אין קורצע ווערטער
האט ער איהם ערקלערט וואס ער פערלאנגט
אונד איטציג האט בשמחה רבה זיך אָן גע־
נוממען צו פאָהרען נאך טשערניגאָוו. א בע־
דייטענדע סומע געלד אלס פדיון פיר דעם
רבי'ן וואר איינגענעהט בייא איטציגען אין
גארטעל, א פוהר בעדונגען אונד דער שליח
האט זיך אריין געזעצט צו דער אברייזע.

„זעה וואס שנעללער אהין צו קוממען,
יעדענפאללס ניט שפעטער וויא אויף שבת"
האט הירש איהם אן געזאָגט בייא'ן געזעגענען.

אונטערדעססען האט מענדעלס געפעהר־
ליכער צושטאנד ערוועקט א טיעפען געפיהל
פון בעדויערען בייא אללע ארומיגע שכנים. בן־
זאב'ס הויז איז געוועזען פולל געפאקט דען גאנ־
צען טאג, איבערהויפט פון פרויען־צימממער;
יעדע איז געקוממען זיך ערקונדיגען אונד נאך
פרעגען וואס דער אינגעל מאכט אונד אויב עס
איז נאך דאָ אירגענד וועלכע האָפנונג ער זאָלל
בלייבען לעבען? יעדע בעזונדער האט געגעבען
פערשיעדענע עצות וויא מען זאָלל דעם קראנ־
קען בעהאנדלען אונד וועלכע רפואות מען
דארף אנווענדען. דיא קלוגע מירעל האט
אללעס אויסגעהערט אונד קיינע פון דיעזע
מיטלען געברויכט, אָבוואהל דיא ווייבער

האבען פערזיכערט אז זייערע עצות זיינען טייערער וויא גאָלד. צוויא - שכנה'טעס האבען זיך איבער דיא זאכע זעהר שטארק געהאנפּערט; הינדע קיערסאָן, א דיקע רויטע פרויא, האט געראטהען אז מען מוז דעם קראנקען מענטשעל לעגען קאלטע קאָמפּרעסען, וועהרענד חנה בענעפסקי, וואס איהר איינגעל איז אויך קראנק געווען אויף פיבער, האט בעהויפּטעט, דאס וויא זיא וויים פון פּראקטיקע, איז קאלטע זעהר שעדליך. גראדע פערקעהרט מען זאָלל הייסע קאָמפּרעסען געברויכען. עס האט שוין געהאלטען ניט וויט צו א קריעג, נור מירעל האט זייא בערוהיגט מיט דעם פערשפּרעכען, אז זיא וועט ביידע מיטטלען פּרובירען. נאַטירליך האט זיא נאכהער קיינע פון דיא עצות געפאָלגט, איהר גאנצע האפנונג איז געווען נור אויף דיא רפואה וואס דער בעל שם וועט שיקען.

פרייטאג מיטאג צייט איז מענדעל'ס צושטאנד נאך ערגער געוואָרען, ער האט ניט אויף געהערט צו ריידען פון היטץ. דיא יסורים פון דיא לעצטע איינינע טעג האבען זיך אין זיין ענטצינדעטען מוח אלס שרעקענס בילדער פאָר געשטעללט. דאָ האט ער געשריען געוואלד מען יאָגט, מען חאפּט איהם אונד אין א מינוט ארום האט ער מיט א געוויין גערופען דעם קליינעם ברודער יאנקעלע'ן. הירש אונד מירעל האבען זיך שוין מעהר ניט געקענט אויף האלטען זעהענדיג וויא זייער געליעבטער מענדעל ראנגעלט זיך מיט'ן טוט אונד האבען מיט איין מאָלל אָנגעפאנגען ביטטער צו יאממערען.

,,אָה, ווען עס וואָללט שוין אמאָל קוממען דער ענטפער פון רבי'ן!" האט מירעל געקלאגט.

,,איטציג מוז שוין זיין אין טשערניגאָוו" האט דער פערצווייפעלטער הירש געזאגט ,,מיר קענען איהם ניט ערוואַרטען צוריק פאַר מאנטאג."

,,אונד ביז דאן האבען מיר קיין מיטטעל דעם קינד צו רעטטען," האט מירעל מיט טרערען געזיפצעט.

דיא טהיר האט זיך געעפענט אונד א נאָהענטע שכנה'טע איז אריין געקוממען זיך נאכפרעגען וועגען דעם חולה.

,,מירעל" האט דיא פרויא געזאגט ,,איהר געדיינקט פאַריגעס יאהר בין איך נאך מיין קינדבעט געפעהרליך קראנק געוואָרען אויף פיבער; א זנאחארקע האט מיר דאן געגעבען דיעזען גראָז צו טרינקען מיט טהעע, איך האב דאפון אויס געניצט א קליינעם טהייל אונד איהר ווייסט וויא שנעלל איך בין געזונד געוואָרען. פאָלגט מיר פּרובירט דאס געבען דעם קראנקען; קיין שאדען קען דאס יעדענפאללס ניט מאַכען אונד אפשר וועט גאט רחמנות האבען אונד איהם שיקען דאדורך א רפואה."

יא, מירעל האט זיך ווירקליך ערינערט אז דיעזע פרויא וואר זעהר קראנק אונד איז פון דעם מיטטעל אין א גאנץ קורצע צייט געזונד געוואָרען. זיא האט באלד גענומען דעם גראָז, אויף געקאכט אין טהעע אונד דאמיט דעם קראנקען אָן געטרונקען.

,,גיעבט איהם דאפון וואס מעהר" האט דיא פרויא געראטהען, אוועק געהענדיג אהיים פארבערייטען צום שבת.

אויך מירעל האט זיך גענוממען צו מאכען שבת. דעם ערסטען מאלל-צייט נאך איהר חתונה האט דער געגרייטער טיש מיט דיא טהייערע דעקע, מיט דיא גאָלדענע אונד זילבערנע כלים איהר קיין פערגניגען געמאכט, דען וואס טויג איהר דאס גאנצע רייכטהום

אויב דאס קינד וועט שטארבען. הירש איז געזעססען פערצווייפעלט נעבען דעם קראנקען׳ס בעט, בעטראכטענדיג זיין ברענענדיגעס געזיכט אונד האָרכענדיג וויא ער רעדט פון היטץ. מענדעל׳ס צושטאנד האט זיך גאנץ וועניג פערבעסערט; ער האט געבעטען טרינקען אונד מירעל האט איהם ווידער געגעבען פון דעם זעלבען טהעע.

דיא נעכסטע קירכען גלאָקקע האט 5 אוהר געשלאגען. הירש איז אויף געשטאנען זיך אָן קליידען געהען אין שול, פלוצלינג האט ער דערהערט איין אונגעוועהנליכען אויפרוהר, א געלויף איממער נעהענטער צו זיין הויז; דיא טהיר האט זיך האסטיג געעפענט אונד איטציג, דער שליח נאך טשערניגאָוו, איז אריין געשפרונגען, אונד צו זאממען מיט איהם נאך א 12 שכנים פון דער גאס, וועלכע זיינען געוועזען זעהר אויף גערעגט. הירש האט זיך שטארק דער שראָקען וויא ער האט איהם דערזעהען.

„אום גאטעס וויללען, וואס איז דיא מעשה? ווארום ביסטו ניט אין טשערניגאָוו?״

„נוא, איך קום דאך יעצט פון דאָרט,״ האט איטציג געענטפערט, דאן האט ער זיך אָבגעשפיעלעט דיא קאפאטע אונד פאָרזיכטיג ארויס גענוממען פון א בייטעל וואס וואר צו געבונדען צו זיין האלז א קליינע קמיע אונד עס איבער געגעבען הירש׳ן „נעהמט, לעגט עס אונטער דעם קראנקען׳ס צונג, וועט ער באלד געזונד ווערען.״

„וואס איז דאס אזעלכע?״ האט הירש מיט א חשד געפרעגט.

„דאס איז דאך פון בעל שם. פרעגט ניט קיין פילל שאלות טהוט וויא איך זאג אייך, אבער באלד איידער שבת קומט, זאָנסט וועט עס נאכהער ניט נוטצען.״

פון גרויס פערוואונדערונג איז הירש א ווייל א געבליעבען שטעהען וויא א צומישטער, בעטראכטענדיג דיא קמיע, דעם שליח איטציג אונד דיא מענשען וואס האבען זיך יעדע מינוט מעהר אונד מעהר פערזאממעלט. אבער דאָ האט ער קיין צייט געדארפט פערליערען; ער איז באלד צו געלויפען צו קראנקען׳ס בעט אונד איהם אריין געלייגט אין מויל דיא קמיע אונטערן צונג.

„נא, מיין ליעב קינד, דער בעל שם שיקט דיר דיעזע רפואה, יעצט וועסטו מיט גאָטעס הילף געזונד ווערען.״

אונטער דעססען איז מענדעל שוין עטוואס בעססער געוואָרען. ער האט געעפענט דיא אויגען אונד א קוק געגעבען אויף זיין אָנקעל מיט ליעבע אונד דאנקבארקייט. „יא, גוטער אָנקעל, איך וועלל געזונד ווערען״ האט ער געזאגט אונד איז באלד אין א טיעפען שלאָף פערזונקען.

הירש האט דיא טהיר פון קראנקען צימער צו געמאכט אונד איז צוריק ארויס געגאנגען צו איטציג׳ען. דאָרט האבען זיך אונ־טער דעססען נאך מעהר מענשען צוזאממען געקליעבען, דען עס איז באלד געוואָרען א קאך אין דיא גאנצע גאסס פון דעם וואונדער אז איטציג האט צייט איין מעת לעת געמאכט א רייזע פון 4 טעג. אללע זיינען צו איהם צו געשטאנען ער זאָלל ערקלערען וויא איז דאס מעגליך געוועזען, אבער איטציג האט קיינעם ניט געוואָללט ענטפערען, ביז הירש בן־זאב איז צוריק ארויס געקוממען. מיט גרויס פורכט אונד מורא האבען דאן אללע אויס געהערט דיא וואונדערבארע נסים וואס ער האט יעצט הירש׳ן ערצעהלט, וויא ער איז היינט אין דער פריה אום 11 אוהר געקוממען נאך טשערניגאָוו אונד איז באלד אריין צום רבי׳ן, וועלכער איז

שוין געשטאנען ביי'ן טהיר אונד געווארט אויף איהם „דוא קוממסט צו מיר איטציג וועגען דעם חולה, דעם איינגעל פון קיעוו" האט דער בעל שם צו איהם געזאגט, דאן האט ער איהם איבער געגעבען דיא קמיע, וועלכע וואר שוין פערטיג אן געשריעבען אונד איהם געהייסען באלד געהען צוריק נאך קיעוו אונד דאס צו לייגען דעם קראנקען איידער עס וועט ווערען שבת, דען נאכדעם קען עס מעהר ניט האבען קיין קראפט פון א רפואה.

„איך בין דארויף זעהר פערוואונדערט געווארען" האט איטציג ווייטער דערצעהלט „אבער זאללט איהר געזונד זיין רבי" האב איך צו איהם געזאגט „עס איז דאך שוין פרייטאג נאך האלבען טאג, וויא איז דאס מעגליך אז איך זאלל זיין אויף שבת אין קיעוו, אונד מאכען אין איינינע שטונדען א רייזע וואס דארף דויערן צווייא טעג?" דער רבי האט אבער צו מיר געזאגט „פרעג ניט קיין שאלות, איך הייס דיר זיין אין קיעוו אויף שבת, דוא זאללסט דיא רייזע מאכען צו פוסס, זיך אויף קיין פוהר ניט זעטצען, הייב שוין אן צו געהען." איך האב איהם אוועק געגעבען דעם פדיון, וואס איהר האט דורך מיר געשיקט, אונד בין ארויס געגאנגען. וויא איך האב נור אן געפאנגען צו געהען איז דיא ערד געגען מיר געלאפען; מיר האט זיך געדוכט אז איך שטעה אין דער לופטען. וועלדער, פעלדער, שטעדט אונד דערפער האבען פערבייא מיר געשוועבט מיט דיא גרעססטע שנעלליגקייט, אונד אזוי בין איך גע־פלויגען, ביז איך האב פלוצלינג דערזעהען אז איך שטעה בייא אונזער שטאדט קיעוו, אונד בין באלד געקומען צו לויפען אהער מיט דיא קמיע."

איטציג'ס וואונדערבארע ערצעהלונג האט אויף אלעמען א טיעפען איינדרוק געמאכט.

„מען זעהט טאקע בעשיינפערלאך דעם גוטען אידען'ס נסים." האט איינער זיך אבגערופען.

„איך גלויב פון דיא גאנצע מעשה קיין האלבען ווארט ניט" האט א צווייטער אויס געשריען „דאס קען אויף דער וועלט ניט געמאללט זיין."

„אבער איהר זעהט דאך אז ער האט גע־בראכט דיא קמיע, מיט וועלכע ער האט אויף איין נאטירליכען אופן ניט געקענט אזוי גיך קוממען צוריק" האבען אנדערע איינגעווענדעט.

פיעלע האבען דאן אן געהייבען צו ער־צעהלען עהנליכע מעשות פון קפיצת הדרך, וואס זייא ווייסען אויף ריכטיג אליין, אדער וואס זייערע טאטעס האבען דאריבער געהערט. עס וואר וועגען דעם ענין זעהר פיעל געשפראכען, ערצעהלט אונד ערקלערט, אונד אללע האבען שטארק דיספוטירט מאכענדיג מיט דיא הענד.

הירש בן־זאב האט איטציג'ען אב גע־רופען אן א זייט.

„קוק מיר גלייך אין דיא אויגען, איטציג, איך וויל וויססען דעם אמת, איז דאס ריכטיג אללעס וואס דוא האסט ערצעהלט?"

„געוויס איז דאס ריכטיג. אויב איהר גלויבט מיר ניט קענט איהר אן פרעגען בייא דעם בעל שם."

„קענסטו שווערען בייא... גוט" האט הירש געזאגט, אבהאלטענדיג דיא איינענע רייד „מיר וועללען זעהען אויב דער איינגעל וועט געזונד ווערען מוז איך דיר גלויבען."

אלס איטציג איז דיעזען פרייטאג אבענד געקוממען אין שול, האט דער גאנצער עולם אויף איהם מיט גרויס בעוואונדערונג געקוקט. זיין געשיכטע האט זיך באלד איבער דער גאנ־צער שטאדט פערברייטערט, אונד אין יעדעם אידעשעס הויז האט מען וועגען דעם ניט אויף געהערט צו ריידען.

מענדעל האט מיט וואונדערבארע שנעלליגקייט אן געפאנגען זיך צו בעססערען. אויב דיא רפואה איז געקוממען פון דיא גראז, וואס דיא גוטע שכנה׳טע האט געבראכט, אויב פון דער קמיע, קענען מיר ניט וויססען; נור דער נאמען פון ר׳ לייזער דעם בעל שם, וואס האט שוין פריהער אויך איבעראלל געקלאנגען, איז פון דיעזע געשיכטע נאך מעהר פערהייליגט געווארען בייא אללע אידען פון דיא וייטערע מקומות אין רוססלאנד.

איטציג דעם שמש ארעמקייט איז אזוי וויא פערשוואונדען געווארען צייט ער איז געגאנגען אין שליחות נאך טשערניגאוו. זיין צושטאנד האט זיך ביסלאך וויים פערבעססערט אונד ער האט אנגעפאנגען צו מאכען אויסגאבען אויף וועלכע מען דארף האבען פיעל געלד. שלעכטע מענשען האבען אפילו אויס געטראכט דאס ער איז בלויז געגאנגען ביז דיא נעכסטע שטעדטעל נאווראק, אונד דארט אליין אויף געשריעבען דיא קמיע, וועלכע ער האט געבראכט הירש׳ן; דאס דעם פדיון וואס מען האט איהם מיט געגעבען פיר דעם בעל שם האט ער אראפ געלאזען צו זיך אין קעשענע; נור וויא דיא מעשה איז, אללע האבען געזעהען בעשיינפערליך אז מענדעל איז גערעטעט געווארען פון טויט אונד דיעזע וואונדערבארע רפואה איז געווען א טהאט זאכע, וועלכע קיינער האט ניט געקענט לייקענען אונד איטציג איז פון דאמאלס אן געווען געאכטעט אונד רעספעקטירט בייא דיא גרעסטע טהייל פון דער אידעשען געמיינדע.

## 10. קאפיטעל.

### א יונגער דענקער.

נאכדעם וויא מענדעל איז פאלקאממען געזונד געווארען האט ער זיך גענוממען צום לע־נען מיט דעם גרעסטען חשק; זיינע גלענצענדע פעהיגקייטען אונד ערהאבענע מעלות האבען איהם באלד פערשאפט א בעריהמטען נאמען, אלס אויסגעצייכענטען עילוי. דאצו האט ער היער, אין קיעוו, געהאט דיא בעסטע געלעגענהייט גרינדליך צו שטודירען דיא תלמודישע לעהרע. דיעזע שטאדט מיט איהרע צאהלרייכע בתי מדרשים, מיט איהרע גרויסע רבנים אונד בעדייטענדע אידישע בעפעלקערונג איז צו יענע צייטען געווען דער מיטטעל פונקט פון דעם גאנצען יודענטהום, אין דיא געגענדען פון דרום רוססלאנד, זא דאס פיעלע פון דיא גרעסטע געלעהרטע רבנים זיינען דאן ארויס געקוממען פון דיא קיעווער ישיבות.

דער אלגעמיינער בילדונגס־צושטאנד אין רוססלאנד איז דאמאלס געווען זעהר צו בעקלאגען. אונטער דיא סאלדאטען־הערשאפט פון ניקאלייא, איז יעדע ארט וויססענשאפט געווען בעטראכטעט אלס שעדליך פיר דיא רעגיערונג; פון קיין פאלקס שולען איז גאר קיין זכר ניט געווען, אונד דיא פאאר אוניווערסיטעטען אין לאנד האבען לחלוטין ניט פערדיענט דען נאמען פון ריכטיגע בילדונגס אנשטאלטען צו טראגען, אונד דאצו איז נאך געווען זעהר שווער אהין אריין צו קוממען. נעגען פריוואט לעהרער אונד גאווערנאנטינס ווארען דיא שטרענגסטע געזעטצען ארויס געגעבען. קיין יונגער מענש האט זיך ניט געדארפט ערלויבען פאהרען נאך אויסלאנד שטודירען, אונד אין אלגעמיין האט מען יעדען איינעם געמאכט דיא גרעסטע הינדערניסע פון רוססלאנד ארויס צו פאהרען. עס איז אבער אויך יעצט אין דיעזע פינסטערע מדינה ניט פיעל בעססער: דאס גאנצע פאלק דורך שניטליך איז פערגרעבט אונד פערווילדעט, אונד האט קיין שום בעגריף ניט פון אירגענד וועלכער מענשליכער קענטניס; זאגאר פון דיא רייכע

קיפלייטע, דיא מיללׇיאָנערען, זיינען דיא גרע־
סטע טהייל ניט אים שטאנד זייער נאָמען
אונטער צו שרייבען, אונד קענען אפילו קיין
געדרוקטען בוכשטאב ניט לעזען.

מען וואָללט איינענטליך געקענט גלויבען,
אז דיעניגע אידען, וואס זייער אונגליקליכער
גורל איז אויס געפאללען צו לעבען אין שכנות
מיט דיא רוססישע באַרבאַרען, זיינען דיא
ניעדריגסטע פון דער גאנצער אידעשער
נאַציאָן; דאס זיפצענדיג אונטער דעם יאָך
פון דער רוססישער טיראַנישער רעגיערונג,
האבען זייא אויס געהויבט דיא לעצטע ביסעל
קראפט מיט אירגענד וועלכע גייסטיגע לעהרע
זיך צו בעשעפטיגען. אבער אין דער טהאט
שטעהט עס גאַנץ אַנדערש; דער רוססישער
איד צייכענט זיך אויס איבעראלל מיט פיעל
מעהר פערשטאנד וויא זיינע קריסטליכע
שכנים; אין יעדער שטעדטעל, וואו עס וואָהנען
נור א מנין אידען, געפינט מען שוין א חדר,
אדער א שולל, וואו עס ווירד געלערענט ביבעל
אונד תלמוד; דען לערנען אונד שטודירען איז
דער וואהרער פונדאמענט פון דער אידעשער
רעליגיאָן, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרען
מעהר אויף וויססען וויא אויף גלויבען.
דארום זיינען בייא אידען פון אייביג אָן געעהרט
אונד געאַכטעט געוועזען אלס דיא גרעסטע מע־
נער נור דיעניגע וואס זיינען געשטאנען הע־
כער אין געלעהרזאמקייט אונד גייסטיגע
מעלות. דער איד האט ניט פיעל קלערענדיג
גוט פערשטאנען אז זיין גאנצע מאכט בע־
שטעהעט נור אין לערנען; דאס נור דיא ענט־
וויקלונג פון זיין פערשטאנד קען איהם געבען
מוטה אונד געדולד דורך צו לעבען יאהר־
הונדערטע פון גרויזאמע פערפאָלגונגען. אין
יענע שרעקליכע צייטען, ווען איבעראלל האט
געהערשט אכזריות, מערדערייא אונד פאַ־
נאטיזם, ווען דער איד וואר אָהנע דאס מינ־
דעסטע שולד אומעטום געיאגט אונד געפלאגט,
דאן האט נור דיעזע לוסט צום לערנען, דיעזע
ענטוויקלונג פון זיין העבערען גייסט איהם גע־
געבען כח אונד קראפט אללע געברענטע
ליידען אונד פירכטעליכע צרות מיט טאפפער־
קייט אריבער צו טראגען.

אבער וואו עס איז דא ליכט גיעבט עס
אויך שאטטען אונד עס איז ניטא קיין מעלה
וואס זאָלל ניט האבען איהר חסרון. דיא
פינסטערע צייטען פון אלגעמיינער אונוויסענ־
הייט אין מיטטעלאלטער, אונד דיא יעצטיגע
באַרבאַרישע בעהאנדלונגען אין רוסלאנד,
האבען אויך אויף דעם אידען איין מעכטיגען
איינפלוס געהאט. ער האט זיך אבגעגעבען
מיט לייב אונד לעבען נור צו דעם תלמודישען
שטודיום; זיין גאנצעס הערץ, זייז פאָללען פער־
שטאנד האט ער געשאָנקען נור צו דער רע־
ליגיאָנס־לעהרע אונד פון אללע איבעריגע
וועלטליכע חכמות אונד וויססענשאפטען האט
ער זיך אבגעווענדעט מיט האסס אונד פער־
אכטונג. דאס האט איהם געפיהרט צום
אבערגלויבען, פאנאטיזם אונד מענשען פיינד־
שאפט; דאס האט אין איהם פערפלאנצט
ווילדע לעבערליכע מנהגים אונד דאס האט
איהם ערניעדריגט אין זיין געזעללשאפטליכען
אונד מענשליכען לעבען.

דיא תלמודישע לעהרע, וועלכע ענטהאלט
אין זיך דיא גרעסטע אידישע ליטעראטור פון
דיא אלטע צייטען, איז א צוזאממען מישונג פון
היסטאָרישע פאקטען מיט קינדערישע לעגענדעס;
פון וויססענשאפטליכע אונטערזוכונגען מיט
פוסטע פלפולים; פון ערהאבענע מאָראלישע
רעגעלען מיט אָן נוטצליכע דינים. דיא פער־
פאססונג פון דעם תלמוד האט געדויערט
לאנגע יאהרהונדערטע· עס האבען דארין

אנטהייל גענוממען דורות פון תנאים, אמוראים
אונד אנדערע אידעשע גלעהרטע אין פער־
שיעדענע לענדער; יעדער איינצעלנער פון דיעזע
תלמודישע שרייבער אדער פערפאססער האט
אויס געשפראכען זיין מיינונג; גוט אדער
שלעכט, קלוג אדער נאריש, מענשליך אדער
ווילד,— דאס איז געוועזן אבהענגיג פון דעם מין־
דאמר וואס האט עס אויס געשפראכען, פון דעם
לאנד וואס ער האט בעוואהנט, פון דער צייט
אין וועלכע ער האט געלעבט אונד פון זיינע
אייגענע פערזענליכע אנזיכטען. דארום זיינען
אויך יעצט דיא תלמודישע געלעהרטע פער־
שיעדען; דער וואס האט אין זיין לעבען קיין
אנדערע בילדונג גענאססען בלייבט גרעסטענ־
טהיילס א ווילדער פאנאטיק, מיט משוגע'נע
אידעען אונד לעבערליכע זיטטען, וועלכער
לעבט אין דען פערשיעמעלטען אלטערטהום,
שוועבט אין א פאנטאסטישע וועלט אונד
געהערט צו זיין צייט, צו דער יעצטיגען וועלט,
פונקט וויא א בר־מנן צו א חתונה. דאגעגען
וויים דער גרינדליך אויף געקלערטער מאן אויף
דיעזען רעליגיעזען פעלד צו זאממלען אללעס
וואס איז גוט, שעהן אונד ערהאבען אונד מיט
זיין קלארען גייסט אן צו ווענדען דיעזע
לעהרע פיר זיין אייגענעם פארטהייל אונד פיר
דעם נוטצען פון דער גאנצער וועלט. יא, דער
תלמוד איז ווירקליך א ים, וויא אונזערע גאונים
האבען איהם א נאמען געגעבען, אבער א ים
אויף וועלכען נור דער קאמפאס פון דער
ציוויליזאציאן קען צייגען דיא ריכטיגע וועג.

דער אלטער קיעווער רב, דער בעריהמטער
ר' יוטעלעס, איז געוועזן עטוואס מעהר אויף־
געקלערט וויא אללע אנדערע רבנים פון
רוססלאנד אין יענע צייטען. אין זיינע יונגע
יאהרען האט ער זעהר פיעל גערייזט דורך
דייטשלאנד אונד עסטרייך, וואו ער האט
געהאט דיא געלעגענהייט אייניגער מאססען
זיך אין פערשיעדענע וועלטליכע קענטניסע
אויס צו בילדען אונד דאמיט איז ער געשטא־
נען העכער פון זיין געמיינדע אין קיעוו. עס
האבען זיך אפילו געפונען פערשיעדענע פינסטע־
רע קנאים, וואס האבען געהאט דיא חוצפה צו
בעהויפטען אז דער רב איז א געהיימער אפי־
קורוס, דאס זיינע פרייזיניגע אידעען זיינען
געגען דעם יודענטהום אונד דאס בייא איהם
געפינען זיך, (אה, שרעקליך, שרעקליך;)
א תנ"ך מיט דעם בערלינער ביאור פון
משה מענדעלזאהן, געגען וועלכען דיא דא־
מאליגע ארטהאדאקסיע האט ארויס געגעבען
א שטרענגען חרם. אבער דיעזע אללע רכילות
האבען גאנץ ווייניג געגאלטען אונד ר' יוטעלעס
איז געוועזן רעספעקטירט אונד געאכטעט בייא
אללע קיעווער אידען. בייא דיעזען רב אין ישיבה
איז אונזער מענדעל אריין געקוממען באלד
וויא זיין געזונד האט איהם ערלויבט, זיך מיט
לערנען צו בעשעפטיגען; אין א קורצע צייט
איז מענדעל בייא איהם געווארען איינער פון
בעסטע אונד בעליעבטעסטע תלמידים.

ר' יוטעלעס הויז איז געשטאנען אין רעכטען
מיטטעל פונקט פון אידעשען קווארטאל, ארום
גערינגעלט מיט אלטע נעדריגע־בעוואהנטע
הייזער. דיא ארדנונג אין הויז איז געוועזן זעהר
זויבער אונד ציערליך, אבוואהל אהן איבעריגען
לוקסוס; דיא גרויסע פאדער־צימער, וועלכע
האט געדיענט אויף צו נעהמען דיא פיעלע
בעזוכער, איז געוועזן גאנץ בעקוועם איין גע־
ריכטעט. שעהנע בילדער פון ביבלישע שצענעס
וועלכע האבען פערציערט דיא ווענד, דער
גלענצענדער הייננ־לייכטער אונד דיא גאנצע
געשמאקפאללע איינארדנונג האבען געגעבען
דיעזע צימער איין אנזיכט פון היימאטהליכ־
קייט אונד פריעדען. רבקה, דעם רב'ס פרויא,

איינע אנגענעהמע אונד אנשטענדיגע פערזאָן, איז יעצט געווען בעשעפטיגט דעם טיש צו גרייטען צו מיטטאג. דיעזע רבקה איז געווען א טיעפּ פון יענע פּארצייטיגע אידעשע פרויען, וועלכע האבען זיך אויסגעצייכענט מיט איינפאַ־כע גוטהערצינקייט, אמת'ע פרומקייט, אָהן המצאות אונד אָהן איבעריגען פאנאטיזם. איהר בעריהמטען מאן האט זיא געשעצט העכער וויא אללע מענשען אין דער וועלט. ארמע אונד נויטליידענדע האבען בייא איהר אימער געפונען שטיטצע אונד הילפע, פון פערשיעדענע צדקות אונד אנשטאלטען, מיט וועלכע זיא האט זיך זעהר פיעל בעשעפטיגט; דאפיר וואר זיא אויך געליעבט אונד געשעצט פון דער גאנצער אידעשער בעפעלקערונג. אין איהר גאנצען לעבען האט זיא געהאט דרייא זין אונד אללע זיינען געשטאָרבען; צו דער עלטער איז איהר געבליעבען נור דיא איינציגע טאכטער רחל, צו וועלכע זיא וואר יעצט מיט איהר גאנצע מוטערליכע צערטליכקייט איבער געגעבען.

„עס וואָללט מיר געווים א גרויסע נחמה געווען ווענינגסטענס איין זוהן צו האבען" פלעגט זיא שטענדיג זאגען „אבער געגען דעם אויבערסטענס הייליגען וויללען טאָר מען ניט דענקען."

איין אינווענינגסטער טרעפ האט געפיהרט אויף דעם צווייטען שטאָק, וואו עס וואר דעם רב'ס פּריוואט וואָהנונג, אונד גראדע געגענ־איבער צו דער לינקען זייט וואר דער אריינ־גאנג אין א בעזונדערע צו געבויטע הויז, אין וועלכע עס איז געווען דיא ישיבה. דיעזעס הויז איז בעשטאנען פון צווייא גרויסע צימערען; אין דער ערסטען וואר דיא אבטהיילונג פיר דיא קלענערע קינדער, מיט דיא האט געלערענט א יונגער מלמד, וועלכער האט פעסט געגלויבט אז דאס בעסטע מיטטעל אריין צו האקען דיא תורה אין דיא יונגע מוחות, איז נור וויא וויית מעגליך מעהר זיינע תלמידים צו שלאָגען; דער־נאך האבען זייא אין אלגעמיין בייא איהם קיין גוטע פאָרטשריטע געמאכט. דיא פעולה פון דיעזער ארט ערציעהונג איז געווען נור אזוי פיעל, דאס ער האט דיא אידעשע קינדער, שוין יעצט אין דיא יונגע יאהרען, איינגעוואָהנט גע־דולדיג צו ערטראגען קלעפּ, וועלכע זייא שטעהעט פאָר מיט דער צייט נאך מעהר אויס צו ליידען אין דער קריסטליכער וועלט. דער רב אליין פלעגט אָפט מאָל אריין געהען אין דיעזע אבטהיילונג, אכטונג געבען וויא עס געהט דאס לערנען. אין זיין געגענווארט איז דער בייזער מלמד געווען א צערטליכער אונד א ליעבליכער ערציעהער, דען שלאָגען א קינד וואר בייא דעם רב שטרענג פערבאָטטען.

אין דיא צווייטע צימער איז געווען דיא אנדערע אבטהיילונג פון דער ישיבה, פיר דיא גרעסערע תלמידים וועלכע זיינען געווען פעהיג פיר דיא העכערע תלמודישע לעהרע. מיט זייא האט געלערענט דער רב אליין, אין אלטער געאכטעטער מאן פון א יאהר 60. זיין גרויע באָרד וואס האט בעדעקט זיין גאנצע ברוסט, זיין בלייכעס עדעלעס געזיכט האט איהם גע־געבען איין אנזעהען פון מילדען ערנסט אונד פון איינע רעספעקטפאללע ערשיינונג. אין קיעוו וואר ער אנגעשטעללט אלס רב שוין מעהר וויא 30 יאהר אונד זיין נאמען אלס גרויסער תלמודיסט איז געווען וויית אונד ברייט איבעראלל בעריהמט.

אין זיין ערציעהונגס מעטהאָדע האט דער רב ניעמאלס בענוצט שלאגען אָדער גראָבע בעשטראפונגען; זיינע תלמידים האבען איהם אזוי פיעל געליעבט אונד געאכטעט דאס נור איין בליק, איין שטיללער בייזער פון איהם

האט אויף יעדען פון זייא געמאכט דען טיעפ־סטען איינדרוק. אין דער צייט פון לערנען פלעגט אימער נעבען איהם זיטצען זיין איינציגע 9 יאהריגע טאָכטער רחל; עס איז שוין יעצט געווען אן צו זעהען אז דיעזעס קינד וועט מיט דער צייט אויס וואקסען א בליהענדעס שעהנעס מעדכען. איהרע טיעף דונקעלע אויגען, איהר פראכטפאללע שווארצע האאר, איהרע ראָזענ־פארבינע ליפפען אונד איהר פרעהליכער קינ־דישער שמייכעל האט פאָרגעשטעלט א הערר־ליכעס בילד פון קינדליכע ליעבליכקייט. דער פאטער האט זעהר געליעבט אונד געצער־טעלט דאס קינד, וועלכעס האט געהאט גרויס פערגניגען צו זיטצען בייא איהם ווערהענד דיא צייט פון לערנען, אונד איהר געגענווארט האט אויף געמאכט אין איינפלוס פון פערפיינע־רונג אויף דיא יונגע אינגלאך, דען יעדער איינער פון זייא האט איהר זעהר בעליעבט.

טיעפע שטיללע האט געהערשט אין דעם צימער, ווערהענד דער רב האט פאָרגעטראָ־גען דעם שיעור פון דעם טאג. אללע האבען מיט גרויס אויפמערקזאמקייט זיך צו געהערט צו זיינע דייטליכע ערקלערונגען, וועלכע האבען יעדען תלמיד זעהר שטארק פעראינטערעסירט. פערשיעדענע פראגען ווארען געשטעללט אונד דער רב האט דארויף געגעבען קלוגע אונד ריכטיגע אנטוואָרטען, ענדליך האט זיך דיא צייט פון לערנען געענדיגט, דיא תלמידים זיינען רוהיג פאנאנדער געגאנגען, נור מענדעל איז געבליעבען זיטצען ווארטענדיג.

,,דוא פערלאנגסט עטוואס מיין קינד?" האט דער רב איהם געפרעגט.

,,יא, רבי; אויב איהר געהט יעצט שפּא־ציערען ערלויבט מיר אייך צו בעגלייטען."

דער רבי האט מיט צופריעדענהייט איין געווילליגט. צייט דיא 6 מאָנאטען וואס מענדעל האט געלערענט בייא איהם אין ישיבה האט ער אימער מעהר אונד מעהר געהאט דיא געלעגענהייטען צו בעוואונדערען דען אונגע־וועהנליכען שארפען פערשטאנד פון דעם אינ־געל, אונד צו יעדער צייט האט עס דעם אלטען מאן פיעל פערגניגען פערשאפט מיט איהם זיך צו אונטערהאלטען.

זייא זיינען ביידע שווייגענדיג דורך גע־גאנגען דיא ענגע שמוטציגע שטראססען פון דעם אידעשען קווארטאל, ביז זייא האבען ער־רייכט דיא אָפפענע פרייע פעלדער. דער רב האט זיך היער אָב געשטעללט, אום מיט פאָללען ברוסט דייא פרישע לופט איין צו אטהמען.

,,היער, אין פעלד" האט דער רב געזאָגט ,,שפירט מען ערסט וואס פיר איין שעדליכע לופט מיר זיינען געצוואונגען צו אטהמען אין אונזער אידעשען קווארטאל."

,,איהר, רבי, האט אין אייער לעבען גענוג וועלט געזעהען. זאגט מיר געפעלליגסט, ווערען אונזערע אידען איבעראלל אזוי גרויזאם בע־האנדעלט וויא בייא אונז אין רוססלאנד?" האט מענדעל מיט איין אומעטיגע שטיממע געפרעגט.

,,ליידער, מיין קינד, ערטראגען מיר כמעט איבעראלל צרות, אבער וואס מיינסטו מיט דיין פראגע?"

,,איך מיין – ענשולדיגט מיר רבי, איך גלויב אז מיר זיינען אליין שולדיג אין אללע אונזערע אונגליקען."

דער רבי האט א קוק געגעבען אויף מענ־דעל'ן מיט פיעל ערשטוינונג.

,,דאס איז זעהר א וויכטיגע פראגע פיר אזא קליינעם יונגע וויא דוא ביסט. פון וואנען קוממען צו דיר אזעלכע געדאנקען?"

,,איך האב דאריבער זעהר פיעל נאך גע־

דאכט" האט מענדעל געזאגט „אונד איך גלויב אז אונזער צושטאנד וואללט ניט אזוי שלעכט געוועז ווען מיר זאללען לעבען וויא אנדערע נאציאָנען."

„דאפון זאלל אונז גאָט שומר ומציל זיין!" האט דער רב זיך האסטיג אבגערופען „דעם אידענ'ס גרעסטעס אונגליק איז צו יעדער צייט ענטשטאנדען, נור דאן, ווען ער האט געוואָללט נאך טהון דיא מאָדעס פון פרעמדע פעלקער. אונזער איינציגע ישועה ליעגט נור אין דער אמונה פון אונזערע על־טערען אונד אין אונזערע אבגעזאָנדערטע פאָלקס־זיטען. דוא, מיין קינד, ביסט נאך צו יונג אום אזעלכע זאכען ריכטיג צו בעאור־טהיילען; דוא דארפסט נור געהאָרכזאם זיין אונזערע הייליגע רעליגיאָנס געזעטצען אונד ניט זוכען זייא צו קריטיזירען."

מענדעל האט רוהיג אויסגעהערט דיעזע מילדע פאָרווירפע פון זיין בעליעבטען רבי'ן. א קורצע צייט האבען זייא ביידע שוויינגענדיג געשפאציערט, ענדליך האט דער אינגעל זיך אָב גערופען.

„איינער פון אונזערע גרעסטע תנאים זאָגט: איזהו חכם הלומד מכל אדם, נור דער אין וויסענשאפטליך וועלכער שעפט דיא חכמה פון אללע קוועללען. זאָגט מיר, ליעבער רבי, גיעבט עס אירגענד וואו אין תלמוד א דין, א פערבאָט, אז מען טאָר ניט לערנען קיין פרעמדע ביכער אויסער דיא אידעשע וואס בעשעפטיגען זיך נור מיט אונזער רעליגיאָן?"

דער רבי האט זיך שטארק פערטראכט וואס פיר איין אנטוואָרט צו געבען.

„דיא פאָריגע וואך" האט מענדעל ווייטער געזאגט „האב איך צופעלליג בעקומען א רוססישען בוך אונד האב געוואָללט זיך אוים לערנען לעזען דיעזע שפראכע, כדי צו זעהען מיט וועלכע וויססענשאפטען בעשעפטיגען זיך דיא אומות העולם. אבער מיין אָנקעל דער־זעהענדיג דיעזעס בוך בייא מיר האט עס באלד אריין געוואָרפען אין פייער אונד זעהר שטארק בעקלאגט דאס אין מיינע הענד איז אריין געקוממען אזא טומאה. איך זאָג אייך דעם אמת, רבי, אז איך בין אליין אין ספק; דער אָנקעל איז דאך צו מיר אזוי גוט, פיל־לייכט איז דאס באמת א גרויסע עבירה צו לערנען עטוואס אנדערעס אויסער דעם תלמוד?"

דער ווירדיגער רבי האט זיך ווירקליך גע־פונען אין א גרויסע פערלעגענהייט וויא דעם יונגען דענקער צו ענטפערען. איהם אליין האט זיינע ערפאהרענהייט אונד וועלט קענטנים שוין לאנג געעפענט דיא אויגען צו זעהען דעם נאַרי־שען פאנאטיזם וואס בעהערשט דעם גאנצען רוססישען יודענטהום. ער האט זעהר שטארק בעקלאגט דאס דער ערהאבענער גייסט פון זיין פאָלק איז פערזונקען אין א שמוטציגען זומפף פון אבער גלויבען אונד דוממע מנהגים. זיינע געדאנקען האבען איהם יעצט פאָרגע־שטעללט דיא לענגסט פערשוואונדענע צייטען, דיא יונגע יאהרען פון זיין אייגענעם לעבען, אלס ער אליין האט אויך געביינקט נאך וועלט־ליכע חכמות אונד אללגעמיינע וויסענשאפ־טען אונד איז געצוואונגען געוועזען זיך צו בע־האלטען אויפ'ן בוידעם, אָדער אירגענד וואו אין וואלד, אום דיא דייטשע אונד רוססישע שפראכען צו ערלערנען. ער האט גוט פער־שטאנען וואס בייא דעם יונגען קינד אין הערצען געהעט פאָר; זיין לוסט, זיין חשק צו לערנען בילדונג האט אויף דעם אלטען מאן א טיעפען איינדרוק געמאכט. אבער וואס זאָלל ער טהון? זאָלל ער דעם אונשולדיגען קינד ראטהען עפענטליך ארויס צו טרעטען געגען דיא איינ־געוואורצעלטע מיינונגען פון זיין פאָלק? זאָלל

ער איהם דאמיט אין אונגליק שטירצען אום מיט דער צייט אלס אפיקורוס פערפאלגט צו ווערען?

„איהר ווילט מיר ניט ענטפערען, רבי״ האט מענדעל מיט א טרויריגע שטיממע געזאגט „איז דען ווירקליך מיין שולד אזוי גרויס?״

דער רב האט מיט א גרויסע רויטע טאַ־שענטוך אבגעווישט זיין פערשוויצטען שטערן אונד איין געלאדען דעם תלמיד זיך נעבען איהם אויף דעם גראָז צו זעטצען.

„מיין ליעב קינד״ האט ער מיט פיעל צערטליכקייט צו איהם געזאגט „דיא פראגע וועלכע דוא האסט בעריהרט איז אזוי ערנסט אונד וויכטיג אז דוא קענסט איהר קוים מיט דיין יונגען שכל בעגרייפען. מיר אידען זיינען יעצט צו זייט אונד צו שפרייט צווישען פער־שיעדענע אומות אין דער גאנצער וייטען וועלט; דאס איינציגע וואס האלט אויף אונזער קליינע נאציאָן, אז זיא זאלל אין גאנצען ניט פערניכ־טעט ווערען, אונד זיך צו מישען מיט דיא איבעריגע גרויסע פעלקער, איז נור אונזער הייליגע תורה, אונזער אמונה, אונזערע פאלקס זיטטען, דיא רעליגיעזע געבאָטען מיט וועלבע אונזערע גרויסע געלעהרטע האבען אונז אבגע־זונדערט פון אללע אנדרע פעלקער. שטעלל זיך פאָר, מיין קינד, וואס וואָללט פון אונז געוואָרען, ווען מיר זאָללען אין יעדע לאנד אָן נעהמען דיא לעבענס־ווייזע פון אונזערע שכנים; ווען מיר זאָללען בעפלעקען אונזער נאציאָנאלען קערפער מיט זייערע מאָרעס אונד פעראונ־רייניגען אונזער גייסט מיט זייערע אידעען; מיר וואָללטען דאן צערשפּליטערט געוואָרען אין פערשיעדענע קליינע פעלקערלאך אונד דער נאמען פון דעם אלגעמיינעם יודענטהום, אלס נאציאָן, וואָללט אין א קורצע צייט אויף געהערט צו עקסיסטערען. דארום איז עס אויך קיין חידוש ניט, אז דער איד בעטראכט מיט דיא גרעסטע האסס אונד פערדאממונג אללע פרעמדע איינפלוססען אונד זוכט זיך אויס צו היטען פון זייערע שפראכען זאגאר פון זייערע וויססענשאפטען. אונד באמת, האבען מיר דען ניט אויף וואס שטאָלץ צו זיין? שטעהען מיר דען ניט אין יעדער מענשליכער הינזיכט העכער פון דיא האלב ווילדע רוססישע פויערים, דיא חמורים, זאגאר פון זייערע זאגענאנטע ארי־סטאָקראַטען? קענסטו דען פערגלייכען אונזער ערציעהונג צו זייערע? אין אונוויססענהייט אונד פינסטערנים פערברייגגען זייא דען לעבען, אזוי וויא אין וויסטען מדבר, אונד עס וואללט ווירקליך שאדע געווען אויס צו בייטען דיא ערהאבענע לעהרען פון אונזערע געטליך בע־גייסטערטע חכמים אויף זייערע פוסטע שוואַט־צערייען.״

„אבער רבי״ האט מענדעל איינגעווענדעט „געפינען מיר דען בייא דיא אומות העולם גאר קיין קענטנים אונד בילדונג? ווארען דען בייא זייא ניט קיין גרויסע מענער, וואס האבען בע־לייכטעט דיא וועלט מיט וויססענשאפט אונד חכמות? מיר אידען, אלס געבילדעטעס אונד געלעהרטעס פאלק, קענען פערבלייבען טרייע קינדער צו אונזער נאציאָן, אמת׳ע פערעהרער אונזער אמונה אונד צו דער זעלבער צייט זיך לערנען אויך פון דיא גוים וואס נוטצליך אונד גוט איז, נעהמט אלס ביישפּיעל דיא בעזונדערע שפראכע, וועלכע דער איד פיהרט, אונד וועלכע ער פערהייליגט, פונקט אזוי וויא זיא וואללט איהם געגעבען געוואָרען אויף׳ן בארג סיני; דער סוף איז, אז ער איז ניט אים שטאנדע זיך אין דער לאנדעס שפראכע צו־ערקלערען, אונד וויא ער עפענט נור אויף זיינע ליפּפּען בעהאנדעלט מען איהם שוין מיט שנאה

אונד פּעראכטונג. ווען מיר זאָללען אבער גרינדליך קענען דעם לשון המדינה וואָללטען מיר א סך ווייניגער ערניעדריגונג געווען אונד עס וואָללט צו פיעלע פערפאָלגונגען ניט געקוממען.״

„דוא האסט א טעות, מיין קינד״ האט דער רבי מיט א טרויריגע שטיממע געענטפערט „מיר ליידען צרות ניט איבער איין איינציגע אורזאכע וויא דיא שפּראכע אונד דערגלייכען; אונז פערפאָלגט מען איבער פערשיעדענע סיבות, פון וועלכע דיא וויכטיגסטע איז פאַנאטיזם אונד רעליגיאָן׳ס האסס. דיא קריסטליכע וועלט קען אונז ניט מוחל זיין דעם חטא וואס מיר האבען בעגאנגען געגען זייער משיח אונד ניעמאלס וועללען זייא דעם אידען בעטראכטען אלס זייער גלייכען; זייא וועללען קיינמאָל ניט צו געבען דאס מיר זיינען דיעזעלבע מענשען מיט מענשליכע געפיהלען אונד מיט גלייכע רעכטען אויף דער וועלט צו לעבען. דיא בעהאנדלונגען געגען אונז וועללען קיין מאָלל ניט זיין בעססער וויא יעצט, אונד דעם אידענס קענטנים, זיין בילדונג קען דיענען נור דאצו אום זיינע יסורים צו פערגרעססערען. דער פּראָסטער איד שפּירט פיעל וועניגער דיא צרות אונד דיא בעליידיגונגען, ער זיפצעט זיך אָב אונד בלייבט דענאך אייניגער מאססען צופריעדען מיט זיין אונגליקליכען צושטאנד, וועהרענד דעם געבילדעטען אונד געלערנטען אידען איז ווירקליך צו בעקלאגען; יעדעס וואָרט מיט וועלכען מען ערגערט איהם, יעדע תנועה פון שפּאָט אונד פעראכטונג שטעכט איהם וויא מיט שפּיעזען. ער פיהלט זעהר גוט זיין הילפלאָזע עלענדע לאגע אונד זיין גאנצעס לעבען איז א וואהרער יאממער טהאל.״

דיא לעצטע ווערטער, וועלכע דער רב האט געשפּראָכען פון זיין אייגענע ביטערע ערפאהרונג האבען גערירט מענדעל׳ס יונגעס הערץ, ער האט מיט גרויס ליעבע אונד רעספעקט געדריקט דיא הענד פון זיין גוטען אלטען לעהרער זיטצענדיג נעבען איהם פערלאָרען אין זיינע טרויריגע געדאנקען.

„א וואָהלער אינגעל״ האט דער אלטער בייא זיך געדאכט וואָרפענדיג אויף זיין תלמיד א ליעבליכען בליק „מען דארף איהם נור מדריך זיין אין דיא ריכטיגע וועג, וועט ער מיט זיינע גלענצענדע מעלות אויף וואקסען אלס איינער פון דיא גרעסטע מענער, וואס בעשיינען אונזער יודענטהום.״

„קומם, מענדעל, לאָמיר געהן אהיים״ האט דער רב געזאגט זיך אויף הייבענדיג.

„רבי, פילייכט האב איך אייך בעליידיגט מיט מיינע פראגען?״

„ניין, מיין קינד, אין געגענטהייל, מיר טהוט גרויס הנאה אז דוא האסט אָנגעפאַנגען צו דענקען, דען דארין בעשטעהעט דיא גאנצע מענשליכע קראַפט אונד דער גוטער דענקער איז געוועהנליך אויך דער אנפיהרער פון זיין פאָלק. היינטיגער שפּאציער גאנג האט מיר זעהר פיעל פערגניגען פערשאפט. קירצליך וועללען מיר אונזער געשפּרעך ווייטער ערקלערען.״

מענדעל האט מיט גרויס שמחה געדאנקט זיין רבי׳ן, וועלכער האט איהם פערשפּראָכען בייא איין אנדער געלעגענהייט צו ערצעהלען זיין לעבענס געשיכטע אונד וועגען זיינע פיעלע רייזען וואס ער האט אין זיינע יונגע יאהרען געמאכט. אונטערדעססען זיינען ביידע צוריק אין שטאדט געקוממען, וואו זייא האבען זיך געשיידעט אונד יעדער איז נאך הויז געגאנגען.

## 11. קאַפּיטעל.

### דער אמעריקאנער אפּיקורוס.

אכט טעג זיינען פערפלאססען נאך דיא

בעגעבענהייטען וואס מיר האבען אין דען פאָ־
ריגען קאפיטעל פארגעשטעללט. הירש בן־זאב איז מיט האסטיגע גרויסע טריט געגאנגען נאך הויז אונד גלייך וויא ער איז נור אריין אין טהיר האט ער אנגעפאנגען צו רופען „מירעל, מירעל! קומם נור אהער, איך האב דיר וויכטיגע נייעס צו זאגען!"

מירעל וועלכע איז גראדע דאן געווען בע־
שעפטיגט אין דער קיך מיט זאלצען פלייש איז ארויס געשפרונגען זעהר פערוואונדערט מיט נאססע הענד, פולל מיט זאלץ.

„וואס איז דער מעהר? וואס שרייסטו?" האט זיא מיט ערשטוינונג געפרעגט.

„טרעף ווער איז געקוממען נאך קיעוו?"

„פון וואנען קען איך דאס וויססען?"

„אבער דאך טרעף!"

„דוא רעדסט ווירקליך דומהייטען! איך קען אזוי ראטהען ביז משיח וועט קוממען אונד ניט טרעפען ווענען דוא מיינסט."

„פייוועל הארעטצקי, דיין קוזין אונד געוועזענער חתן."

אויף מירעל'ס שעהנעם געזיכט האט זיך א שמייכעל פון נייגיעריגען וואונדער אויס געמאהלט.

„פייוועל הארעטצקי איז דא? ווען איז ער געקוממען?"

„היינט פריה; מיר האט דאס עבען יעצט ערצעהלט איטציג דער שמש, וועלכער ווייס אללע נייעס פון שטעדטיל. הארעטצקי איז געקוממען פון אמעריקא זיינע עלטערען צו בעזוכען אונד דאן וועט ער זייא מיט נעהמען אהין, אין יענע ווייטע מדינה, הינטער דעם גרויסען ים."

„וויא וועזט ער יעצט אויס? האט ער זיך פיעל געענדערט?"

„געוויס!" האט הירש אויס גערופען „איטציג זאגט אז דער בארד איז בייא איהם אין גאנצען אב געגאָלט אונד ער וועזט אויס ריכטיג וויא א גוי. וואהרשיינליך האט ער אין אמעריקא פערלארען דיא לעצטע ביסעל אידעשקייט, פון וועלכע ער האט פריהער אויך גאנץ וועניג געוואוסט."

„דוא וועסט איהם נאטירליך איין לאדען צו אונז, הירש?" האט מירעל בייא איהו־
מאן געפרעגט.

הירש האט פון דער זייט א וואָרף גע־
געבען מיט'ן אויג אויף זיין ווייב אונד מיט א זויערע מינע געזאגט.

„איך ווייס ניט, מיר וועללען זעהען."

הירש בן־זאב האט ווירקליך געהאט א גרינדליכע אורזאכע זיך צו בעדענקען אויב איהם פאסט איין צו לאדען אזא גאסט צו זיך אין הויז. אלס פרעזידענט פון דיא גרויסע שולל אונד אלס איינער פון דיא פרומססטע בעלי־
בתים אין דער גאנצער געמיינדע איז איהם פיללייכט גאר ניט אנשטענדיג געווען מיט אזא פערזאן קאמפאני צו פיהרען. פייוועל האר־
רעטצקי איז געווען בעוואוסט אין גאנץ קיעוו אלס א צו לאָזענער אונד פערדאָרבענער יונג, אָבוואהל ער האט אין זיין לעבען ניעמאנדען פערזענליך עטוואס שלעכטעס געטהון, אונד אין אללגעמיינעם מענשליכען זין וואללט קיינער געגען זיין אויפפיהרונג ניט געקענט האבען וואס אויס צו זעטצען, אבער דענאך איז ער אין זיינע אינגעלשע יאהרען געווען פערהאססט אונד פערדאממט בייא דער גאנצער אידעשער געמיינדע פון קיעוו. פון קינדווייז אויף האט ער זיך אויס געצייכענט פון אללע זיינע חברים מיט א לעבהאפטען קאפריזנעם חאראקטער אונד א פרייען לייכטזין, זאָ דאס קיין מעשה איז איהם ניט געוועזן צו קליין. דען תלמוד האט ער זעהר וועניג געלערענט, ניט וויל עס האבען

איהם געפעהלט גוטע פעהיגקייטען, נור פשוט ער האט בעססער געוואָללט ארום לויפען אונד זיך שפּיעלען מיט דיא קריסטליכע קינדער איידער צו זיטצען פערשפּארט אין חדר. אויף דיעזען אופן איז דער יונגער פייוועל אויס גע־וואקסען א וואהרער פרייגייסט, וועלכער האט זיך גאנץ וועניג געקיממערט וועגען דיא אידעשע מנהגים אונד דיא רעליגיאָן אין אללגעמיין. זיינע עלטערען, גאנץ פרוממע אנשטענדיגע מענשען, האבען אללעס אין דער וועלט אָן גע־ווענדעט איהם פון זיין אויסגעלאססענהייט אָב צו האלטען, אבער זייא האבען, הן מיט גוטען הן מיט בייזען, בייא איהם גאר ניט געקענט פועל זיין; ער איז זיך ווייטער געגאנגען זיין וועג אונד געטהון וואס זיין הערץ האט געלוסט. שבת אדער יום טוב האט מען איהם ניעמאלס געזעהען אין שולל אונד אין אלגעמיין האט ער פון אללע אידישע רעליגיעזע צערמאָניעס אפילו ניט געוואָללט וויססען. אין גאנצען אידעשען קווארטאל האט ער געהאט א נאמען פון א יונגאטש, איין אפיקורוס, וועלכער עסט צו־זאממען מיט קריסטען טרפה אונד טהוט כל דבר האסור, אבער ער האט זיך פון דיעזע מיינונגען אויס געלאכט אונד זייערע אלעמענס רייד האבען בייא איהם געהאט אזא ווערטה וויא פאר א יאהריגער שנעע. נור איין פערזאָן פון דער גאנצער אידישען בעפעלקערונג אין קיעוו האט געהאט א מעכטיגען איינפלוס אויף דעם יונגען פייוועל אונד דאס וואר זיין קוזינע מירעל; זיא אליין וואָללט געקענט האבען דיא קראפט דעם פעראירטען יונגען מענשען אויף א גוטע וועג צוריק צו פיהרען; מיט דעם צויבער פון איהרע גלענצענדע אויגען וואָללט זיא איהם ערינערט אָן זיין פפליכט צו זיינע עלטערען אונד זיין פאָלק. עס קען זיין אז מירעל וואָללט זיך אפשר אויך ניט ענטזאגט פון דער אנגענעהמער אויפגאבע דעם יונגען זינדער צו מאכען פאר א בעל תשובה, אבער דער אלטער קאָהן, איהר פאטער, איינער פון דיא פרוממסטע אידען אין שטאדט, האט פייוועל'ן פון זיין הויז ארויס געיאגט אונד פערבאָטטען זיין נאממען צו דערמאָנען. קורץ נאכדעם אלס מירעל איז געוואָרען א כלה מיט דעם געלערענטען אונד רייכען קויפמאן הירש בן־זאב, איז פייוועל פון ערגערנים אונד פערצווייפלונג אין גאנצען אראָפּ פון וועג. ער האט זיך אללעמען אויף להכעיס עפפענטליך אָן געטרונקען אום פסח מיט ביער; דיא שטאדט האט איהם דאפיר אין חרם אריין געלעגט, דאן האט ער מעהר אין קיעוו ניט געקענט האבען קיין תקומה אונד איז באלד פון דאָרט אוועק אין דיא ווייטע וועלט זיין גליק צו זוכען.

בערך צווייא יאהר האט זיך אונזער פיי־וועל ארום געטריעבען אין דייטשלאנד, וואו א טאג וואו א נאכט, אונד זיך ערוואָרבען קארגע לעבענסמיטעל פון אירגענד וועלכע בעשעפטיגונג וואס עס איז איהם צו דער האנד געקוממען. ענדליך איז ער פון דאָרט אוועק נאך אמעריקא, וואו דאס גליק איז איהם גינסטיג געווען. ער האט זיך בעזעטצט אין איינע פון דיא אינערע שטעדט, אמעריקאני־זירט זיין אידעשען נאמען אלס פיללים הארריס אונד זיך ערוואָרבען דורך עהרליכקייט, שפּאר־זאמקייט אונד געדולד א גרויסארטיגען גע־שעפט אונד אין אייניגע יאהר וואהר זיין ער־פאָלג אזוי ווייט געבראכט דאס ער איז גע־וואָרען איינער פון דיא רייכסטע לייטע אין דער גאנצער געגענד. צייט ער איז אוועק פון הויז האט פיללים הארריס צו קיינעם ניט איין וואָרט געשריעבען, אבער יעצט וויא ער איז געקוממען צו א גרויסען רייכטהום האט ער געשיקט זיינע עלטערען א בעדייטענדע

סומיג געלד אונד אויך א גרויסע נדבה פיר דיא קיעווער אידעשע שולל. זיין ערסטער בריעף האט אין קיעוו א געוואלדיגען רעש אן געמאכט, דיא פריידע פון זיינע עלטערען איז געווען אונ־בעשרייבליך. זייא האבען פון זייער פערלארע־נעם זוהן זיך שוין לאנג מיאש געווען אונד גע־גלויבט אז ער איז אירגענד וואו געשטארבען, דארום איז יעטצט דיא שמחה געווען נאך גרעססער אלס זייא האבען ערפאהרען דאס ער לעבט אין דער נייער וועלט אין גרויס רייכטהום, עהרע אונד אכטונג אונד האט זאגאר אין זיין נייע היימאטהליכע שטאדט א גרויסע אידעשע שולל אויף געבויט. דיעזעלבע מענשען וואס האבען א מאל דעם אויסגעלא־סענעם יונגען פייוועל פערפאלגט אונד אריין געלעגט אין חרם זיינען איהם יעצט געווארען דיא בעסטע גוטע פריינד, אונד זיינען ניט מיעד געווארען איהם צו ריהמען אונד זיינע שבחים צו דערצעהלען. פייוועל דער יונגאטש, דער משומד איז יעצט געווען געאכטעט אלס פיללים הארריס דער גביר, דער בעל צדקה, אונד יעצט אלס ער איז נאך פערלויף פון 12 יאהר צוריק געקוממען אין קיעוו איז דיא אויפ־רעגונג נאטירליך געווען זעהר גרויס.

דען נעכסטען פרייטאג אבענד איז אין דיא גרויסע שולל געווארען פולל געפאקט; יעדער איז געווען נייגיעריג צו זעהען דעם אמע־ריקאנער גביר; מעננער אונד פרויען, אללע האבען דען נעגאלטען אידען וויא א משונה־דיגע בעשעפענים, וויא א זעלטענעם וואונדער בעטראכט, דען צו יענער צייט איז ווירקליך ניט געווען צו הערען אז א איד זאלל ראזירען דעם בארד. איין אנדערען וואללט מען פיר אזא נבלה דען גרעסטען פסק געגעבען אונד אין שולל געוויס ניט אריין געלאזען, אבער נעגען דעם גרויסען נדבן פיללים הארריס האט יעדער בושה געהאט. ער אליין האט זיך אונטערדעססען גאנץ ווענינ וועגען אללעמען געקיממערט; ער איז געשטאנען נעבען זיין פאטער, געדראווענט מיט איין גאנץ ערנסטע מינע אונד זיך צומאלל אויף קיינעם נים אום געקוקט.

בייא דעם אלטען הארעטצקי׳ן אין הויז איז דענזעלבען אוונד א מעננע געסט צו זא־מען געקוממען. קרובים, בעקאנטע אונד סתם גוטע פריינד זיינען געקוממען אב שטאטען א וויזיט אונד מכבד זיין דעם רייכען הארריס מיט א הערצליכען שלום עליכם. דער אלטער רב ר׳ יוטעלעס האט וויא עס שיינט אזויא פיעל הנאה געהאט פון זיין געשפרעך מיט הארריס׳ן דאס ער האט כמעט דען גאנצען אוונד זיך אונטער האלטען נור מיט איהם אליין, וועגען פערשיעדענע פראגען, וועגען זיינע רייזען אונד דער גלייכען. דאן איז געקוממען הירש בן־זאב מיט זיין שעהנע פרויא, וועלכע וואר עטוואס אויף גערעגט בייא דער ערינע־רונג פון יענע צייטען ווען פייוועל האט איהר געליעבט. דיעזער האט איהר באלד וויא זיא אריין געקוממען, דערקענט.

„אה, מיין גוטע קוזינע מירעל, וויא שעהן דוא וייזט נאך אויס! דוא ביסט כמעט נים אויף איין טאג עלטער געווארען. אונד דאס איז דיין מאן? יא, עס איז געווען א צייט ווען איך האב זעהר מקנא געווען זיין גליק, אבער איך האב עס איבער געטראגען״ האט הארריס געזאגט מיט א זיפץ אונד זיך באלד אב געווענדעט דיא אנדערע אריין געקוממענע געסט אויף צו נעהמען.

יעדען איינעם פון דיא אלטע בעקאנטע האט הארריס בעגריסט מיט זא איין הערצליכע פריינדליכקייט אונד זיין גאנצעם בענעהמע־נעגען דיא געסט איז געווען זא אנשטענדיג

אונד אנגענעהם דאס ער האט זיך באלד בייא אללעמען זעהר בעליעבט געמאכט.

,,אמעריקא מוז ווירקליך זיין א זעלטענע מדינה'' האט הירש געזאגט צו זיין ווייב געהענדינג א היים ,,אז זא א טויגעניכטס וויא דיעזער פייוועל איז געוועזן מיט 12 יאהר צוריק האט זיך דארט געקענט אויס בילדען אלס פאלשטענדיגער מאן.''

שבת אין דער פריה איז דיא גרויסע שולל געוועזן נאך פיעל מעהר געפאקט מיט נייגיערינע, מען איז צוזאממען געקוממען פון דיא ווייטעסטע גאססען צו זעהען דעם אמעריקאנער, וועלכער אין אלס דיא גרעסטע מערקווירדינקייט פון אללעמען בעטראכט געווען. אויף איהם, דעם גרויסען רייזענדער, דעם וועלט ערפאהרענעם מאן, האט יעדע קליינינקייט, יעדע ערשיינונג, זיך פארגעשטעללט אלס איין ערקוויקליכעס בילד פון דער אלטען פערגאנגענהייט, פון דיא זיסע יונגענד יאהרען. אמת, ער האט ניט געהאט קיין פיעל אורזאכע יענע צייטען מיט בעזאנדערען פערגעניגען צו ערינערען, אבער דענאך האבען דיא אללע לענגסט בעקאנטע געזיכטער אונד דיא גאנצע פריינדליכע אומגעבונג א טיעפען מעלאנכאלישען איינדרוק אויף זיין געפיהלפאללעס הערץ געמאכט.

פילליפ הארריס אלס אורח האט מען נאטירליך מכבד געווען מיט איין עליה, אונד אלס דער חזן האט אין זיין מי־שבירך אויסגערופען דיא נדבה, א בעשטיממטע סוממע געלד פיר א נייעם בלעכענעם דאך אויף דער שולל מיט א רייכען פראכטפאללען פרוכת, זיינען אללע אנוועזענדע ערשטוינט געווארען. אזא גרויסמוטהיגע נדבה איז נאך ביז יעצט ניט געווען צו הערען. עס האט זיך מיט איינמאל אויף געהייבען אין דער גאנצער שולל א קאך א רעש פון בייפאל, אז מען האט אויף א ווייל געמוזט אב שטעללען דיא קריאת התורה, ביז דער עולם האט זיך עטוואס איינגעשטיללט. פילליפ איז פון דיעזער מינוט אן נאך מעהר בעליעבט אונד געאכטעט געווארען בייא דער גאנצער געמיינדע אונד הירש בן־זאב, אלס פרעזידענט פון שולל, איז געוועזן פערפפליכטעט פון דרך ארץ ווענגען דעם געעהרטען אורח איין צו לאדען צו זיך אויף א וויזיט. הארריס האט דיעזע איינלאדונג מיט פערגניגען אן גענוממען.

דאס וואר איינע אנגענעהמע געזעללשאפט וועלכע האט זיך דענזעלבען אווענד פערזאממעלט בייא הירש בן־זאב אין הויז. פילליפ הארריס מיט זיינע עלטערן; דער אלטער רב; א גרויסער באנקיער חיים גאלדהיים, בן־זאב'ס א גוטער פריינד, אונד נאך אייניגע נכבדים פון שטאדט. דיא הויז ווירטהין מירעל האט געגלענצט אין איהר פראכטפאללע שיינהייט פון פערגנינגען אונד אויפרעגונג, זא דאס בייא אונזער הירש'ן האט זיך אין הערצען א געפיהל פון אויפערזוכט אריין געגנב'עט.

,,ווער ווייס'' האט ער בייא זיך געדאכט ,,פיללייכט איז נאך איבערגעליבען אין איהר ברוסט א פונק פון ליעבע צו דעם געוועזענעם חתן, וועלכער איז יעצט געווארען אזא גרויסער מאן.''

אבער ניין! מירעל איז געוועזן א טרייע ליעבענדע פרויא. צו איהר קוזין פילליפ איז זיא געוועזן נור פריינדליך אויפמערקזאם, וויא דיא העפלינקייט האט געפאדערט, איבערהויפט צו אזא וויכטיגען גאסט, וועלכער האט דיא גרויסע וועלט געזעהען אונד אין זיין לעבען אזוי פיעל דורך געמאכט.

דער קליינער מענדעל איז אויך געזעססען בייא'ן טיש. ער האט זיינע אויגען ניט געקענט

אראפ נעהמען פון דעם שעהנעם אורח, וועלכען אללע האבען אזוי פיעל געריהמט. דער אינגעל האט איהם בעטראכטעט אלס איין העכערעס וועזען.

דאס געשפרעך איז נאטירליך געפיהרט געוואָרען וועגען פערשיעדענע רייזען אונד בעגעבענהייטען אין דיא ווייטע לענדער. ענדליך אלס דער מאהלצייט איז שוין געווען צו ענדע איז געקוממען צו רייד וועגען דעם אלגעמיינעם אידעשען צושטאנד. דיא פרייהייט וואס אידען געניעסען אין אמעריקא איז געווען דיא הויפט זאכע פון דעם געשפרעך, אונד פיעלע פראגען וואָרען דיספוטירט וועגען דעם ענין. אללע אנוועזענדע האבען ערקלערט, דאס עס איז באמת א וואהרע נחמה צו הערען וויא אידען זיינען אין אמעריקא פרייא פון אללע פערפאָלגונגען אונד שטעהען אויף א גלייכע שטופפע מיט זייערע קריסטליכע שכנים, אבער דאס דיא אידעשע רעליגיאָן ווירד דאָרט אזוי וויט פערנאכלעסיגט אונד דיא אללע הייליגע מנהגים כמעט אין גאנצען אוועק געוואָרפען, דאס איז נאך זייער מיינונג א גרויסע עולה.

„דיא מעשה איז אזוי“ האט האררים ערקלערט „אין דיא גרעססערע שטעדט, וואו עס וואָהנען פיעל אידען צוזאממען, איז מעגליך צו האלטען אללע דינים פון דער אמונה, אבער אין לאנד ווייטער גיעבט עס ערטער וואו אידען זיינען כמעט גאָר ניטא, דאָרט קענען זייא זיך מיט אזעלכע זאכען ניט אבגעבען. אונד דעם אמת זאָגענדיג איז דאס אויך גאָר ניט אזוי נייטהיג נאך צו מאכען אללע צערעמאָניעס, וועלכע דיא צייט האט צוזאממען געשלעפט ארום דיא אידעשע רעליגיאָן. אזויא שנעל וויא א איד נעמט אן דיא געוואָהנהייטען פון זיין נייע פאטערלאנד קען ער זיך מיט דיא פארטהיילען פון פרייהייט בעססער בענוטצען.“

„איהר ווילט דאמיט בעווייזען“ האט הירש בן־זאב געזאגט זעהר ערנסט „אז אין אמעריקא מוז מען באלד אויפהערען צו געברויכען דעם אידעשען לעבענסאַרט, וועלכער איז איין געפלאנצט בייא אונז אין הערצען.“

ניין, ניט דאס וויל איך בעהויפטען.“ האט דער אמעריקאנער געענטפערט „עס גיעבט אויך אין אמעריקא טויזענדע אידען, וועלכע זיינען אזוי פרום וויא בייא אייך אין קיעוו. נור איך מיין אז מען קען זיין איין אמת'ער איד אויך דאן ווען מען האלט ניט פון דיא אללע צערמאָניעס, וועלכע געהערען גאנץ אונד גאר ניט צו דעם איינפאכען ריינען יודענטהום. דיעזע אללע מנהגים זיינען נור דיא שאטען זייטע פון אונזער רעליגיאָן, פינסטערע בילדער, וועלכע מוזען פערשווינדען פון דיא זונען שטראהלען דער ציוויליזאציאָן. וואס קען צום ביישפיעל אייך אונד אונזער אמונה שאדען ווען איהר וואָלט אבראזירען דעם באָרד אונד ריידען אין דער שפראכע פון דעם לאנד וואו איהר זייט געבאָרען אונד פון דעם פאָלק מיט וועלכען איהר וואָהנט צו זאממען?“

„יא, דאן וואָלטען מיר אויס וויזען וויא ריכטיגע גוים.“ האט בן־זאב געזאגט.

„אבער וואס נוצט אייך זיך אב צו זונדערען?“ האט פיליפ געפרעגט „דאס איז איז דאך בלויז א פוסטע מאָדע, וועלכע איז מיט דער צייט הייליג געוואָרען. אויב איהר האט געלערנט דיא רוססישע היסטאָריע קענט איהר זיך ערינערען, אז בעת דער קייזער פעטטער דער ערסטער האט געהייסען זיינע אדעל לייטע אב ראזירען דיא בערד, איז דאפון ארויס געקוממען נאך א גרעססערער גוואלד, וויא ער וואָללט זייא אָב געטהון דיא גרעסטע רציחות. אבער מיט דער צייט האבען זייא זיך אָב געוואָהנט פון דיא הייליגע דומהייט אונד יעצט

וואָללט א רוססישער אדעלמאַן שוין גערעכענט פיר דיא גרעסטע שאַנדע צו טראָגען א באָרד."

,,מיר האבען קיין מאל ניט געלעזען דיא היסטאָריע אונד וויסען גאר ניט וואס אין דער גרויסע וועלט איז פאָרגעגאנגען" האט מענדעל מיט זיין קינדישע שטיממע זיך אריין געמישט.

,,דאס איז ליידער א גרויסעס אונגליק" האט הארריס מיט אומעט אויס גערופען, ,,ניט נור דיא קריסטען אבער אידען אליין האבען אן געווענדעט אללע מיטטלען דיא אויסבילדונג פון זייער איינענעם גייסט צו אונטערדריקען. איך האב אויף זיך אליין געמאַכט דיא ער־פאַהרונג, וויא געפעהרליך אונד ביטטער דאס איז; ווען איך וואָללט אין מיינע יוגענד יאהרען געווען פרייא צו לערנען וויא אונד וואס מיר געפעללט, וואָללט עס ניט געקוממען צו פיעל זאכען וועלכע האבען מיר ענדליך פערטריעבען פון מיין היימאטה. דיא ריכטיגע קענטניס פון דער וועלט געשיכטע, א קלאָרער בעגריף פון דיא נייעסטע וויססענשאַפט וואָללט אונז ער־קלערען דעם זינן אונד דעם ציעל פון אונזערע רעליגיעזען געבאָטען, זאָ דאס מיר זאָללען זיך ניט האלטען אָן דעם טויטען בוכשטאַב, נור פערשטעהען דען לעבענדיגען זינן פון אונזער אמונה."

אללע אנוועזענדע פון דער געזעללשאַפט האבען אראָפּ געלאָזען דיא אויגען הערענדיג אזעלכע חוצפה'שע רייד, אזעלכע אפיקורסעש וואס פערניכטען דען גאַנצען יודענטהום; נור מענדעל איז וויא עס ווייזט אויס געווען צופריע־דען; ער האט געשלונגען יעדעס וואָרט פון דעם אורח'ס געשפרעך. דיעזער לעצטערער האט אונטערדעססען גאַנץ וועניג בעמערקט דיא אונצופריעדענהייט פון זיינע צוהערער אונד פאָרטגעזעצט זיינע פייערדיגע אורטהיילונגען.

,,אונזערע אידען אין אמעריקא זיינען פרייא אונד געאַכטעט" האט ער ווייטער געזאגט, ,,זייא געניעסען גלייכע רעכטע מיט אללע איבע־ריגע בירגער פון אנדערע רעליגיאָנען; זייא קענען זיך בעזעטצען איבעראלל וואו זייא וויללען אונד לעבען וויא זייא ווינשען, אונד זייא ווערען זעהר אָפט אויס געוועהלט צו דיא העכסטע עהרען שטעללען. זייא האבען עררייכט דיעזע שטופפע נור דארום וויל זייא זיינען וואהרע בירגער אונד טרייע קינדער פון דעם לאַנד, וויא אללע אַנדערע איינוואָהנער. דיא פוסטע חלומות זיך אב צו זונדערען אונד אָב טהיילען פון אנדערע פעלקער קענען אונז נור שאַדען בריינגען אונד וואס מעהר איך האב דיא וועלט קענען געלערנט, וואס מעהר איך האב געהאט צו טהון מיט געבילדעטע לייטע, בין איך צו דער איבערצייגונג געקוממען אז עס איז ווירקליך צייט אוועק צו ווארפען דיא אלטע אבער־גלויבישע דוממהייטען."

,,אבער דאס וואס איהר רופט אבער־גלויבישע דוממהייטען איז א טהייל פון אונזער רעליגיאָן, וועלכע איהר ווארפט אוועק מיט זייא צוזאממען." האט דער רב איין געווענדעט.

,,ניין, רבי ,,האט פיללים מיט היטץ גע־ענטפערט ,,איהר מוזט מיר ענטשולדיגען ווען איך בעריהר אזא געגענשטאַנד מיט וועלכען איהר זייט געווים מעהר בעקאַנט אונד פער־שטעהעט בעססער צו ערקלערען. איהר ווייסט גאַנץ גוט אז צייט אידען זיינען געזעססען אין זייער לאַנד, ביז צום צווייטען חורבן, איז ניט געווען קיין זכר פון תלמוד. אונזערע עלטערען האבען געלעבט נאָך דיא איינפאכע ביבלישע געזעטצען, וואס משה רבינו האט זייא אין דער תורה געגעבען, אונד קען דען איינער פון אייך בעהויפטען אז זייא זיינען ניט געווען פרוממע וואהרע אידען ? נאָך דעם האט זיך אנגעפאַנ־

גען צו ענטוויקלען דיא תלמודישע לעהרע; 5 יאהרהונדערטע האט מען פערבראכט נור דארויף אום צו בויען אויף יעדען ווארט פון דער תורה נייע דינים, אויף צו טהון נייע גזרות. קורץ מען האט זיך נור בעשעפטיגט צו ער־קלערען דיא מיינונגען פון דיא ווערטער אנ־שטאט דיא עהרליכע אידעען צו בעגרייפען. ענדליך זיינען געקוממען דיא בעלי קבלה אונד האבען בעשאפען נייע געזעטצען, נייע צערע־מאניעס אונד זיך גראבענדיג אין דיא סודות פון תלמוד האבען זייא אבגעשוואכט דיא גייסטיגע קראפט פון פאלק מיט שווערע אבערגלויבישע מנהגים, וועלכע קוממען צו דער רייגער פער־נינפטיגער אידעשער רעליגיאן וויא טאג צו נאכט.״

אזוי וויא א פייער־בראנד האבען דיעזע ווערטער געווירקט אויף דיא קליינע געזעלל־שאפט. אללע זיינען אויף געשפרונגען מיט גרויס כעס, מיט אויסרופונגען פון צארן אונד ווידער וויללען. זייא האבען נאך אין זייער לעבען ניט געהערט אז איינער זאלל זיך אזוי פיעל ערלויבען צו ריידען געגען דער אידעשער אמונה. נור דער אלטער רב איז געבליעבען זיטצען רוהיג. מענדעל האט ניט איין ווארט פערלארען פון דעם גאנצען געשפרעך אונד איז געזעססען מיט איין אפענע מונד אונד אויס־געשטעלטע אויגען, וויא א שטאטוע, זיך צו הערענדיג פיליפ׳ס רייד.

„ניין „האט ענדליך הירש בן־זאב אויס גערופען מיט אונטערדריקטען צארן״ אזוי צו פערדאממען אונזער הייליגע רעליגיאן איז א וואהרער חילול השם, נאטעס לעסטערונג! רבי, קענט איהר דען בלייבען זיטצען רוהיג בייא אזעלכע רייד?״

אבער דער רב האט נור איינע אונרוהיגע בעוועגונג געמאכט אונד גאר ניט געענטפערט.

„עס איז זעהר נאטירליך״ האט האר ח״ים זיך ווייטער אבגערופען „אז אייער רבי וועט האלטען מיט אייך; דענאך איז דאס קיין בע־ווייז געגען דעם וואס איך האב געזאגט. איהר מוזט דאך מיר מודה זיין אז איהר זייט מעהר אבגעגעבען פיר אייערע צערעמאניעס אלס פיר דען גלויבען זעלבסט. בייא אייך איז פיעל וויכטינער צו האלטען דיא פיסס גלייך אין שמונה עשרה, צו שפרינגען קדוש, צו זינגען דיא ווערטער מיט א בעשטיממטען ניגון מעהר וויא צו פערשטעהען ריכטיג וואס דיעזע ווערטער בעדייטען. איהר ערניעדריגט דיא אידעע פון איין ערהאבענעם גאטט, ווען איהר זאגט דאס מען שטעללט איהם בדלות אז מען עסט מילכיגע מיט פליישיגע צוזאממען; דאס מען מאכט איהם אונגליקליך אז עס רייסט זיך אפ א פארען פון א ציצה אונד דאס איהר טהוט איהם דיא גרעסטע טובה ווען איהר זייט מקיים א געוויססע צאהל פון מצות. אט דאס איז דער אונטערשייד צווישען אבערגלויבען אונד רעליגיאן!״

„אבער אין שלחן ערוך געפינען מיר בע־שטיממטע דינים״ האט חיים גאלדהיים גע־ענטפערט, „דינים, וועלכע אללע עהרליכע אידען מוזען פאלגען אזוי וויא זייא וואללטען געגעבען געווארען אויף׳ן בארג סיני.״

„יא,״ האט הארריס דארויף געזאגט „אזעלכע געטליכע געבאטטען מוז מען געווים פאלגען; נור איין זאך פערגעסט איהר, אז דער שלחן ערוך פערפאססער איז געוועזען אזא מענש וויא איהר, אונד האט אויך געקענט א טעות האבען וויא יעדער פשוט׳ער בשר ודם. פיעלע פון דיעזע דינים זיינען אין יענע צייטען אונד אין יענע לענדער ניטצליך געוועזען, אבער יעצט האבען זייא פערלארען יעדען לאגישען זינן. נעהמט צום ביישפיעל דיא עבירה צו

נעהמען אָהן א היטעל; אונזערע תלמודיסטען האבען דאפֿון געמאכט א גרויסען וועזען, דען אין יענע צייטען, אונד אין דיא דאָרטיגע לענדער, האט דער דרך ארץ געפאָדערט דאס מען זאָלל טראגען א טורבאן, אדער א היטעל אויפ'ן קאָפּף, ווען מען קוממט אריין צו א וויכטיגען פערזאָן. נאטירליך האט דאן קיינער ניט געדארפט אריין קוממען אין גאָטעס הויז אָהן א היטעל, ווייל אזא מין חוצפה וואס מען ערלויבט זיך ניט געגען א מענשען דארף מען געגען דעם אויבערשטען פשיטה שוין ניט טהון. אבער אין אונזערע צייטען איז דאך גראדע פערקעהרט, אריין קוממען אין איין אנשטענדיגע הויז דיא היטעל אויפ'ן קאָפּף ווירד גערעכענט אלס גראָבהייט, אלס בעליידיגונג, טאָ פארוואס זאָלל איך טראגען א היטעל, דאן ווען איך ווענדע זיך צו מיין בעשעפער? אזוי איז אויך מיט פיעלע אזעלכע געבאָטען, זייא שטאממען ארויס ניט פֿון דיא רעליגיאָן זעלבסט, נור פֿון דיא מאָדעס אונד מנהגים וואס האבען א מאל אנדערם וואו עקסיסטירט, מיט דער צייט זיינען זייא געוואָרען פערהייליגט אונד יעצט איז יעדער איד זיך פערטיג צו אפפערען איבער אזעלכע רומהייטען."

"אלזאָ מיינט איהר אז דאוונען אָהן א היטעל איז גאָר קיין עבירה ניט?" האט הירש מיט א פערשטעללטען גרים־צאָרן געפרעגט.

"געווים ניט" וואר פיליפס אנטוואָרט, דאן א ווייליע נאכדענקענדיג האט ער זיין געשפרעך ווייטער פאָרטגעזעצט: "עס גיעבט בייא אונז נאָך פיעלע אנדערע דינים וועלכע זיינען שוין יאָ געגרינדעט אויף תורת משה, אבער מען האט דארויף אזוי פיעל אָן געשריעבען אז דער טעם פֿון דעם ערסטען געבאָט איז גאנץ פערלאָרען געגאנגען, אונד קיינער קען ניט וויססען צו וואס זיינען דיעזע דינים געבליעבען. אין דער תורה איז אָנגעזאגט, מען טאָר ניט קאָכען א ציעגלע אין איהר מוטערס מילך; זעהר שעהן! דאס מענשליכעס געפיהל צייגט אונז אויך, אז אזא מין אכזריות איז שענדליך צו טהון. דאפֿון איז ארוים געקוממען אז מען טאָר ניט עססען פלייש מיט מילך, אז מען טאָר ניט געניססען מילכיגע שפייזען נאך דעם וויא מען האט גענעסען פליישיגע, אז מען טאָר ניט ניטצען דיעזעלבע כלים פיר מילכיגע אונד פליישיגע מאכלים אונד נאך אזעלבע טויזענדע דינים, וועלכע האבען מיט דעם רייכען זינן פֿון משה'ס ערסטען געזעטץ קיין שום שייכות ניט."

הירש בן־זאב האט זיך שוין לענגער ניט געקענט איינהאלטען "וואס איז אלזאָ אייער מיינונג?" האט ער מיט כעס אויסגערופען "איז בייא אייך אָפט ניט א סברה אז מיר זאָללען אוועק ווארפען אונזער אמונה אונד ווערען גוים?"

"ניין, דאס וויל איך גאָר ניט בעהויפטען" — האט פיליפ קאלטבליטיג געענטפערט "איהר זייט פאָלשטענדיג פרייא צו דיענען גאָט וויא אייך געפעללט; איהר קענט זיך געזונדער הייט האלטען דיא צערעמאָניעס וועלכע זיינען בייא אייך הייליג; אבער לאזט אויך צופריעדען דעם יעניגען וואס וויל שטעהן עטוואס העכער פֿון דעם אללגעמיינעם אבערגלויבען; פערפאלגט אונד פעראכטעט ניט דעם אידען וועלכער בעזיצט עטוואס מעהר געזונדען מענשען פערשטאנד, אונד וויל לעבען נאך זיינע פרייע איבערצייגונגען."

פיליפ האררים האט זיך בייא דיעזע ווערטער פֿון זיין שטוהל אויף געהייבען אום נאך הויז צו געהען, דיא איבעריגע געסט זיינען אויך אויף געשטאנען, יעדערער מיט איין זעהר

אונצופריעדענע מינע. אין דיעזען מאָמענט איז דער אַלטער רב צו געגאַנגען צו הארריס׳ן אונד אַרויף לעגענדיג איהם דיא האנד אויף׳ן פלייצע האט ער זיך אבגערופען.

„מיין ליעבער פייוועל אייער גאַנצער דיספוט איז שוין ניט קיין נייעס; פון אייערע ווערטער קענען נתפעל ווערען נור אונזערע איינפאכע פרומע קיעווער אידען; איך אבער האב נאך אין דיא יונגע יאהרען, וועהרענד מיינע רייזען איבער דייטשלאנד, גענוג זיך אָן געהערט אזעלכע טענות. אויב איהר זייט גערעכט אָדער ניט, דאריבער איז יעצט ניט כדאי צו רעדען, נור איין זאך דארפט איהר ניט פערגעססען: דיא אידען אין רוססלאנד אונד פיעלע אנדערע לענדער זיינען פעראכטעט אונד געדריקט: מען האט בייא זייא אללעס אוועק גענוממען, אללעס בערויבט. א איד וויים ניט פון קיין פערגניגען, פון קיין עולם הזה; איהם איז פער־באָטען אפילו צולערנען בילדונג אונד אללע וועגען צום געזעלשאפטליכען לעבען זיינען איהם פערשטעללט. נור איין זאך איז דעם אידען געבליעבען, זיין אַלטע אמונה, זיין הייליגע תורה, וועלכע טרייסט איהם אין זיין טרויריגען צו־שטאנד אונד גיבט איהם כח אונד קראפט אללע צרות, אַללע פערפאָלגונגען מיט מוטה אריבער צו טראגען. אויב דיעזע, וויא איהר רופט עס, אבערגלויבישע צערעמאָניעס זיינען נייטיג אין אזא פרייע לאנד וויא אמעריקא, ווילל איך מיט אייך אין הויכע פלפולים ניט אריין קריכען, אבער בייא אונז, אין רוססלאנד, זיינען זייא נאך מעהר וויא נייטהיג, אין דעם אידעשען לעבען דיענען דיעזע אלטע מנהגים אלס דיא איינציגע קוועללע פון גליק אונד פריעדען, אלס דיא וואהרע אורזאכע פון נחת אונד פרייד פיר יעדען איינעם אונד אלס דיא מעכטיגסטע מאָראלישע שטיטצע פיר דיא גאנצע נאציאָן. אזעלכע ווערטער וויא מיר האבען פון אייך היינט געהערט האט נאך אין קיעוו ביז יעצט קיין מענש ניט גערעדט. איהר קענט זיין זיכער אז דיעזעלבע געמיינדע וועלכע פערגעטערט אייך יעצט אלס וואהלטעטער, אלס גרויסען בעל־צדקה אונד ארענטליכען מאן וואללט זיך באלד ווידער פון אייך אָב־געווענדעט מיט האסס אונד פעראכטונג פיר דיעזע דרשות. דארום זאָג איך אייך מיין עצה, בעריהרט בעססער ניט מעהר דיעזע געגענ־שטאנדען; עס איז אזוי א סך גלייכער פיר אייער אייגענע טובה אונד פיר דען פריעדען אין שטאדט. וואס אנבעטריפט אונזערע אייניגע אנוועזענדע, זאגען מיר אייך, צו מעהר דאריבער קיין וואָרט צו פערליערען.״

פילליפּ האט מיט דען רב׳ס רייד גערען איין געשטיממט, דאן האבען אללע אבשייד גענוממען אונד יעדער איז נאך הויז געגאנגען.

„אָנקעל״ האט מענדעל געזאגט צו הירש׳ן זיך לעגענדיג שלאָפען, „איז הארעטצקי ניט א הויך געבילדעטער קלוגער מאן.״

„מיין קינד״ האט דיעזער איהם געענט־פערט „אונזערע חכמים זאגען: פון פיעל רייד קוממט ארויס פיעל נארעשקייט.״

## 12. קאַפּיטעל.

### פערבאטענע ביכער.

פילליפּ איז פערבליעבען אין קיעוו בערך צוויא וואָכען. ער וואר אונטער דיעזע גאנצע צייט געלאדען אין פערשיעדענע הייזער צו דיא גרעסטע גבירים פון שטאדט; אויסער דעם האט עס געדויערט איידער מען האט געקענט ארויס קריעגען איין אויסלענדישען פאסס פיר פילליפּ׳ס עלטערען. אין דיעזער הינזיכט איז זעהר מערקווירדיג צו בעטראכטען, וויא דיא רוססישע רעגיערונג מאכט יעדען אידען דיא גרעסטע הינדערניסע אונד שוויעריגקייטען פון

איהר לאַנד אַרויס צו פאָהרען, אָבוואָהל זיא שרייט אימער אַז זיא וואָללט וועללען פון דעם אידען פטור ווערען.

מענדעל פלעגט אימער זוכען אַ געלעגענהייט זיך עפטער צו זעהען מיט פיללים הארריס; דער אינגעל איז געווען פשוט בעצויבערט פון דעם וועלטליכען מענשען׳ס קלוגע רייד, אונד יעדעס מאל ווען פיללים האט איהם אפילו מעהר ניט וויא בעגריסט, האט ער זיך געפיהלט פאָלקאָממען גליקליך. אויך בייא פיללים׳ן וואַר דאס קינד זעהר בעליעבט, זינד ער האט איהם קענען געלערענט.

מיט אַ טאג פאר פיללים׳ס ארויס פאהרען איז מענדעל פארבייא געגאַנגען דיא קליינע הייזעל, אין וועלכע דער אַמעריקאַנער האט בייא זיינע עלטערען געוואָהנט. דיא טהיר איז געווען אָפפען אונד מענדעל איז אריין געגאַנגען. אַ ווייל איז ער געשטאַנען טרויריג בעטראַכטענדיג וויא הארריס פערפערטיגט זיך צו דער רייזע, ענדליך האט ער בייא איהם אַ פרעג געגעבען.

„פיללייכט קען איך אייך העלפען איין פאַקען, הערר הארריס?"

„מיט דען גרעסטען פערגניגען" האט פיללים זעהר גיטיג געענטפערט" נעהם דיעזע ביכער אונד פאַק זייא צוזאַממען אין קאַסטען."

מיט דיא גרעסטע האָכאַכטונג אונד פיעל רעספעקט האט זיך מענדעל גענוממען צוזאַממען לעגען דיא ביכער אויף דען אַנגעוויזענעם אָרט. איינינע מאלל האט ער געעפענט אַ בוך אונד בעטראַכט דיא וואונדערליכע סודות וואס אין איהם ענטהאַלטען זיך, אבער דיא בוכשטאַבען ווארען איהם גאַנץ נייא אונד פרעמד אונד דאס נייגיעריגעס קינד האט זיך יעדעס מאַל אָב געזיפצעט אוועק לעגענדיג דאס בוך. פיללים הארריס האט אויף איהם מיט גרויס אינטערעס געקוקט.

„דו האסט ליעב צו לעזען ביכער מענדעל?"

„אָה, זעהר! ווען איך וואָללט נור געקענט לעזען." האט דער אינגעל מיט טרערען אין דיא אויגען געענטפערט.

„ווארום קענסטו ניט?"

„איך האב ליידער קיין ביכער אויסער אונזער גמרא; מען ערלויבט מיר ניט אַ פרעמדען בוך אין האַנד צו נעהמען."

„קענסטו דען וועניג געפינען וואס צו לערנען פון תלמוד?"

„יאָ, אבער עס גיבט דאך אזוי פיעל חכמות אויסער אידעשע לעהרע. איך וואָללט זיך שעטצען גליקליך צו זיין אַזוי געבילדעט וויא איהר."

פיללים האט מיט אַ שמערצליכען שמייכעל זיך אבגעזיפצעט.

„איך בין גאַנץ וועניג געבילדעט" האט הארריס געזאגט „אין מיין לאַנד בין איך ניט געגערעכענט צו דער קלאַססע פון דיא געלערנטע מענשען. וואס פיר נוטצען קען דיר ברייננגן אין קיעוו פיעל קענטנים?"

„אָה, דאס וואָללט געווען מיין גאַנצעס לעבענס גליק!"

„ניין, קינד; דו האסט אַ טעות; דאס וועט אויף דיר ברייננגען דיא גרעסטע צרות. דיינע יונגע געדאַנקען וועללען זיך ענדערען, נייע אידעען וועללען דיר בעהערשען אונד דאַפיר וועסטו בעלאָהנט ווערען מיט האַסס אונד פעראַכטונג זאָגאַר פון דיינע בעסטע פריינדע."

מענדעל האט זיך אַ ווייל פערטראַכט.

„ערלויבט מיר בייא אייך צו בעטען אַ טובה" האט ער ענדליך געזאָגט.

„איך וויל דיר עס טהון מיט מיין בעסטען ווילען אויב נור מעגליך." האט הארריס

גענטפערט.

„שענקט מיר איינעם פון אייערע ביכער אלס אנדענקונג.“

„אבער דו קענסט דאך זייא ניט לעזען; זייא זיינען אין דער דייטשער אָדער ענגלישע שפראַכע.“

„דאס מאכט ניט אויס. איך וויל עס פאַרלויפיג בלויז אלס אנדענקונג האבען; מיט דער צייט וועלל איך זיך אויס לערנען לעזען.“

„אבער אז מען וועט דיא ביכער בייא דיר געפינען, וועסטו דאפון זעהר פיעל ליידען.“

„נישקשה, איך וועל זייא בעהאלטען.“

פיליפ האט א קורצע צייט זיך מישב געווען, דאן האט ער אויס געקליעבען צווייא ביכער אונד איבער געגעבען דעם אינגעל וועלכער איז איבעראַשט געוואָרען פון שמחה.

„דו זאָללסט אבער געדיינקען, מיין קינד,“ האט פיליפ צו איהם געזאגט „אז זעהר אָפט איז אונוויסענהייט א גליק, איבערהויפט אין אזא לאַנד וויא היער. ניט אומזיסט האט אויך שלמה המלך געזאגט; מעהר וויססענשאפט ברייננט מעהר הארץ־וועהטאג.“

דאן האט האררים דעם אינגעל ערצעהלט וויא שווער עס איז איהם אָנגעקומען דיא ביסעל קענטנים וואס ער בעזיצט צו ערווערבען; וויא ער פלעגט מוזען בייא טאג ארבייטען אונד בייא נאַכט געהען אין סקוהל. מענדעל האט געהאַט פיעלע פראגען צו שטעללען וועלכע האררים האט איהם זעהר גוט ערקלערט. ענדליך אלס דיא ביכער וואַרען צוזאַממען גע־לענט איז מענדעל ארויס געגאנגען מיט דיא גרעסטע פרייד. דיא מתנה וואס ער האט פון האררים'ן בעקוממען, דיא צווייא ביכער, האט ער בעהאלטען צו הויז אין זיין איינענעם קליידער שראַנק. אויף מאָרגען איז פיליפ מיט זיינע עלטערען ארויס געפאָהרען פון קיעוו אין דיא ווייטע רייזע נאך אמעריקא. ביז צום שטאָדט גרענעץ האבען זייא דיא קרובים אונד דיא גרעסטע נכבדים פון דער געמיינדע בעגלייט מיט ברכות אונד גליק ווינשונגען.

איינינע וואָכען זיינען פערפלאָססען זינט האררים מיט זיינע עלטערען זיינען פון קיעוו אָבגעפאָהרען. וועהרענד דיעזער צייט האט אונ־זער מענדעל געלערענט אין דער ישיבה וויא פריהער, אבער אין זיין גאנצען בענעהמען איז געווען צו בעמערקען א געוויססע ענדערונג. מען האט געזעהען דייטליך אז זיינע געדאַנקען זיינען שטאַרק בעשעפטיגט מיט אנדערע גע־גענשטאַנדען, אז זיין גייסט ליידעט אונטער דעם איינדרוק פון אירגענד וועלכען פערדרוס אונד זיין פאַרינגע אויפמערקזאמקייט צו דעם רבי'ס ערקלערונגען איז אין גאנצען פער־שוואונדען.

„מענדעל מוז זיין זעהר ערמיעדעט פון פיעל לערנען“ האט איינמאַל דער רב געזאגט צו זיין וויב, „מען דארף זעהען, איהם א ביסעל צו צערשטרייען.“

דענזעלבען טאג, אלס דער שיעור פון לערנען וואר געענדיגט, האט דער רב זיך אָב־גערופען צו איהם; „קומם, מענדעל, זיך עט־וואס דורך געהען: מיר האבען שוין לאַנג ניט שפאַציערט צוזאַממען.“

מענדעל, וועלכער האט זיין אַלטען רבי'ן געליעבט אונד פערעהרט, איז געווען זעהר צו־פריעדען פון דיעזער געלעגנהייט זיך פיר איהם אויס צו ריידען זיין גאַנצעס הערץ. א קורצע צייט זיינען זייא ביידע שטילל שוויינגענד ארום געגאַנגען. דאס וועטער איז געווען זעהר שוין; דיא לופט איז געווען אָן געזעטיגט מיט דעם פאַרפורמירטען ריח פון דיא גלענצענדע בלומען אונד דער זוממער האט אויסגעפוצט דיא נאַטור אין איהר פראַכטפאַלסטע הערליכקייט.

„ערקלער מיר מענדעל'' האט דער אלטער ענדליך געפרעגט „ווארום ביסטו דיא צייטען אזוי אומעטיג אונד ניעדערגעשלאָגען?''

„איך וויים ניט, רבי, אויב איהר וועט צופריעדען זיין מיט מיין ערקלעהרונג. איהר וועט מיר געווים דאפיר פאָרווירפע מאכען.''

„דוא דארפסט מיר שוין בעסער קענען, מיין זוהן,'' האט דער רב געענטפערט „דוא ווייסט וויא שטארק איך אינטערעסיר זיך וועגען דיר.''

„איך בין אונגליקליך, רבי,'' האט מענדעל געזאגט מיט א שווערען זיפץ „וויל איך בין אזוי אונוויסענד. איך וואָללט וועללען ווערען א געבילדעטער מאן.'

„אונד דאן?'' האט דער רבי געפרעגט.

דער אינגעל האט אויס געשטעללט דיא אויגען מיט גרויס פערוואונדערונג; ער האט דיא ווערטער ניט פערשטאנען.

„איך פרעג דיר וואס וועט זיין אז דוא וועסט שוין בעזיטצען פיעל קעטנים אונד וויססענשאפט?''

„דאַן וואָללט איך זיין גליקליך אונד צופריעדען.''

זייא זיינען גראדע בייא דעם געשפרעך געקוממען צום איין אלטען בריק, וואס געהט איבער'ן טייך דניעפער. בייא דעם ארויף גאנג וואר אויס געשטעלט א טאבעללע מיט גרויסע בוכשטאבען, בריק-געלד אבצאָהלונג: פיר א פערד, 15 קאָפּיקעס; פיר א חזיר, 3 קאָפּ. אונד פיר א אידען, 10 קאָפּיקעס.

„לייען דאס איבער'' האט דער רבי געזאגט צום אינגעל „קען עפעס נוטצען חכמות אין אזא לאנד וואו דיא רעגיערער געבען ארויס אזעלכע געזעטצען?''

„איהר זייט פיללייכט גערעכט, רבי'' האט מענדעל טרויריג געענטפערט „אבער איך פיהל אז גאט האט מיר געגעבען א שכל ניט פיר אונוויססענהייט אונד אבערגלויבען. איך שפיר אין זיך דיא קראפט אללע הינדערניססע אריבער צו שטייגען, אום מיין פערשטאנד צו פערגרעססערען. בעטראכט רבי דיעזען שנעללען וואססער שטראָם, וועלכען קיין מאכט אין דער וועלט קען ניט אבהאלטען אין זיין לויף, עבען דאס זעלבע איז אין מענליך דען מענשענ'ס גייסט איין צו שפארען אונד צו פערצאממען.''

דער אלטער האט מיט ערשטוינען אונד וואונדער בעטראכט דעם קינד, וועלכער האט אונטער דעססען ווייטער געזאגט; „איך וויל ווערען אזוי געבילדעט וויא איהר אונד וויא פייוועל הארעטצקי. אָה, גוטער רבי! לערנט מיר נור אויס לעזען אנדערע שפראכען אויסער דעם תלמוד.''

„האט פייוועל הארעטצקי דיעזע געדאנקען אין דיר איינגעפלאנצט?''

„ניין, רבי, איך האב שוין א צייט פריהער דאריבער נאך געדאכט. איהר אליין האט וויפיעל מאלל ערקלערט, אז קענטנים איז דעם מענשענ'ס גרעססטע רייכטהום. איך האב בעקוממען פון הארעטצקי'ן געשאָנקען א פאאר ביכער, אבער ליידער קען איך זייא ניט לעזען.''

דער אלטער האט ווירקליך ניט געוואוסט וויא זיך צו ענטשליעסען. ער אליין האט אויך שטארק פעראכטעט דיא צבוע'יאטסווע פון דיא אידעשע קנאים, וואס פערדאממען אונד פערהאססען דיא אלגעמיינע בילדונג, אבער דער־נאך האט דער קלוגער רב שוין יעצט געזעהען וויא גרויס דיא שווערינקייטען זיינען מענדעל'ס פערלאנגנגען צו בעפריעדיגען אונד וועלכע צרות אויף איהם קען ברייננגען דיעזער ברענעדיגער חשק צו וויססענשאפט.

„אלזא רבי, ווילט איהר מיר לערנען?" האט דער אינגעל מיט פיעל אנגסט נעפרעגט.

„גוט, ברייננ מארגען דיא ביכער, מיר וועללען זעהען."

מענדעל האט מיט א בעגייסטערטען דאנק זיין רבי'ן דיא העגד געדריקט אונד דאן זיינען זייא ביידע צוריק נאך הויז געגאנגען, דער אלטער שטארק בעזארגט אונד דער אינגעל מלא שמחה.

גאנץ פריה אויף מארגען האט מענדעל זעהר פארזיכטיג ארויס גענוממען זיינע ביכער אונד זיך בעגעבען צום אלטען רבי'ן. זייא האבען זיך ביידע איינגעשלאססען אין א בעזונדערע צימטער וואו קיינער זאלל זייא ניט קענגען שטערען. דאס ווארען צוויא דייטשע ביכער: משה מענדעלזאהן'ס „פעדאן," וועגען דיא אונשטערבליכקייט דער זעעלע אונד דאקטאר פיליפזאהן'ס ווערק „איבער דיע־ענטוויקלונג דער רעליגיאן." מענדעל האט דיא אויגען ניט אראפ גענוממען פון רבי'ן אונד מיט דיא גרעסטע אונגעדולד בעטראכט וויא דיעזער האט אין דיא ביכער געבלעטערט.

„וואס איז אין זייא געשריעבען?" האט ער געפרעגט.

„אזעלכע זאכען זיינען ניט פיר דיין קינדישען פערשטאנד." האט איהם דער אלטער געענטפערט „דיא פערפאססער פון דיעזע ווערקע זיינען ביידע געוועזען ארענטליכע אונד פרוממע אידען, דענאך ווארען זייא פערהאססט אלס אפיקורסים אונד פערפאלגט פון זייערע גלויבענס ברידער. זייער גאנצער חטא איז בעשטאנען נור דארין דאס זייא האבען זיך בענוצט מיט דער אלגעמיינער דייטשע שפראכע, דאפיר האט דער אונוויסענדער המון אונד פערשיעדענע צבוע'יאקעס זייער נאמען פערראממט אונד געשענדעט. איך זאג דיר נאך א מאל, מיין זוהן, בעדענק זיך איידער דוא הייבסט אן צו געהען אין א וועג וואס וועט דיר פרעמד מאכען פון דיין פאלק, אונד פון אללע מענשען וואס זיינען דיר ליעב אונד טהייער."

„זאגט מיר, רבי, האבען דיעזע מענער עטוואס גוטעס אויף געטהון מיט זייערע ספרים?"

„געוויס, זעהר פיעל. אבער דאס האט זייא געקאסט גענוג זארג אונד מיהע."

„דאן וויל איך נאכפאלגען דעם ביישפיעל פון דיעזע לייטע." האט מענדעל מיט א פעסטע בעשטיממונג געזאגט. זיין בעגייסטערונג וואר אזוי גרויס אז ער האט גאר ניט געוואללט אויסהערען דעם רבי'ס פארשטעללונגען, אונד דיעזער איז ענדליך געצוואונגען געווען נאך צו געבען אונד פערשפרעכען זיין תלמיד צו לערנען מיט איהם דיא רוססישע אונד דייטשע שפראכען.

פון דיעזען טאג איז מענדעל'ס שטארקער חשק צו בילדונג פאללקאממען בעפריעדיגט געווארען; ר' יוטעללעס האט אנגעפאנגען מיט איהם צו לערנען לעזען אונד שרייבען דיא פרעמדע לשונות. דער לאנגווייליגער אנפאנג איז אפילו פיר אזא אינגעל וויא מענדעל גע־ווען זעהר א שווערע אויפגאבע, אבער ער האט מיט אויפמערקזאמקייט אונד געדולד אין א גאנץ קורצע צייט זעהר גוטע פארשריטע געמאכט. אונטערדעססען האט ער זיך אויך אויס געצייכענט אלס איינער פון דיא בעסטע תלמידים אין דער ישיבה אונד זיין קראפט אין שטודירען דיא תלמודישע לעהרע האט זיך אימטער וועהרענד פערגרעסערט; אבער באלד וויא דיא ישיבה שטונדען ווארען געענדיגט האט דערזעלבער רבי זיך גענוממען איהם צו אונטערריכטען אין וועלטליכע קעטניסע, פון

וועלכע ער אליין, אלס געבילדעטער מאן האט זעהר פיעל געוואוסט. נור איין זאך האט דער אלטער קיין מאל ניט פערגעססען, צו האלטען דיא גאנצע זאך אין שטרייננסטען געהיימניס אונד אזוי פאָרזיכטיג צו זיין דאס קיין פויגעל זאָלל פון דעם סוד ניט ערפאהרען, דען ער האט זעהר גוט געוואוסט וואס פיר א גרויסע סכנה עס איז פיר דעם איינגעל, אונד אויך פיר איהם אליין, אז יעמאנד זאָלל זיך דאפון ערקונדינען. דארום פלעגען זייא זיך אימּמער פערשליעסען אין דיא ווייטעסטע צימּמער, אדער זיך בעהאלטען אירגענד וואו אין וואלד, ווען זייא האבען געדארפט לערנען פון דיא פערבאָטענע ביכער.

## 13. קאַפּיטעל.

### פערפאלגונגען אין טאגאראג.

פון דיעזער צייט אָן זיינען פינף יאהר פערפלאָססען; ביז דיא בעוואוסטע קרימער קריעג האט זיך אָנגעפאנגען.

צייט רוססלאנד האט פערטריעבען נאַפּאָלעאָן דעם ערסטען מיט זיינע פראנצויזען זיינען זייא בייא זיך געוועזן גרויסע מיוחסים. יעדער איינער האט געגלייבט אז דיא רוססישע מיליטער. איז דיא מעכטיגסטע אין דער וועלט, דאס קיינער איז ניט אים שטאנדע זייא גובר צו זיין. דער טיראנישער קייזער ניקאָלייא איז געוועזן מיט זיין גאנצען לעבען אב געגעבען פיר דיא סאָלדאטען; אום זיין מאכט צו פערשטאַרקען אונד זיין חיל אימּמער וועהרענד צו פערמעהרען האט מען געריססען דיא הויט פון דעם ארמען פאָלק, וועלכעס האט געזיפצעט אונטער דיעזע מאססע פון דיא שווערסטע אבגאבען. עס האט שוין אבער ביסלאך וויס אנגעפאנגען צו פלאטצען דיא געדולד פון דעם ניעדער געשלאָגענעם רוססישען המון; מען האט זיך שוין ניט בעגנוגענט מיט זיפצען אונד קרעכצען; עס האבען זיך אָן געהייבען צו הערען פון פערשיעדענע זייטען ארויסרופונגען פון אונצופריעדענהייט, וועלכע זיינען אימּמער פערמעהרט געוואָרען. עס איז אלזאָ נייטהיג געוועזן פיר דיא רעגיערונג עטוואס אויף צו טהון אום דעם פאָלק צו פערדוללען דען קאָפּף, אז זייא זאָללען גאָר קיין צייט האבען צו טראכטען וועגען זייער איינענע עלענדע לאגע, אונד דער טיראנישער קייזער ניקאָלייא האט אָנגעווענדעט דען בעוואוסטען מיטטעל, וועלכער האט שוין געהאָלפען פיעלע אזעלכע באנדיטישע רעגיערער אין דיעזער לאגע. ער האט נעמליך ערקלערט קריעג קעגען טירקייא. דיא אללגעמיין בעליעבטע רוססישע אויפגאבע איז אימּמער געוועזן איין צו נעהמען קאָנסטאנטינאָפּאָל, דיא וויעגעלע פון זייער גריכיש-קאטהאָלישע קירכע, אונד פון דיעזען הערדליכען ציעל איז ניקאָלייא'ס פאָלק ווירקליך באלד בעגייסטערט געוואָרען אזוי שטארק אז זייא האבען אין גאנצען פערגעססען זייערע איינענע צרות. זאָגאר נאכדעם וויא דיא גרעסטע רעגיערונגען פון אייראָפּא האבען זיך פערייניגט מיט טירקייא געגען רוסלאנד, אפילו דאן, זיינען דיא רוססען בייא זיך ניט געפאללען געוואָרען; „נישקשה, מיר וועללען זייא מיט אונזערע היטלען פערוואָרפען!“ האט יעדער פון זייא אויס גערופען אונטער דעם בערוישענדען איינדרוק פון דעם קינפטינען זיעג אונד טריאומפף.

דיא הויפט מאכט פון דיא רוססישע ארמעע איז געוועזן צוזאממען גענוממען אין דיא דרום פראָווינצען, ביי'ן שווארצען ים, וואו עס איז געשטאנען דיא פלאָטע פון דעם פערייניגטען שונא. דיא סאָלדאטען זיינען בעפאללען יענע געגענדען אזוי וויא דיא היישריקען, צערשטערענדיג אונד פערניכטענדיג אללעס וואס זייא האבען נור געפונען. דאס

פערארמטע פאָלק איז נאָך מעהר אונגליקליך געוואָרען, אבער דיא גרעסטע צרות האבען געליטען דיא דאָרטיגע אידעשע איינוואָהנער, וועלכע יעדער איינער האט געמעגט ראבירען אונד בע׳גזלן אָהן שום פעראנטוואָרטונג.

טאגאראָג, וועלכע ליעגט אויך אין יענע רוססישע פראָווינצען, איז צו דער קריעגס צייט נאָך אין גרעסערען עלענדען צושטאנד גע-קוממען. אבער דיא אידען פון דיעזען דאָרף זיינען שוין געוואָרען אויס געמאטערט אונד אויס געפרעסט אז עס איז שוין כמעט ניט געוועזען וואס בייא זייא אוועק צו נעהמען. דער גובער-נאטאָר פון אלעקסאנדראָווסק האט זינט דער בעוואוסטער שרעקליכער נאכט ניט אויף גע-הערט אויף דיא גרויזאמסטע וויזע זייא צו פערפאָלגען. בייא דעם קלענסטען חשד אויף א אידען אז ער האט עטוואס געלד, האט ער דיא שטרענגסטע מיטטלען אָן גענוממען בייא איהם ביז דיא לעצטע פרוטה ארויס צו רייסען. דיעזע אונד נאָך אזעלכע מערדעריליכע טהא-טען האבען אזוי וויט געבראכט אז דיא אידעשע בעפעלקערונג פון טאגאראָג איז גע-בליעבען בלוט ארם, מיט געבראָכענעם מוטה אונד פערצווייפעלטע הערצער.

אונזער אלט בעקאנטער מרדכי ווינענקי איז אויך אין גאנצען בדלות געוואָרען. נאכדעם וויא מען האט אוועק געשלעפט אללע אידעשע קליינע קינדער האט ער פערלאָרען זיין גע-וועהנליכע בעשעפטיגונג אלס מלמד. ער איז פון דאן אָן געצוואונגען געוועזען צו געהען פער-דיענען קארגע לעבענסמיטטעל אלס פעדלער אין דיא ארומיגע דערפער. נור דאפון אליין איז געוועזען אונמעגליך צו מאכען א לעבען, דארום האט זיין ווייב זיך אויך געמוזט בע-שעפטיגען מיט נעהען אונד שטריקען פיר דיא דאָרף לייטע אונד פון דיעזע גאנצע הארוואַ-נע האבען זייא קוים געקענט ערווערבען א שטיקעל טרוקען ברויט.

דיא גאנצע וואָך פלעגט מרדכי מיט זיין ווייב ארבייטען געדולדיג אונד זעהען דורך צו קוממען מיט דיא קלענסטע מיטטלען אום נור דאס לעבען צו ערהאלטען. אללעס וואס זייא האבען נור געקענט דיא וואכענדיגע 6 טעג אב שפּאָרען, האבען זייא פערוועגדעט אויף שבת, דעם איינציגען טאג ווען מען איז פרייא פון ארבייט אונד מען קען אויסרוהיען דיא פערמאטערטע ביינער אונד זיך בערוהיגען פון דיא געוועהנליכע צרות אונד דאגות. פרייטאג אבענד, איז דיא זאנסט פינסטערע הויז העלל בעלייכטעט געוואָרען, א נייער גייסט פון מוטה אונד האָפנונג האט דאן בעלעבט דיא צובראָ-כענע הערצער פון דיא ארמע געפלאגטע אידעשע איינוואָהנער אונד דיעזען אבענד האט יעדער פון זייא געשעפּט פרישע קרעפטען אריבער צו טראגען דעם געוועהנליכען יאָך פון זייער עלענדען געפייניגטען לעבען. אויך מרדכי ווינענקי מיט זיין פרויא פלעגען יעדען פרייטאג צו נאכט ערווארטען וויא דעם ליב-טיגסטען מאָמענט אין זייער פינסטערען לעבען; זייער גרעסטער פערגניגען איז אימּמער געוועזען זיטצענדיג ביי׳ן טיש, אונד ערקוויקענדיג זייערע פערשמאכטע הערצער מיט דיא בע-סערע שבת׳דיגע שפּייזען, צו ריידען וועגען זייערע קינדער, וועלכע א גרויזאמע דעספּאָ-טישע גזרה האט זייא בערויבט. זייער איינציגער נחת אויף דער וועלט איז יעצט געוועזען נור מענדעל אליין, פון וועלכען זייא פלעגען אָפט בעקוממען פרעהליכע ידיעות. זיינע ערהאבענע פארשריטע אין לערנען, דיא גרויסע בערימט-הייט מיט וועלכע זיין יונגער נאָמען האט שוין יעצט וויט אונד ברייט געגלענצט האט געדיענט אלס ערקוויקענדער באלזאם אויף

דיא ארמע עלטערנ׳ס פערוואונדעטע הערצער. פון יאנקעלען האבען זייא פון יענער טרויערינער צייט, זינט דיא סאלדאטען האבען איהם אוועק געשלעפט, קיין שום נאכריכט ערהאלטען; זייא האבען שוין דאהער איהם לאנג בעקלאגט אלס פערשטארבענעם.

עס וואר אזא פרייטיג אבענד. מרדכי איז מיט זיין פרויא געזעססען אין זייער קליינע ארמע צימער, געניעסענדיג דעם גליק פון דיעזען מאמענט אין זייער אללגעמיינעם טרויריגען לעבען. פלוצלינג האבען זייא דערהערט אונגעוועהנליכע קולות אויפען גאס; דיא שטיללקייט פון שבת, וואס האט געהערשט אין דער אידעשער שכונה, איז מיט איינמאלל געשטערט געווארען פון א מחנה סאלדאטען וואס זיינען אין דארף אן געקוממען. דער סטאראסטע האט זייא געפיהרט אונד פאנאנדער געשטעללט אין דיא הייזער, אונד הינטען זיינען נאך געלאפען א האלבער דארף אבגעריססענע שקצים.

„סאלדאטען!“ האט מרדכי מיט זיין וויב אוים גערופען בלייך ווערענדיג פון שרעק „דער אויבערסטער זאלל זיך מרחם זיין, מען וועט זייא אודאי אריין שטעללען בייא אונז.“

איידער זייא האבען נאך בעוויעזען דיעזע ווערטער אוים צו ריידען אונד זיך עטוואס צו ערהאלען איז דיא טהיר געעפענט געווארען אונד זעכס סאלדאטען זיינען אריין געקוממען.

„גיעב אהער עססען“ האבען זייא מיט שטורמידינע קולות אוים גערופען, אוועק שטעלענדיג זייערע ביקסען אונד אראפ נעהמענדיג פון זיך דיא ראנצעס.

„מאך קיין שהיות ניט, זשיד!“ האט נאך איינער מיט כעס געשריען“ מיר האבען פון אין דער פריה אן גאר ניט געגעססען אונד מיר זיינען הונגעריג.“

„איך האב קיין זאך ניט“ האט דער ציטטערענדער מרדכי געענטפערט „וואס ווילט איהר פון מיר?“

„וואס האבען מיר דא צו ווארטען ביז דיא פערדאממטע אידען וועללען אונז בעטען צום טיש?“ האט איינער פון דיא סאלדאטען געזאגט“ קוממט ברידער, לאמיר נור א קוק געבען אונד אליין אוים זוכען וואס צו עססען.“

אזוי ריידענדיג האט דער סאלדאט געעפענט דעם אלמער אונד זייא זיינען אללע איבערראשט געווארען צו געפינען אזעלכע גוטע שפייזען וואס זייא האבען אליין ניט געהאפט. דיא שבת׳דיגע חלות, פיש, פלייש אונד דיא אללע איבריגע געשמאקע מאכלים זיינען געשטאנען אזוי פראכטיג אוים געשטעללט אז דיא סאלדאטען זיינען ענטציקט געווארען. זייא האבען באלד אלסדינג ארויף געטראגען אויף׳ן טיש אונד צייט א פאאר סעקונדען אללעס איין געשלונגען. דאס עססען האט געשמעקט זעהר גוט, אבער פיר דיא הונגעריגע סאלדאטען איז דאס געוועזען אויף איין צאהן.

„גיעב אהער נאך עססען“ זיינען זייא ווידער צו געשטאנען צו דעם ארמען מרדכי.

„איך האב מעהר קיין זאך ניט“ האט דיעזער מיט א פעראומערטע שטיממע געענטפערט.

„דוא זאגסט ליעגען, פערדאממטער איד, זאג שנעלל וואו האסטו בעהאלטען דיא איבעריגע שפייזען?“

„וואס ווילט איהר פון מיר? איהר האט דאך אללעס אויף געגעססען.“ האט מרדכי געזאגט האלב וויינענדיג, בייא דער ערינערונג אז ער מיט זיין וויב וועללען מוזען א גאנצען שבת פאסטען.

„גיעב אונז געלד, וועללען מיר זיך אליין קויפען“ האבען דיא סאלדאטען געשריען.

,,איך האב אין מיין גאנצען הויז א פּרוטה ניט, חאטש קוילעט מיר.‘‘ וואר דיא טרויריגע אַנטוואָרט.

,,נוא, דאס איז שוין ניט מעגליך צו גלוי־בען אז א איד זאָלל קיין געלד ניט האבען. איהר זייט אללע חיטרע הינד, בייא אייך אין דיא שמאַטעס איז פוּלל געשטאָפּט מיט גאלד אונד זילבער.‘‘

,,איהר קענט געהען זוכען‘‘ האט דער פערצווייפעלטער מרדכי געענטפערט ,,איך שענק אייך פאַראויס אוועק דאס גאנצע גאָלד אונד זילבער וואס איהר וועט געפינען.‘‘

דיא סאָלדאַטען האבען זיך לאנג ניט גע־לאָזט בעטען אונד באלד אָנגעפאנגען צו זוכען אונד אָקערען אין דעם גאנצען הויז; יעדעס שטיקעל מעבעל האבען זייא אויף געריסען אונד צו בראָכען, יעדעס שטיקעל קלייד, יעדע קיסעלע צו טרענט אונד צו ריססען זוכענדיג דיא רייכטהימער וועלכע זיינען נאך דער מיי־נונג פון דעם רוססישען המון בייא יעדען אידען בעהאלטען. מרדכי אונד לאה זיינען געשטאנען וויא ערשטארט פון שרעקען בעטראַכטענדיג דעם חורבן וואס עס ווירד געמאַכט פון זייער לעצטע ביסעל ארעמקייט. ענדליך איז שוין מעהר ניט איבער געבליעבען וואס צו פלינדע־רען, דיא סאָלדאַטען האבען גאָר ניט געפונען. דאן האבען זייא פלוכענדיג אונד זידלענדיג צו זאַממען גענוממען אללעס וואס זייא האבען געקענט אונד אוועק געשלעפּט צו וואסילע־וויטש אין קרעטשמע, אום זייער קוממער מיט א ביסעל בראנפען צו טרייסטען.

דיעזעס לעצטעס אונגעריכטעס אונגליק האט דיא עלענדע פּאאר פּאָלק אין גאנצען ניעדער געשלאָגען. הייסע ביטערע טרערען האבען זיך געגאָססען איבער זייערע בלייבע געזיכטער, זעהענדיג דיא גרויזאמע צערשטע־רונג אונד בערויבונג פון זייער ארמען איינגענ־טהום; אזוי וויא פערשטיינערט פון שרעק, מורא אונד פערצווייפלונג זיינען זייא יעצט געבליעבען זיטצען אונד האבען זאָגאר ניט גע־קענט בעגרייפען וואס זייא זאָללען דאָ אָן הייבען צו טהון.

ארום האלבע נאכט זיינען דיא סאָלדאַטען געקוממען צוריק שיכור׳ער הייט. דיא ווילדע בארבארען האבען יעצט אין בעטרונקענעם צושטאנד שוין גאר ניט אויסגעזעהען וויא מענשליכע ברואים. אזוי וויא רייסענדע טהיערע זיינען זייא אריין געפאללען אין הויז מיט־קולות ,,עססען, געלד!‘‘ איבער הויפּט דיא ארמע לאה איז יעצט געווען דער ציעל פון זייערע בעליידיגונגען; זייא האבען איהר אנגעפאַנגען צו שלעפּען אונד רייסען אום זייער ניעדער־טרעכטיגען בעזאָפּענע לוסט צו בעפריעדיגען. דיא אונגליקליכע פרויא האט זיך נעבאך געווערט מיט אללע כוחות, איהר מאַן האט זיך געגען דיא באנדיטישע סאָלדאַטען געשטעללט אונד דער סוף איז געווען אז מען האט זייא ביידען געהרג׳עט געשלאָגען מכות אכזריות, ביז דיא סאָלדאַטען זיינען ענדליך מיעד געוואָרען, דען דיא אויפרעגונג אונד דיא היטץ פון דעם ענגען ציממער, האט זייא אין גאנצען פערדולט דיא קעפּף אונד ביסלאך ווייז זיינען זייא גע־פאללען אין דיא ווינקעלאך שלאפען.

,,לאה‘‘ האט מרדכי זיך אבגערופען אלס ער האט זיך איבערצייגט אז דיא סאָלדאַטען ליעגען שוין אין פעסטען שלאָף ,,לאָמיר נעה־מען וואס מעגליך איז אונד ענטלויפען.‘‘

,,מיר טאָרען קיין זאך ניט טראָגען, אפילו געהן אין וועג אויך ניט‘‘ האט לאה געענטפערט ,,היינט איז דאך שבת.‘‘

,,ניין, מיין וויב, האט מרדכי געזאגט‘‘ מיר מעגען יא היינט מחלל שבת זיין, דען עס

האנדעלט זיך דא אום אונזער לעבען צו רעט־ טען אונד בייא אזא צופאלל פון סכנה איז אונז ערלויבט אויך אום שבת אללעס צו טהון.״

„לאמיר אלזא גלייך געהען״ האט לאה שטילל אונד טרויעריג געענטפערט.

באלד האבען זייא זייער עלענדע שטיבעלע פערלאזען; דיא שטיבעלע וועלכע האט זייא צייט פיעלע יאהרען געדיענט אלס היים; יעצט זיינען זייא פון דארט קוים מיט׳ן לעבען ענט־ לאפען אונד זיינען ארויס אהן דיא קלענסטע מיטלען אין דיא וייטע וועלט, זיך אירגענד וואו א נייעם בעשיידענעם וואהנארט צו גרינדען.

## 14 קאפיטעל.

### א גליקליכער פסח.

דער נעבורטסטאג פון דער אידעשער נאציאן, דער הערליכער יום טוב פסח קוממט אן. אין קיעווער אידעשען קווארטאל איז וויא געוועהנליך ערב פסח דיא אויפרעגונג זעהר גרויס; איבעראלל ווירד געוואשען אונד גע־ רייניגט, געזויבערט אונד געפוצט; דאס גאנ־ צע מעבעל פון דיא הייזער איז ארויס גע־ שטעללט אויף דיא גאססען, בעט־געוואנד אונד קליידער אויס געלעגט צום לופטערען, פרויען זיינען שטארק בעשעפטיגט; קינדער וועלכע מען האט ארויס געטריעבען פון שטוב, זייא זאללען ניט שטערען אין דער ארבייט, טאנצען אונד שפרינגען נעבען דיא הייזער אונד קייקלען זיך מיט גרויס שמחה אין דרויסען אויף דיא קיססענס, מיט איין ווארט, דיא גאנצע אידעשע בעפעלקערונג פערפערטיגט זיך אויף צו נעהמען דען אן קוממענדען גרויסען פייער טאג מיט לוסטיגע פרעהליכקייט, מיט פריידליכען געפיהל פון שמחה בייא דער אנקונפט פון דעם אלטען זמן חירותנו.

יא, פסח איז ווירקליך דער איינציגער טאג נאך וועלכען יעדעס אידעשעס הערץ בייגהט מיט פיעל ליבשאפט. דער רייכער מאן פוצט אויס זיין טיש מיט גאלדענע אונד זילבערנע כלים; אבער אויך דער ארמער, וועלכער ארבייט דען גאנצען יאהר זעהר שווער אום קארגע לעבענסמיטעל צו פערדיענען, שפארט אב אללעס וואס ער קען אום דעם יום טוב פסח צו בעשוינען. אין דיעזען טאג גיעבט עס אין דער גאנצער אידעשער נאציאן קיין הונגעריגע אונד נויט בעדערפטיגע. יעדער איז פריינדליך פערזארגט מיט דיא בעסטע שפייזען, זאגאר מיט א ביסעל וויין, דאס הערץ צו ערקוויקען, אונד יעדער איד שפירט זיך אזוי וויא בע־ צויבערט פון דעם אלטען גייסט דער פרייהייט, וועלכע וואר צו אונזער פאלק אן געקינדיגט מיט יאהרטויזענדע צוריק. אונד זיין ברוסט ווירד בעלעבט מיט נייע קראפט אונד פרישע האפ־ פנונג, וועלכע דער יונגער פראכטיגער פריה־ לינג ברייננט צו דיעזער צייט פיר דיא גאנצע נאטור.

ענדליך זיינען אללע פארברייטונגען גע־ ענדיגט; אזוי וויא א זיסער פריעדענס ענגעל קוממט אין יעדעס הויז דיא נאכט פון דעם ערסטען סדר; שעהן אונד ריין, ליכטיג אונד ווארם איז אין יעדעס צימער; א גליקליכעס געפיהל שפיעגעלט זיך אב אויף יעדעס געזיכט אונד מיט פרייד ווירד ערפיללט יעדעס הערץ.

בייא הירש בן־זאב איז דער שפייזע זאל רייך פערפוצט צום ערסטען סדר. דיא לאמפען שיינען העלל אונד קלאר; דער פינקעלנדער גלאנץ פון דעם זילבערנעם הייננ־לייכטער פערבליצט דען פראכטפאלל געגרייטען טיש, מיט דעם שנעע־ווייסען טיש־טוך, אויף וועלכען עס זיינען אויסגעשטעללט דיא פראכט פאלל־ סטע כלים אונד טהייערסטע כוסות. דיא גאנצע הויז געזינד אונד איינינע געלאדענע

פרעמדע געסט זיטצען ארום טיש יעדער אויס געציערט אין זיינע בעסטע קליידער, אונד אויבען אָן אויף דער הסיבה־בעט רוהט האלב ליעגענ־דיג, אזוי וויא א הערשער אויף זיין טראָהן, דער ווירטה פון הויז הירש בן־זאב, אָן געטהון אין זיין קיטעל, דאס שטערבענס העמד, וועלכע ערינערט דעם אידען בייא זיין גליקליכסטע צייט אין דעם לעצטען מאָמענט פון זיין לעבען. דער טיש איז געגרייט מיט דיא מצות, מיט דיא שיסעל פון סדר אונד מיט דיא זילבערנע בעכערס וויין פיר יעדען בעזונדער. פערגניגען אונד שמחה איז אָן געשריעבען בייא יעדען אויפ׳ן געזיכט. פערגעססען זיינען דיא יעצטיגע צרות פון דיא פערפאָלגונגען בייא דער ערינערונג וויא גליקליך דיא אידעשע נאציאָן איז אמאל ערלויזט געוואָרען פון זייערע עגיפטישע בע־דריקער אונד האבען זיך ערוואָרבען דיא ליכטיגע פרייהייט.

נאכדעם וויא אללע האבען געמאכט קידוש אונד דיא איבעריגע סדר צערעמאָניעס האט מען אנגעפאנגען צו זאגען דיא הגדה מיט דיא בעוואוסטע ווערטער.

„דיעזעס ארמעס ברויט האבען אונזערע עלטערען געשפייזט אין דעם לאנד מצרים. יעדער הונגריגער מעג קוממען עססען, יעדער נויט בעדערפטיגער מעג קומען מיט־שפייזען״...

דיעזע איינלאָדונג איז יעצט ווירקליך בע־אנטוואָרט געוואָרען; עס האט זיך געהערט אז יעמאנד קלאפט אָן גאנץ זאכט אין טהיר. מענדעל איז צו געשפרונגען אונד געעפענט, א מאנס פערזאָן אונד א פרויען צימער זיינען אריין געקוממען; זייערע אבגעמאגערטע בלייכע געזיכטער, זייערע צעריסענע פערשמוצטע קליי־דער האבען פאָרגעשטעללט א טרויריגען קאָנטראסט צו דעם אויס געצירטען זאאל מיט דיא פרעהליכע געסט.

„פאטער! מוטער!״ האט איז דיעזען מאָמענט מענדעל אויס גערופען מיט דיא גרעססטע ענטציקונג. וועהרענד דיא ביידע האבען מיט טרערען פון פריידע אומגעארמט זייער געליעבטען זוהן.

נאך דער ערשטער איבעראשונג האבען אללע אנוועזענדע זעהר הערצליך בעגריסט דיא דיא אונערוואַרטעטע געסט. מרדכי מיט זיין פרויא זיינען געגאנגען צו פוסס דיא לאנגע וועג פון טאַגאַראָג נאך קיעוו, מיט גרויס מיהע אונד מאַטערניס האבען זייא געמאכט דיא רייזע, ביז זייא זיינען ענדליך אָן געקוממען אין קיעוו גראדע צום ערסטען סדר. אין קורצע וואָרטען האבען זייא ערצעהלט דיא יאממער געשיכטע פון דיא פירכטערליכע בעדריקונגען אין טאגאראָג אונד דיא לעצטע צרות וואס זייא זיינען דאָרט אויס געשטאנען. עס וואר יעצט איינע דאָפפעלטע שמחה אז דיא גע־ליעבטע קרובים זיינען ענדליך פטור געוואָרען פון זייער עלענדע לאַגע אונד האבען בעוויזען זיכער אונד גליקליך צו קוממען אויף יום טוב אין קיעוו.

אין איינינע מינוטען ווארען דיא נייא אָן געקוממענע איבער געקליידעט אין דיא בעסטע אנציגע וואס האבען זיך אין הויז געפונען, דיא סימנים פון דלות אונד פיין זיינען אזוי וויא פערשוואונדען געוואָרען פון זייערע געזיכטער אונד באלד האבען זייא ערשיינט אין שפייזע זאל אנטהייל צו נעהמען אין דיא הערליכקייט פון דעם יום טוב. נאך צווייא טעללער האט מען אוועק געשטעללט, נאך צווייא בעכער וויין אָן געגאָססען אונד דיא סדר צערעמאָ־ניעס, האבען זיך ווידער אנגעפאנגען.

מענדעל איז געוועזען אזוי אויף גערעגט פון זיינע עלטערענס אונערוואַרטעטען גליקליכען אנקונפט אז ער האט זיך קוים געקענט אויף

האלטען צו בלייבען זיטצען אויף זיין ארט ביז דער סדר איז געוועזן געענדיגט. דער 18 יעה־ריגער יונגער מאן האט בייא דעם אנבליק פון זיין געליעבטע פאטער אונד מוטער כמעט פער־געססען אז ער איז שוין איין ערוואקסענער פערזאן; אזוי וויא א קליין קינד האט ער זייא יערע מינוט אום געארמט, געקוסט, געהאלזט אונד געדרעדט אהן אויפהער, פערגעססענדיג טרערען אויף דיא געשיכטע פון זייערע ליידען אונד זיך פרעהעדיג אויף דאס יעצטיגען גליקליכען וויעדער זעהען.

## 15. קאפיטעל.

### צווייא ליעבענדע.

דיא קרימער קריעג האט זיך געענדיגט מיט אונגליק פיר רוססלאנד: דיא פעראייניגטע פלאטע פון זייערע שונאים האבען געהאט דען בעססטען ערפאלג אויפ'ן שווארצען מעער אונד דיא פעראכטעטע טירקייא האט אויף גע־הייבען דען קאפף מיט זיעג אונד שטאלץ. דיא רוססען האבען זיך ערוואכט פון זייערע פוסטע חלומות אונד איין געדרעדטע פאנ־טאזיעס אונד האבען זיך ארום געזעהען אז דיא רעגיערונג האט זייא בלויז געוואללט פערשלעפערין מיט פאלשע פאטריאטישע גע־פיהלען; דאס רוססישע פאלק איז יעצט אבי־סעל צו שפעט געקוממען צו דער טרויריגע איבערציינונג, דאס זייער גאנצע רעגיערונגס געביידע איז מעהר ניט וויא א פערפוילטע חורבה, דאס זייער צאר־מיט זיינע ווילדע טשינאווניקעס זיינען אייגעננוטציגע פערדאר־בענע ברואים, דאס דיא מיליטער שטעללט בדלות דעם פאלק וועלכען זיא איז ניט אים שטאנדע צו שיטצען; קורץ, דאס אויף דעם טראהן זיצט גרויזאמע מערדערייא אונד דאס אים גאנצען לאנד העררשט ניעדערטרעכטיגע רציחה אונד שווינדעל. דיא אונצופריעדענהייט פון פאלק האט זיך פערשטארקט אונד פער־שפרייט איבער דער גאנצער מדינה; עס האבען אנגעפאנגען צו ערשיינען געהיימע פראקלאמאציאנען אונד אויפרופען, אין וועלכע עס ווארען דרייסט אויף געוויזען דיא שלעכטע אויפפיהרונג פון דער רעגיערונג אונד וויא נייטהיג עס איז דאס אללעס צו ענדערן אונד צו פערבעססערן. דער דעספאטישער ניקאָ־לייא האט שוין יעצט ניט געקענט זיך מאכען ניט וויססענדיג פון דיעזען אללגעמיינעם גע־שרייא, וועלכער וואללט פיללייכט באלד אויס־געבראכען אין איין גרויסע רעוואלוציאן, אבער געראדע בייא דיעזער צייט האט ער געמאכט ויברח אויף יענער וועלט; רוססלאנד איז ענד־ליך פון דעם טיראן פטור געווארען אונד אנ־שטאט איהם האט זיך געזעצט אויפ'ן טראהן זיין זוהן אלעקסאנדר דער צווייטער.

דיעזער נייער קייזער האט זיך אויסגעצייי־כענט מיט גאנץ אנדערע אנזיכטען: אין דער אללגעמיינער פאליטיק איז ער אפילו געוועזן ניט פיעל בעססער פון זיינע עלטערען; ער האט אויך געהאלטען שטייף אין האנד דיא זעלבסט העררשער מאכט; אבער דאפיר איז ער געוועזן פרייא פון יענעם ווילדען דעספאָ־טיזם, פון יענעם סאלדאטען נייגם, מיט וועל־כען זיין טאטע האט געשטיקט דיא אונגליקליכע רוססלאנד. אלעקסנדער איז געוועזן פיעל מענ־שען פריינדליכער; ער האט זיך אינטערעססירט אליין צו וויססען דיא נויטווענדיגקייט פון זיין מדינה; דיא פאלשע יועצים האבען בייא איהם געשפיעלט א קלענערע ראלע אונד ער האט געזוכט מיט אללע מיטטלען צו שטעלען זיין פאלק אויף איין בעססערן ארט. עס זיינען באלד ברייטער געעפינט געווארן דיא טהירען פ דיא אוניווערסיטעטען; פיעלע שווערע אבגא בען ווארען אראפ געגוממען; דיא שטרענגע

צענזורע פערלייכטעט געוואָרען, דיא פערוואל־טונג פון דער מדינה אונד מיליטער אין פיעלע הינזיכטען אויס געבעססערט, זאָ דאס גלייך ביי'ן אנפאנג פון זיין רעגיערונג האט דאס פאָלק עטוואס לייכטער אויף געאטהעמט.

צו אידען איז דיעזער קייזער בייא יענע צייט געווען זעהר גענעדיג. ער האט מבטל געווען פיעל גזרות וועלכע זיין טאטע האט ארויס גענעבען. דיא געזעטצען, וואס האבען ביז דאן אבגעגרענעצט דעם צאהל פון אידע־שע חתונות אין יעדער געמיינדע, ווארען צוריק גערופען. אין פיעלע ערטער זיינען דיא אידעשע קוואַרטאללען פערברייטעט אונד פערגרעסערט געוואָרען אונד פערשיעדענע בעפעהלען ווארען ארויס געגעבען, אום דאדורך דעם אידענס שווערען לעבען צו פערגרינגערען אונד זיין פינסטערען שיקזאל צו פערלייכטערען. אבער דיא גרעסטע וואָהלטהאט וואס ער האט מיט אידען געטהון איז בעשטאנען דארין, דאס ער האט באלד ארויס געגעבען א בעפעהל אז מען זאלל צוריק געבען צו אללע עלטערן דיא קליינע קינדער, וועלכע מען האט מיט געוואלט בייא זייא אוועקגענומען, וועהרענד דיא גרויזאמע רעגיערונג פון דעם פריהערינגען צאר.

עס איז אונמעגליך צו בעשרייבען דיא שמחה וואס איז דאן געוואָרען בייא דער גאנ־צער בעפעלקערונג פון דעם רוססישען יודענ־טהום. ניקאלייא'ס שרעקענס רעגיערונג האט זיך פאַרבייא געטראגען אזויא וויא א בייזער שטורם, דיא פינסטערע וואָלקענס פון זיינע גרויזאמע גזרות זיינען פערשוואונדען געוואָרען אונד דיא מילדע זאָננען שטראלען פון דיא נייע צייט האבען ערקוויקט דען אויסגעמאַ־טערטען ארמען אידען. פיעלע טויזענדער פא־מיליעס האבען צוריק בעקוממען זייערע איינ־ציגע קינדער, וועלכע ווארען שוין בעקלאגט אלס פערלאָרען אויף איביג אונד אין פיעלע טויזענדע הייזער, וואו עס האט ביז יעצט גע־הערשט טרויער אונד פערצווייפלונג, זיינען יעצט בעלויכטעט געוואָרען מיט נחמה אונד פרייד. נור איין פאמיליע אין קיעוו האט אומ־זיסט געווארט אויף איהר געליעבטען קינד. מרדכי ווינענקי האט אויך געהאפט אויף דעם נייעם גיטיגען מאניפעסט, אויך ער האט גע־טרייסט זיין ארעמע פרויא לאה, אז איהר צערטליך געליעבטער יאנקעלע וועט יעצט גע־וויס צוריק קוממען אהיים, אבער עס זיינען פאַרבייא גענאנגען איינינע צייטען פון אומ־זיסטע ערווארטונגען אונד ענדליך האבען דיעזע אונגליקליבע עלטערן געמוזט אויף געבען יעדע האפנונג. פון יאנקעלען איז קיין שום ידיעה ניט געקומען, וואהרשיינליך איז ער שוין אירגענד וואו לאנג געשטאָרבען.

מענדעל האט אונטערדעססען עררייכט זיין 21טען געבורטס טאג, אונד צו דיעזער צייט איז ער געוואָרען איינער פון דיא גרעסטע בעריהמטע מענער, זיין נאמען איז געווען וויט אונד ברייט געעהרט אונד געאכטעט, אלס איין יונגער מאנן מיט זעלטענע פעהיגקייטען אונד גלענצענדע תלמודישע קענטנים. זיין ווערק וואס ער האט יעצט פערעפענטליכט איז אנערקאנט געוואָרען פון דיא גרעסטע רבנים אונד דיא העכסטע געלעהרטע אלס דער רייכסטער אוצר. וואס פערשפרייטעט ליכט איבער פיעלע פראגען דער אלטען העב־רעאישען ליטעראטור. דיא גרעסטע אידעשע קהילות פון מאסקווא אונד ווארשא האבען איהם איין געלאדען אויף עהרען שטעללען אין זייערע שטעדט, אבער דער יונגער עילוי האט ניט געוואלט פערלאזען זיין צווייטע פאטער שטאדט קיעוו, וואו זיינע גוטע עלטערן אונד בעליעבטע קרובים האבען געוואָהנט.

אונזער יונגער דענקער האט אבער בייא זיך גוט געוואוסט אז איסער דיא עלטערען אונד פערוואנדטע גיעבט עס אין קיעוו נאך איינע אנדערע גאנץ פרעמדע פערזאָן, וועלכע בעזיצט דיא גרעסטע מאכט איהם היער אב־צוהאלטען. זיין הערץ, וואס האט אזוי שטארק געביינקט נאך לערנען אונד וויסענשאפטען, איז שוין לאנג געווען געפאנגען בייא דיא שעה־נע יונגע רחל, דעם רב׳ס טאָכטער. רחל וועלכע האט יעצט עררייכט איהר 17טען פריהלינג, איז געווען איין פאלשטענדיג ער־וואכסענעס מעדכען. איהר שלאנקע פראכט־פאָללע פיגור, איהרע גלענצענדע שווארצע אויגען, איהרע דונקעלע היבשע האאר אונד אין אללגעמיין איהר גאנצע ערשיינונג האט פאָרגעשטעלט א בילד פון ליעבליכע ערהא־בענע שענהייט, וועלכע איז אים שטאנדע גע־ווען יעדען איינעם צו בעצויבערען. אבער דיא אויסערליכע ערשיינונג וואר ניט איהר איינ־ציגע מעלה. דען גרעסטען חן האט איהר צו גענעבען איהר אנמוטהינער כאראקטער, איהר אויסגעבילדעטער פערשטאנד אונד איהרע אנשטענדיגע עדעלע מאניערען. נאטירליך האט דאס טעגליכע צוזאממען קוממען מיט אזא מעדכען וויא רחל ערוועקט בייא דעם יונגען מענ־דעל אין הערצען א טיעפען געפיהל פון ליעבע, וועלכע האט אויף איהם געמאכט איין מעכ־טיגען איינדרוק. דיעזע ליעבע האט איהם בע־גייסטערט אין זיין שטרעבען נאך וויסענשאפט אונד בילדונג, צו עררייכען א העכערען שטאנד, דאס ער זאָלל ווערטה זיין זאָ איין אוצר וויא רחל צו בעזיטצען; אללע זיינע געדאנקען וואַ־רען בעהערשט נור פון איהר אונד זיא וואר דיא איינציגע וועלכע האט רעגיערט מיט יעדען פון זיינען שריט אויף דעם שווערען וועג פון שטודיום. עבען דאס זעלבע האט אויך רחל געפיהלט צו דעם יונגען געלעהרטען: אללע מעלות וואס איין מעדכען קען זיך פארשטע־לען אין איהר געליעבטען האט רחל אין איהם געפונען אונד איהר גאנצעס עדעלעס הערץ האט געהערט נור צו איהם אליין.

ביז יעצט איז נאך צווישען דיא צווייא יונגע מענשען קיין איינציגעס וואָרט פון ליעבע ניט אויסגעשפראָכען געווארען, אבער דאס איז אויך ניט געווען נייטהיג; יעדע מינע, יעדער בליק, יעדעס שמייכעל האט זייא ביידען גע־נוג ערקלערט זייערע געגענזייטיגע געפיהלען, מיט וועלכע זיססע־קייטען זייא זיינען איינער צום אנדערען צו געבונדען. רחל איז געווען בעוואונדערט אונד געליעבט פון פיעלע יונגע מענשען, וואס וואללטען פערטיג געווען זייער גאנצעס לעבען פיהר איהר צו אָפפערען, אבער איהרע אויגען אונד איהר הערץ האבען געהערט נור דעם איינציג געליעבטען, אונד אללע בעמיה־הונגען פון דיא שדכנים, וועלכע דיא גרעסטע גבירים האבען געשיקט צום רב, ווארען אומזאָנסט.

אין א געוויססען אבענד איז מענדעל זעהר האסטיג אריין געגאנגען צום רב אין הויז. אויף זיין געזיכט איז געווען צו ערקענען איין אויסדרוק פון אונבעשטיממטע האָפנונג. דער רב אונד זיין ווייב זיינען צו הויז ניט געווען. רחל האט באלד געזעהן אז ער איז פון עט־וואס שטארק אויפגערעגט אונד האט אים זעהר בעניעריג געפרעגט.

„וואס איז דער מעהר? האט עטוואס בעזאָנדערס געטראָפען?״

„לעז איבער דיעזעס, רחל״ האט מענדעל געענטפערט איהר איבערגעבענדיג א בריעף.

דער בריעף האט ענטהאלטען א שעהנע איינלאדונג צו דעם יונגען געלעהרטען מענדעל פון דיא גרעסטע געמיינדע אין אדעססע.

,,אונזער רב איז אלט אונד שוואך'' איז אם ענדע געווען געשריעבען ,,ער מוז האבען א מאן וואס זאָלל איהם העלפען פיהרען דיא רבנות. אייער בעריהמטהייט אלס גרויסער געלעהרטער איז בעוואוסט איבעראלל, אונד מיר ועלען עס רעכענען פיר דען גרעסטען כבוד אויב איהר וועט איינשטיממען בייא אונז דיעזע שטעללע אן צו נעהמען.''

רחל האט איבער געלייענט דען בריעף אונד איהר שעהנעס געזיכט איז געוואָרען בלייך וויא קאלך.

,,וואס דיינקסטו צו טהון?'' האט זיא ענדליך אויס געשטאממעלט מיט טרערען אין דיא אויגען.

מענדעל'ס הערץ האָט געטאַנצט פון שמחה זעהענדיג וואס פיר א טיעפעס געפיהל עס בעוועגט איהר ברוסט; פון זיינע פייערדיגע בליקען איז דאס מערכען פלוצלונג רויטה געוואָרען אונד דיא אויגען אראָפּ געלאָזען. מענדעל האט זיך מעהר ניט געקענט אויף האלטען אונד אן נעהמענדיג איהר צארטע האַנד האט ער געפרעגט:

,,וויא וואָללסטו מיר הייסען טהון, רחל?''

,,איך וואָללט זעהר אונגליקליך געוועזן ווען דו זאלסט אוועק פאהרען'' האָט דאס ציטטערנע מערכען מיט א שטיללע שטיממע געענטפערט, ,,וויא וועט מיין אלטער פאטער זיך קענען בענעהען אָהן דיר אונד וויא וועסטו זיך קענען שיידען פון דיינע עלטערען אונד פריינדע? דיין אברייזע וואָללט יעדען איינעם אין שטאדט געמאכט פיעל פערדרוס, פערבלייב בעססער אין קיעוו.''

דער יונגער מאן האָט מיט גליהענדע לייידענשאפט געדריקט דאס געליעבטע מערכען צו זיין שטורמענדע ברוסט.

,,ניין, מיין לעבען, מיין טהייערע רחל! איך וועלל ניעמאלס פערלאססען דיעזע שטאדט, אויב דוא וועסט ניט פאהרען מיט מיר צוזאממען אלס מיין געליעבטע פרויא.''

גליקליך אונד צופריעדען זיינען יעצט דיא יונגע פאאר געזעססען צוזאממען, אויסמאַלענדיג מיט ראָזענפארבען זייער נעבסטע צוקונפט, אונד אלס ר. יוטעלעס מיט זיין פרויא זיינען געקוממען צוריק האט מענדעל צו געפיהרט זיין געליעבטע כלה צו דיא עלטערן.

,,רבי'' האט ער געזאגט ,,איך האב אבגערעדט מיט רחל'ן אז מיר זאָללען ביידע הייראטהען.''

,,מזל טוב אייך, ליעבע קינדער'' האבען דער פאטער אונד דיא מוטער איינשטיממיגג מיט גרויס פרייד אויסגערופען ,,איהר זאָללט אויס לעבען אייערע יאהרען צוזאממען אין נחת אונד פערגניגען.''

דען פאָלגענדען שבת אבענד האט זיך ביין רב אין שטוב א גרויסארטיגע געזעלשאפט פערזאממעלט. דיא תנאים פון דעם רב'ס טאָכטער מיט דעם בעריהמטען מענדעל איז געפייערט געוואָרען מיט גלאנץ אונד פראַכט, אונד יעדער פון דיא געסט האט זייא פון אינערליכען הערצען דען בעסטען גליק געוואונשען.

דיא קורצע צייט פון תנאים ביז חתונה איז באלד פארבייא געגאנגען. מיט איינינגע טעג פריהער האט מענדעל צו זיינע קינפטיגע שווינער עלטערן געזאָגט:

,,איך וואָללט וועללען בייא אייך עטוואס בעטען.''

,,זאג מיין קינד וואס דוא פערלאַנגסט'' האט דער רב געענטפערט.

,,איך וויל אז מען זאָלל רחל'ן ניט אבשערען איהרע האאר פאר דער חופה. שעהנע צעפּ דיענט יעדער פרויענצימער אלס א קרוין אויף איהר קאָפּף אונד מיר וואָלט זעהר

לייד געטהון אז מען זאָלל רחל'ן בערויבען איהר נאטירליכע ציערונג."

דער רב איז איבערראשט געוואָרען פון גרויס פערוואונדערונג הערענדיג דיעזע ווערטער.

„אָבער מיין זוהן, וואס וועט דיא גאנצע שטאדט דארויף זאגען אז מיר וועלען ברעכען זאָ איין אלטען מנהג?"

„מיר הארט זייער מיינונג גאנץ וועניג. איך וויל דער ערסטער צייגען דעם ביישפיעל אז עס איז שוין צייט אב צו שאפען אזעלכע אבערגלויבישע אונד שענדליכע מנהגים."

„עס קען דאפון ארויס קוממען נאָך א גרעסערער אבערגלויבען" האט דער רב געזאגט „ווען עס זאָל חלילה מיט רחל'ן זיך עטוואס מאכען וועט דער המון צייגען מיט דיא פינגער, אז גאָט שטראפט איהר פיר דיעזע עבירה."

„יעדענפאללס מוז איך טהון וויא מיין מענשליכער פערשטאנד זאגט מיר" האט מענדעל געענטפערט „פיללייכט וועלען אנדערע פון מיר נעהמען א ביישפיעל אונד מען וועט אויף הערען זיך צו מאכען לעבערליך מיט אזעלכע שטותים."

נאָך א לאנגען ישוב הדעת האט דער רב צום סוף איין געוויליגט אונד מענדעל האט דאס זייניגע אויסגעפיהרט.

דער לאנג ערווארטעטער טאג פון דער חתונה איז ענדליך אן געקוממען; דאס געליעבטע פאאר האבען זיך געפיהלט גליקליך וויא אויפ'ן זיעבענטען הימעל אלס זייא ווארען פון זייערע עלטערען, בעגלייטעט פון צאהלרייכע געסט, געבראכט אונטער דער חופה. דער איינענער אלטער פאטער, דער רב, האט מיט טרערען פון שמחה אין דיא אויגען אונד מיט א ריהרענדע שטיממע מסדר קדושין געווען, אונד באלד ווארען דיא ליעבענדע אויף עוויג פעראייניגט.

דיא נייא פערהייראטהעטע פאאר האבען געוואָהנט צוזאממען בייא רחל'ס ערלטערן. דער אלטער ר' יוטעלעס איז זעהר אָפט ניט אים שטאנדע געווען צו ערפיללען זיינע פיעלפאכע שווערע פפליכטען. דאן האט מענדעל אימממער זיין שטעללע פערטרעטען, זאָ דאס ער וואר שוין יעצט פון אללעמען בעטראכט אלס דער ווירקליכער רב פון שטאדט. געעהרט אונד רעספעקטירט פון דער גאנצער אידעשער בעפעלקערונג איז אונזער יונגער געלעהרטער דענאָך געבליעבען א פריינדליכער ליעבענסווירדיגער מענש אין געוועהנליכען לעבען אונד זיין מילדער אָרענטליכער כאראקטער האט איהם פערשאפט בייא יעדען איינעם ליעבע אונד אכטונג.

נאָך פערלויף פון איין יאהר, אלס רחל האט געבאָרען דען ערסטען קינד, א מעדכען וועלכע מען האט א נאמען געגעבען קאטהענקא, איז אונזער מענדעל געווען דער גליקליכסטער אין דער גאנצער וועלט.

## 16. קאַפּיטעל.

### דיא חאלערא.

א נייער פורעניות איז אויסגעגאססען געווארען אויף יענע געגענד. קוים האבען דיא אידען זיך עטוואס ערהאָלט פון דיא שרעקליכע גזרות, קוים האט דאס פאָלק אין אללגעמיין עטוואס פרייער אבגעציינגען דעם אטהעם פון דעם שווערען יאך, האט זיך אויף געהייבען א פרישע צרה. דיא נאטור אליין האט אנגעפאנגען צו פלאגען אללעמען אָהן אויסנאהמע: איד אדער קריסט, פרוממער אדער פרייזיננינער אויף אללעמען האט יעצט געשוועבט דיא שרעקליכע געפאהר פון טויט. דיא גרויזאמע חאָלערא האט אויסגעבראָכען;

אין דער יעניגער מדינה; פון קיעוו ביז אדעססא איז דיא גאנצע געגענד געווען בעלאגערט מיט דיא אָפּפער פון דיעזער שרעקליכער עפּידעמיע. וויא איממער האבען אידען געוועהנליך פיעל ווענינער געליטען וויא זייערע קריסטליכע שכנים. דער אידעשער ניכטערער אונד איינפאכער לעבענסארט שיצט איהם אין אזעלכע צופאללען בעססער וויא דעם שיכור׳ן אויף נערעגטען רוססישען פויער. דענאָך זיינען אויך בייא דער אידעשער בעפעלקערונג גענוג אָפּפער געפאללען, אונד ניט איין הויז איז געזעססען שבעה. קלאגענדיג נאך א געליעבטען פערוואנדטען.

בייא דיעזער אלגעמיינער בעשטירצונג האבען דיא דאָקטורים פערלאָרען זייער גאנצען ווערטה; קיינער האט מעהר ניט געגלויבט אין נאטירליכע רפואות. דאס איז א שטראָף פון גאט, האט יעדערער בעהויפּטעט, וויייל ער איז אין כעס געווארען אויף דיא זינדיגע מענשהייט. דער אבערגלויבען האט זיך איבעראלל פערשטארקט; דיא היימישע דאָרףזנאחארקעס זיינען געווען זעהר בעשעפטיגט מיט סגולות אונד פערפלערייען, דיא פּאָפּעס האבען אללע טאג אויס געטראכט נייע צערעמאָניעס; דיא קירכען זיינען געעפענט געוואָרען אונד דאס דוממע פאלק איז געלאפען זוכען הילפע אונד רעטטונג דורך געבעט צו זייערע הילצערנע הייליגע.

אין קאניעץ, א דאָרף אין יענע געגענד, האבען דיא איינוואהנער אויף געטהון א נייעס מיטטעל, וויא אזויא צו פערניכטען דיא חאלערא. אללע מיידלאך פון דאָרף האבען זיך נאך האלבע נאכט צוזאממען געקליעבען אויף א בעשטיממטען אָרט הינטער דעם דאָרף. פאָראויס איז געגאנגען איין מעדכען, וועלכע האט געטראגען דעם בילד פון ר׳ יאָסעלע׳ס מאמען, רייך פערפוצט מיט דימאנטען אונד טייערע שטיינער. צום בילד האט זיך נאך געשלעפּט איין אקער צו געבונדען מיט א לאנגע שטריק; דאן האט זיך אנגעפאנגען דיא פּראָצעסיאָן; זינגענדיג געוויססע געבעט ליעדער זיינען זייא געגאנגען ארום דאָרף אונד געמאכט מיט דעם אקער איין עיגול, גלויבענדיג דאס דיא חאָלערא וועט שוין איבער דיעזען עיגול ניט קענען אריבער שפּרינגען.

אזעלכע אונד נאך עהנליכע אבערגלויבישע ערפינדונגען האבען דיא אונוויססענדע פויערים אן געווענדעט געגען דיא בייזע עפּידעמיע, מען האט זאָגאר אראפּ געבראכט פון פּעטערבורג איין אוראלטעס הייליגעס בילד, וואס האט שוין פיעל מאָלל בעוויעזען וואונדערבארע ניסים, וויא דער המון האט בעהויפּטעט, אבער דיא חצופה, דיא חאָלערא, האָט וויא עס וויייזט אויס גאנץ ווענינ געהאלטען פון דיא הייליגע אונד האט זיך ארום געשפּאצירט פרייא אונד פראנק, אוועקשלעפּענדיג יעדען טאָג הונדערטע מענשליכע אָפּפער.

בייא אונזערע אידען האט אויך צו ליעב דיא מורא פון דיעזע שרעקליכע סכנה אויף געבליהעט דער אבערגלויבען. דיא ארמע קלאססע וועלכע האט געוואָהנט אין דיא אונטערע שטאָדט טהייל האבען זעהר שטארק געליטען פון דער עפּידעמיע. דאָרט אין דיא האלב פערפוילטע שמוטציגע חורבות, וואו דיא לופט איז פארדעם אויך געווען פערפעסטעט, וואו דיא איינוואהנער זיינען געלעגען גאנצע פאמיליען אין איין צימער, האט דיא קראנקהייט אויף דען פירכטערליכסטען ארט געוויטהעט.

אונזער אלט בעקאנטער איטציג דער שמש איז געווען בייא דיעזע צייט זעהר שטארק בעשעפטיגט, מיר געפינען איהם יעצט אין

רענזעלבען ארעמען צושטאנד וויא דאן איידער ער איז געפאהרען אין שליחות נאך טשערני־גאוו; אויב ער האט יא געכאפט א ביסעל געלד פון יענעם געשעפט איז דאס בייא איהם שיין לאנג צו קראכען געווארען. אונטערדעס־סען איז זיין פאמיליע אונטער געוואקסען אונד זיך פערמעהרט, דיא הוצאה איז געווארען גרעססער אונד דער דלות דריקענדער. אויסער־דעם איז איטציג געווען פיעל בעזארגט וועגען זיין טאכטערביילע, וועלכע האט שוין ער־רייכט דיא צייט חתונה צו האבען אונד דא איז ניטא אפילו מיט וואס איהר צו מאכען א קליידעל. ביילע אליין איז דאצו נאך געווען וויט פון שיינהייט אונד אזא מערכען אהן נדן איז זעהר שווער צו בריינגען אונטער דער חופה. אבער דיא לעצטע צייטען האט איטציג געהאט זעהר ווייניג געלעגענהייט וועגען דעם צו דענקען. אין יעדעס הויז האט עס יעצט פיר איהם געגעבען טרויריגע ארבייט; אהין דארף מען בריינגען דעם ארון, דארט האט מען געדארפט מטהר זיין, צו יענעם האט מען געדארפט לויפען מנחם אבל זיין. מיט איין ווארט, איטציג האט יעצט געהאט גענוג וואס צו טהון אונד האט באמת ערפיללט אללע זיינע פפליכטע זעהר בערייטוויללינג, פיר וועלכע מען האט איהם מייסטענטהיילס גוט בעצאהלט.

אבער נאך איין מאן איז געווען אין שטאדט, וועלכער האט ניט געקוקט אויף קיין בעצאה־לונג אונד געארבייט טאג אונד נאכט, אום וואו מעגליך איז געווען הילפע אונד טרייסט צו בריינגען. דער רב, ר' יוטעלעס, האט זיך זאגאר ניט פערגונען דיא צייט פון עססען אונד שלאפען; פון הויז צו הויז, פון שטיבעל צו שטיבעל איז ער ארום געגאנגען, וויא פיעל זיינע אלטע פיסס האבען איהם געקענט טרא־גען, היער האט ער שנעלל געבראכט נעטהי־גע רפואות, דארט געשאפט ארדנונג, צו פערהיטען דיא ווייטערע פערשפרייטונג פון דער קראנקהייט, אין איין ארט מיט געגאנגען צו דער לויה, אין אנדערען מיט זיסע טרייסט ווערטער געמילדערט דען פערצווייפעלטען טרויער. ער איז געווען פולל אין אללע ערטער וואו דיא פעסט האט אם געפעהרליכסטען זיך פערשטארקט. ווען זיין ווייב, אדער אנ־דערע לייטע, האבען איהם אויפמערקזאם גע־מאכט אז ער זאלל זיך אליין היטען פלעגט ער געוועהנליך נור ענטפערן „מיר זיינען אללע אין גאט'ס הענד." אזויא האט דער אלטער אהן אויפהער זיך בעשעפטיגט מיט זיין מענ־שען פריינדליכע פפליכט ביז ער איז ענדליך אליין געפאללען אלס אפפער דער גרויזאמער עפידעמיע.

איין מאל, קוממענדיג אין הויז וואו עס איז געלעגען איין פערפעסטעטעס קינד, האט ער פלוצלונג זיך געפיהלט זעהר ניט גוט אונד איידער מען האט נאך בעוויעזען איהם אהיים צו בריינגען וואר ער שוין טויט.

גרויס וואר דער טרויער אונד דער יאמ־מער אין דער גאנצער שטאדט; יעדער האט געפיהלט אז ער האט אין אלטען רב פערלא־רען א צערטליך געליעבטען פאטער, אונד דיא גאנצע געמיינדע האט געקלאגט מיט ביטערע טרערען אויף דעם טויט פון דיעזען הויך געאכטעטען מאן.

אונטערדעססען האט זיך דיא מגפה נאך מעהר פערשטארקט, א ווילדער שרעק איז ארויף געיאגט געווארען אויף דיא גאנצע בע־פעלקערונג; מען איז געלאפען צום בעל שם נאך סגולות אונד קמיעות. איבעראלל אויף דיא טהירען ווארען אויף געהאנגען צעטעלאך מיט דיא אויפשריפט „ניטא אין דער היים."

אלס סגולה געגען דיא קראנקהייט, אבער דיא עזות׳ניצע דיא חלי־רע, האט זיך ניט גע־לאָזט אב נארען אונד איז אריין געגאנגען אין דיא הייזער אונגעבעטענער הייט. ענדליך איז אויך דער קברות מאן אליין געשטאָרבען אונד וויא איין אלטער אבערגלויבען זאָגט איז דאס א ריכטיגער סימן אז יעצט וועט שוין נעהמען א סוף פון דעם אונגליק, אבער וויא אויף להכעיס האט זיך דיא עפּידעמיע נאך מעהר פערשטאַרקט.

איין פריהמאָרגען איז איטציג דער שמש געקוממען צו לויפען אין זיין הויז פערשאָפּעט זאָ דאס ער איז קוים אים שטאנדע געוועזן אויס צו רופען ,,גאָט צו דאנקען, יעצט וועל־לען מיר געהאלפען ווערען!״

,,וואס איז דער מעהר איטציג?״ האט זיין ווייב יענטעלע מיט פערוואונדערונג גע־פרעגט.

,,ביילע״ האט איטציג זיך אבגערופען צו זיין טאָכטער, וועלכע איז געזעסען ביי׳ן פענסטער אונד גענעהט ,,געה א ווײלע ארויס פון שטוב, איך דארף וואס איבער ריידען מיט דער מוטער.״

ביילע האט פערקריממט איהר העסליכעס געזיכט אונד איז ארויס געגאנגען.

,,דוא ווייסט, יענטעלע, אונזער ביילע וועט מיט מזל מאָרגען חתונה האבען.״

,,שוין מאָרגען? מיט וועמען?״

,,דוא קענסט אונזער פרעזידענט ר׳ הירש?״

,,נוא, איז וואס?״ האט יענטעלע זיך אימּמער מעהר פערוואונדערט ,,ער האט דאך א ווייב.״

,,עה, דוא ביסט א בהמה, פערשטעהסט גאר ניט. ר׳ הירש איז געפאָהרען צום בעל שם אין טשערניגאָוו אונד איז יעצט צוריק געקוממען.״

,,טאָ זאג דאך שוין א מאל וואס דאס האט צו טהון מיט אונזער ביילע׳ס חתונה?״ האט דיא פרויא אונגעדולדיג אויס געריפען.

,,וואַרט זשע, איך וועלל דיר באלד ער־קלערען. דער בעל שם האט אזא עצה געגע־בען, אז מען זאָלל חתונה מאכען א פּאאר ארמע קינדער אונד שטעללען דיא חופה צווי־שען צוויא פרישע קברים, דאן וועט דיא מגפה אויף הערען. הירש האט מיר היינט געשיקט רופען אונד פאָרגעלייגט אז ער האט פיר אונזער ביילען א חתן, ווען מיר ווילען איין שטיממען אויף זאָ איין אופן חתונה איהר צו מאכען. דאפיר גיעבט ער דיא יונגע פּאאר פּאָלק נדן, קליידער אונד א בעשטיממטע סוממע געלד אויף א גאנצעס יאהר צו לעבען. וואס מיינסטו אלזא וועגען דעם?״

,,ווער איז דער חתן?״ האט יענטעלע געפרעגט כמעט גלייך גילטיג.

,,דוא קענסט קלמן דעם ארעם בחור?״

,,יא, ער איז טאקע זעהר ארעם.״

,,דאס מאכט גאר ניט אויס״ האט איטציג אויס געריפען״ ר׳ הירש וועט פּאָרלויפיג געבען גענוג צום לעבען, אונד נאכדעם וועט גאט זאָרגען.״

,,ווײס איך; מאך וויא דוא פערשטעהסט״ האט יענטעלע געענטפערט. איטציג איז דיא מינוט אוועק געלאָפען צו הירש בן־זאב אין הויז זאגען דאס ער איז איינשטיממיג. דאן זיינען זייא ביידע געגאנגען אין בית המדרש איבער ריידען מיט קלמן דעם ארעם בחור. דיעזער לעצטערע איז געוועזן פון יענעם זאָרט קלויזני־קעס וועלכע האבען גאנץ וועניג פעהיגקייט צום לערנען אונד וועניגער שכל פיר דער וועלט. זייא וועלגערען זיך ארום יאהרע לאנג אין דיא ישיבות, ביז זייא דערדיענען זיך צו א ראנגע פון איין אונטער שמש, אָדער נאך אזא מין

כלי קודש. קלמן האט נאך געהאלטען אין דאוונען אלס הירש בן־זאב מיט איטציגען זיינען געקוממען אונד איהם געזאגט זייער פערלאנגען. ער האט אנפאנגס אויף זייא אויס געשטעללט דיא נארישע אויגען, נור וויא זייא האבען איהם ערקלערט אז ער טהוט דאמיט א גרויסע מצוה, פון וועלכע מען טאר זיך ניט ענטזאגען, האט ער א קוועטש געגעבען מיט דיא פלייטשעס אלס צייכען פון צופריעדענהייט. איטציג האט באלד אוועק געפיהרט זיין צוקינפטיגען איידעם צו זיך אין הויז אונד אין דערזעלבער מינוט איז מיט מזל פארטיג געווארען א תנאים.

אומזאנסט האט אונזער מענדעל, אלס דער יעצטיגער רב פון שטאדט, געקעמפפט געגען דיעזן אונגעהויערען אבערגלויבען. ער איז אויף געקאכט געווארען אלס ער האט דערהערט פון דיעזע שענדליכע דוממהייט, אבער זיין רעדענס־קראפט מיט דיא קלינערע אונד גרייבערע קלאססע האט גאר ניט געהאלפען. דער גאנצער המון האט זיך אן געהאפט אן דיעזע סגולה אלס דעם ריכטיגסטען אונד איינציגען מיטטעל צו שטיללען דיא מגפה.

„עס קען זיין אז דאס איז טאקע א נארעשקייט" האבען איניגע געזאגט „אבער וואס שאדעט עס? מען דארף פראבירען; טאמער וועט דער אייבערסטער רחמנות האבען."

„דער בעל שם האט אזוי געהייסען טהון איז דאס מסתמא געוויס ריכטיג" האט דער גרעסטער טהייל פון פראסטען עולם געשריען.

דיא ברענעדיגער זאננען שטראהלען האבען דען נעכסטען פריהמארגען בעשיינט דיא אויסגעטריקענטע טרויעריגע געגענד. איבעראלל האט געהערשט א שטילקייט פון טויט, זאגאר דיא פויגלאך פון דיא ארומיגע וועלדער האבען ניט געלאזט הערען זייער זאנפטע שטיממע; קיין ערוויקענדעס ווינטעלע האט ניט געוועהעט איבער דיא פערדארטע ערד אונד עס האט אויסגעזעהען וויא דיא גאנצע נאטור ליעגט אין אהנמאכט אונטער דעם שרעקליכען פלוך פון דער גרויזאמע מגפה.

פלוצלינג האט זיך דערהערט איין אונגעוועהנליכער רעש. אין דעם אידעשען קווארטאל האט עס אנגעפאנגען צו רוישען אונד קאכען, דער גאנצער המון, אלט אונד יונג, מענער פרויען האבען זיך אן געשטאפט אין דיא גאססען, ביז מען האט ענדליך ארויס געפיהרט דיא חתן כלה, וועלכע אללע האבען בעגלייט צום בית עולם. דיא יונגע פאאר זיינען געוועזן פיין אויסגעפוצט אונד האבען זיך געפיהלט זעהר גליקליך, מיט דעם בעוואוסטזיין אז זייא געהען יעצט טהון אזא מצוה מיט וועלכע זייא וועללען רעטטען פיעלע שטעדט מיט אידען. קוממענדיג אויפ׳ן בית עולם האבען זיך באלד דערהערט יללות אונד געוויינען; יעדער איינער האט געהאט צו בעקלאגען א פרישען קבר פון א געליעבטען קרוב וואס איז ניט לאנג געשטארבען. מען האט אבער ניט געמאכט קיין לאנגע שהיות, דיא חופה איז גלייך געשטעללט געווארען אויף דעם בעשטיממטען ארט, דיא חתן כלה ארונטער געפיהרט אונד באלד וואר דיא גאנצע צערעמאניע געענדיגט. מזל טוב אונד גליק ווינשונגען האבען זיך גענוממען שיטען פון אללע זייטען, איטציג דער שמש האט קוים בעוויעזען יעדען צו ענטפערען, אבער מיט איין מאהל איז זיין געזיכט געווארען שווארץ געל, דיא אויגען זיינען איהם איין געזונקען אין קאפף אונד ער איז מיט א מוראדיגען קרעכץ צו דער ערד געפאללען.

„דיא חלי־רע! דיא חלי־רע!" האבען אללע אין טויט שרעק אויס געשריען ענטלויפענדיג פון דיעזע שטעללע; נור איניגע בע־

הערצטע מענשען האבען איהם אויף געהייבען אונד אנגעפאנגען צו מינטערען, אבער אללע זייערע בעמיהונגען זיינען געווען אומזיסט, א קורצע צייט האט זיך איטציג געמאַטערט מיט דער גסיסה, זיין גאנצער קערפער איז צוזאממען געדרייט געוואָרען אונד באלד איז ער אויף דיא זעלבע שטעללע געשטאָרבען.

## 17. קאַפּיטעל.

פערנונפט געגען אבערגלויבען.

דען פאָלגענדען שבת האבען זיך אידען וויא געוועהנליך צוזאממען געקליעבען אין שוהל. דער זיססער רוהע טאג איז אבער דיעזעס מאלל געווען פערשטערט; אויף פיעלע געזיכטער וואר אויס געמאלט טרויער, פורכט אונד פערצווייפלונג. דיא שרעקליכע מגפה האט ערדייכט דיא העכסטע שטופּע, זיא האט געשטיקט איהרע אָפּפער אונערבארעמליך אונד קיינער איז ניט געווען זיכער אז ער וועט נאך דיעזען שבת איבערלעבען.

דער יונגער רב פון שטאדט, מענדעל, איז ארויף געשטויגען דיא בימה; דער גאנצער עולם איז מיט איינמאל שטילל געוואָרען, יעדער האט ערווארטעט צו הערען א גלענצענדע פראכטפאָללע רעדע, אונד א פערנינפטיגע עצה געגען דען יעצטיגען אונגליק.

,,מענדעל האט אנגעפאנגען זיינע ווערטער מיט דיא ערינערונג אן דעם אבגעשטאָרבענעם אלגעמיין געליעבטען אלטען רב. וועלכער איז מיט זיינע גוטהערציגקייט געווען א וואהרער פאטער פון שטאדט אונד מיט זיינע גרויסע געלעהרזאמקייט א ווירקליכער לעהרער פון פאָלק. זיין קראפטפאָללע וואהל־קלינגענדע שטיממע האט אויך ניט פערפעהלט איהר ווירקונג, יעדער איינער פון זיינע צו הערער איז זעהר שטארק געריהרט געוואָרען.

,,מיינע פריינדע" האט דער יונגער רב וויטער געשפּראָכען ,,בייא דער צייט פון אזא שרעקליכע מגפה דארפען מיר נאַטירליך אויף הייבען אונזערע אויגען צו דעם איינציגען הערשער איבער לעבען אונד טויט, צו דעם אלמעכטיגען גאָט אין הימעל. אין דער צייט ווען מיר בעטען אונזער אללגעמיינעם הימלישען פאטער, יעדער איינער פיר זיין אייגענעם לעבען, דארף זיך אין אונז ערוועקען א געפיהל פון מענשען פריינדליכקייט אונד רחמנות צו אונזערע אונגליקליכע ליידענדע אונד קראנקע. אבער אייער גלויבען אז גאט איז געוואָרען מלא רציחה אונד האט ארויף געשיקט דיא פעסט אום פון אונז נקמה צו נעהמען; אייערע נארישע צערמאָניעס, וויא א חתונה אויפ'ן בית עולם אונד נאך אזעלכע שטותים, מיט וועלכע איהר מיינט צו צווינגען דעם אלמעכטיגען בעשעפער ער זאָלל דיעזע גזרה צוריק רופען; דיעזע אללע דומע אבערגלויבענס זיינען א בעליידיגונג געגען דען וואהרען גאט פון אונזערע עלטערען אונד לעבערליך געגען דער גאנצער וועלט.

,,מיר אידען זיינען איבערצייגט אז אָהן גאָט'ס וויללען קען אויף דער וועלט קיין זאך ניט געשעהען, אבער איהר דארפט וויססען, מיינע ברידער, אז דיא נאטור געזעטצען וואס ער האט געשטעללט פון ששת ימי בראשית, וועללען זיך ניעמאלס פערענדערען. ווען מיר זינדיגען געגען דיעזע חוקי הטבע זינדיגען מיר געגען דיא גאָטטהייט זעלבסט. אונד קיינע סגולות, קיינע קמיעות אונד פערשווערונגען פון פערשידענע בעלי שמות וועללען אונז גאר ניט העלפען. לאמיר בעססער בעטראכטען אונזער לעבענס ארט. לאמיר בעססער נאך זוכען דיא נאטירליכע אורזאכען פון דיעזער פּעסט אונד אויס געפינען מיטטלען אזעלכע אורזאכען צו פערניכטען, דאן קענען מיר זיין

ויכער, מיט נאטעס הילפע, דיא עפידעמיע צו בעקעמפפען אונד אין א קורצע צייט פון דעם שרעקליכען אונגליק לויז צו ווערען.״

דיעזע ווערטער, וועלכע קיין רב האט נאך ביז יעצט ניט אויסגעשפראָכען האבען ארויס גערופען א גרויסען רעש, א געוואלדיגע אויפּרעגונג. פערשיעדענע אויסרופונגען האבען זיך געהערט פון אללע זייטען, פערשיעדענע געפיהלען ווארען אויסגעדריקט, אבער דער יונגער רעדנער האט מיט זיין מעכטיגע שטיממע גע־הייסען שווייגען אונד עס איז באלד וויעדער רוהיג געווארען, אין קורצע אונד קלאָרע ווער־טער האט דער יונגער רב פאָרגעשטעללט דאס פיעלע געזעטצען פון דער תורה בעצוועקען נור דורך ריינטליכקייט אונד זויבערען לעבען אזעלכע טרויריגע סיבות צו פערמיידען; דאס דארום, וויא דיא היסטאָריע בעוויזט, האבען אידען יעדעס מאלל פיעל וועניגער געליטען פון דיעזע קראַנקהייטען אונד אויך יעצט איז דיא פפליכט פון יעדען אידען, לויט זיין ריינע רע־ליגיאָן, אן צו ווענדען דיא נאטירליכע מיטלען וועלכע דיא וויססענשאפט לערנט, אום דיא מגפה צו פערניכטען. מענדעל האט דאס אללעס געשפראָכען מיט אזא וואהרע בעגייס־טערונג אז ניט ווילענדיג זיינען אללעמענס הערצער אָן געצויגען געוואָרען, זייא האבען געשפיערט אז ער ערקלערט זייא דיא וואהר־הייט אונד האבען אין איהם געגלויבט.

„אלזא ברידער, האט דער דענקענדער רב ווייטער געזאגט „עס איז שוין צייט אז מיר זאללען ארויס יאָגען דען נארישען אבערגלויבען אונד אנשטאדט דעם ארבייטען נאך דיא גע־זעטצען פון דעם געזונדען מענשען פערשטאנד, נור דאס קען רעטען דעם לעבען פון אונזערע פרויען אונד קינדער, נור דיעזע מיטטלען קענען אונז פערשאפען עהרע אונד אכטונג בייא דיא קריסטליכע וועלט. ערסטענס איז נייטהיג אז מיר זאללען זיך פעראייניגען אונד אויסארבייטען א ריכטיגען פלאן וויא אזויא געגען דיא עפי־דעמיע צו קעמפפען. דיא געפאהר פון דיעזער קראַנקהייט איז איבערהויפט דארין דאס זיא איז אנשטעקענד, דארום איז פריהער וויא אללעס נייטהיג דיא פערפעסטעטע חולאים אב צו זונדערען, אז דיא קראנקהייט זאלל זיך ווייטער ניט פערשפרייטען. איהר ווייסט אליין אויך זעהר גוט וויא שטריינג משה רבינו האט אָן געזאגט, דאס מען זאלל דיא מצורעים, אללע וואס ליידען פון אזעלכע אנשטעקענדע קראַנקהייטען, האלטען מחוץ למחנה. ווייטער האט איהר וואהרשיינליך שוין געקענט בע־מערקען אז דיא חלי־רע איז פיעל שטארקער אין דעם ארעמען קווארטאל פון אונזערע אידען; דאָרט געפינען זיך אזעלכע הייזלאך וואס זאָגאר בייא א געזונדע צייט איז דיא לופט פערשטיקט, דארום איז אויך קיין חידוש ניט אז אין דיעזע פעסט לעכער איז דיא געפאהר אם שרעק־ליכסטען אונד זייא דיענען אלס דיא איינציגע קוועלע וואו דיא עפידעמיע שעפפט איהרע קרעפטען. מיר זיינען מחויב אונזערע ארמע ברידער צו רעטען; מיר מוזען זעהען אז דיא געפעהרליכסטע פון דיעזע הייזלאך זאללען איבער געבויט ווערען. דיא ברונענס זיינען אויך פערגיפטעט פון דער פעסט; ביז מיר וועללען זייא אויסרייניגען מוזען מיר אכטונג געבען אז דער עולם זאלל טרינקען נור איבערגעקאָכטע וואססער, דיעזע אונד נאך עהנליכע מיטטלען איז נייטהיג באלד אָן צו ווענדען, אונד דארום לאָדע איך איין יעדען פון אונזערע רייכע לייטע, ווער עס ווילל מיט ראטה אונד טהאט מיר ביישטעהען, זיך הייטע אבענד אין מיין הויז צו פערזאממלען. דאָרט וועללען מיר אויס אר־בייטען א ריכטיגען פלאן וואס מיר האבען צו

טהן פיר דיעזע וויכטיגע זאך, אום דיא גע־פעהרליכע מגפה צו פערניכטען, אונד דער אויבערסטער וועט אונז געוויס העלפען.״

אויסרופונגען פון ענטציקטען בייפאלל האבען זיך געהערט פון איבעראלל. אלס מענ־דעל איז אראפ געגאנגען פון בימה האבען איהם אללע נכבדים פון שטאדט מיט גרויס ליעב־שאפט אונד אכטונג דיא הענד געדריקט, אונד געגעבען זייערע פערשפרעכונגען אז יעדער איינער וועט אנווענדען אללע זיינע קרעפטען אין דיעזער זאך מיט איהם מיט צו ארבייטען אונד אללע זיינע עצות צו פאלגען.

מענדעל האט בעוואהנט דיעזעלבע הויז וואו עס איז געוועזען דיא דירה פון דעם אלטען רב. דאהין האבען זיך דיעזען אבענד צוזאממען געקליעבען דיא רייכסטע אונד גרעסטע בעלי בתים פון שטאדט. עס איז בעשלאססען גע־ווארען צו גרינדען דרייא בעזאנדערע קאממי־טעס. איינע זאלל זיך בעשעפטיגען דיא קראנקע אין א בעזונדערען האספיטאל אריין צו ברענגען; דיא אנדערע מיט איבער בויען דיא ארמע הייזלאך, וואס דיענען אלס געפעהרליכע פעסט לעבער אונד דיא דריטע וועלכע וועט איבער־אלל אכטונג געבען אין שטאדט אויף ריינט־ליכקייט אונד זויבערקייט. מענדעל האט בייא דיעזער פערזאממלונג ערקלערט אללע ערפינדונגען פון דיא נייעסטע וויססענשאפט, וועגען דיא עפידעמישע קראנקהייטען, אונד וועלכע מיטטלען דארפען אנגעווענדעט ווערען נאך דיא מעדיצינישע געזעטצען, אום דיא פעסט צו פערמיידען אונד אין גאנצען צו פערניכטען. אונזערע קיעווער אידלאך זיינען געזעססען אונד געהארכט מיט אפפענע מיילער זיינע הויך געבילדעטע ערקלערונגען, זיך בלויז וואונדע־רענדיג פון וואנען דאס האט זיך בייא זייער יונגען רב גענוממען.

דיא וויכטיגע ארבייט פון דיא קאממיטעס, אונטער דיא לייטונג פון דעם יונגען רב, האט זיך באלד אן געפאנגען. עס איז אבער נייטהיג געוועזען פריהער צו קריעגען איינע ערלויבניס פון גובערנאטאר, איבער צו בויען אללע פער־פעסטעטע הייזלאך. מען האט דאהער בע־שלאססען אז מענדעל זאלל זיך פארשטעללען דיעזען מעכטיגען בעאמטען אום דיא זאך איהם פארצוטראגען.

גענעראל פאמעראף, דער קיעווער גובער־נאטאר, איז געוועזען א יונגער זעהר שעהנער מאן. מיט דעם קייזער אלעקסנדר דען צווייטען וואר ער פערזענליך בעפריינדעט נאך פון דיא יונגע יאהרען. פאמעראף האט זיך אויסגע־צייכענט אלס א מאן פון בילדונג אונד מענשען פריינדליכקייט, אלס א רעגיערער וועלכער שטרעבט אין נאמען דער וואהרהייט צו פער־בעססערען אין זיין פראווינץ אללע עולות וואס האבען ביז יעצט עקסיסטירט, אללע ניעדרע־טרעכטיגקייטען וואס דיא פאריגע גובערנא־טארען פון ניקאליי׳ס צייטען האבען בעגאנגען. דענאך איז אונזער מענדעל׳ן זעהר שווער אן געקוממען איינע פערזענליכע אונטעררעדונג מיט דעם גובערנאטאר צו פועל׳ען, דען ביז יעצט האט עס נאך קיין אידען געלונגען אין זיין קאבינעט אריין צו קוממען.

,,איהר עקסעלענץ״ האט מענדעל צו איהם געזאגט אין א ריינע רוססישע שפראכע ,,איך קומם צו בעטטען ערלויבניס וועגען א זאך וואס דאפון איז אבהענגיג דער וואהלשטאנד פון פיעלע היעזיגע איינוואהנער.״

דער גובערנאטאר איז זעהר פערוואונדערט געווארען בעטראכטענדיג דיא רוהיגע אנשטענ־דיגע ערשיינונג פון דעם יונגען מאן אונד הערענדיג וויא א אידעשער רב רעדט אזויא קלאר אונד דייטליך דיא לאנדעס שפראכע.

„ערקלערט קורץ וואס איהר ווינשט, איך בין זעהר בעשעפטיגט.“ האט דער גובערנאטאר ענדליך געזאגט.

אין קורצע אונד פערשטענדיגע ווערטער האט מענדעל פארגעשטעללט זיינע פראיעקטען מיט וועלכע ער גלויבט אז עס וועט מעגליך זיין דיא עפידעמיע צו שטיללען.

„מיר אללע“ האט מענדעל געענדיגט זיין ערקלערונג „זיינען בערייט אין דיעזער זאך נאך אונזערע קרעפטען צו ארבייטען אונד בעזיטצען דיא נייטהיגע געלד מיטטלען דאצו; מיר בעדארפען נור דיא ערלויבנים פון איהר עקסעלענץ איבער צו בויען דיא פערפעסטעטע הייזלאך, וועלכע זיינען געפעהרליך פיר אללע איינוואהנער.“

וועהרענד מענדעל האט געשפראכען איז דער גובערנאטאר ארום געגאנגען אין זיין קאבינעט נאך דענקענדיג. בייא דעם שלוסס פון זיין רעדע האט ער דעם יונגען רב דיא האנד געדריקט.

„איך מוז אייך זאגען, יונגער מאן, אז איהר זייט מיר זעהר ווילקאממען. איהר מעגט טהון אללעס וואס איהר געפינט פיר נייטהיג אונד איך וועלל שוין אנזאגען אז קיינער זאלל זיך ניט אונטערשטעהען אייך צו שטערען. איך בין אויך פערטיג צו יעדער צייט אייך דארין צו העלפען.“

מענדעל האט מיט א העפליכען דאנק אבשייד גענוממען אונד דער גובערנאטאר איז אזוי פיעל פריינדליך געוועזן איהם ביז צום טהיר צו בעגלייטען.

„איך ערווארט אז איהר וועט מיר אפט בעזוכען אונד פארשטעללען בעריכטען וועגען אייער עדעלע טהעטיגקייט.“ האט דער גובערנאטאר געזאגט איהם נאך א מאלל דיא האנד רייכענדיג.

אין פאר־זאלל זיינען געזעססען א מחנה דיענער וועלכע האבען זיך ניט געקענט אבוואונדערען וויא אזוי דעם אידען איז געלונגען איין פערזענליכען צו טריט צום גובערנאטאר צו עררייכען אונד דאס דיעזער זאלל זיך מיט איהם אזוי לאנג אונטערהאלטען. אלס מענדעל איז צוריק ארויס געגאנגען האבען זייא איהם פערשטעללט דיא וועג אונד אנגעפאנגען זיך לוסטיג צו מאכען איבער איהם.

„אהא, דער איד איז דאך ארויס געקוממען צוריק לעבענדיגער הייט.“ האט איינער מיט שפאט אויס גערופען.

„הער נור, איד“ האט נאך איינער געזאגט אן נעהמענדיג מענדעל'ן ביי'ן בארד, „איהר זייט אפילו אללע זעהר פרעך, אבער מיט וואס פיר א כישוף איז דיר געלונגען אריין צוקריעכען צום גובערנאטאר?“

אין דיעזען מאמענט איז דיא טהיר געעפענט געווארען. גענעראל פאמעראף האט זיך בעוויעזען אויפ'ן שוועלל אונד דיא גאנצע דיענערשאפט זיינען געבליעבען שטעהן ציטטעררענדיג פון שרעק.

דער גובערנאטאר האט זייא שטארק אויס געזידעלט פיר אזא שענדליכע אויפפיהרונג; זייא האבען געמוזט דען פעראכטעטען אידען בעטען אום פערצייהונג אונד איינעם פון זייא האט ער געהייסען אונזער מענדעל'ן מיט כבוד ביז נאך הויז בגלייטען.

דיא פריינדשאפט פון דעם מעכטיגען גובערנאטאר האט דעם יונגען רב זעהר גליקליך געמאכט. וויא פיעל טובות וועט ער יעצט אים שטאנדע זיין פיר זיין ארמעס פאלק אויף צו טהון, וויא פיעל גוטעס וועט ער אין דער נעכסטער צוקונפט דאדורך קענען פערשאפען. מיט דיעזע זיסע געדאנקען וואר מענדעל בעשעפטיג ביז ער איז אהיים געקוממען.

## 18. קאַפּיטעל.

### דעם גובערנאטאר׳ס פּראיעקט.

דיא גאנצע אידעישע געמיינדע פון קיעוו האט זיך גענומען מיט דיא גרעסטע ענערגיע, מיט טהאט אונד קראפט דורך צו פיהרען דיא פּלאנען פון זייער יונגען רב. מענדעל אליין האט זיך ניט פערגונען א מינוט צו רוהען. ער האט בעזוכט דיא געפעהרליכסטע ערטער, געזעהען דאס מען זאָלל דיא חולאים שנעל אוועק פיהרען אונד געשאפט איבעראלל וואו עס איז נייטהיג געוועזען צו שטיטצען אונד צו העלפען. זיין יונגע פרויא רחל האט זיך אויך איבערגעבען מיט איהר גאנצען ליעבליכען הערצען צו דיעזער מענשען פריינדליכער פפליכט; איהר פאטערס טרויריגער סוף האט איהר גאנץ וועניג אבגע־האלטען; מיט וואהרע אויף אָפּפערונג האט זיא זיך אלס פריעדליכער ענגעל בעוויעזען אין יעדען אָרט וואו זיא איז נור אים שטאנד גע־וועזען צו ברייגנען הילפע אונד טרייסט. דער עדעלער ביישפּיעל פון דיעזע געאכטעטע יונגע פּאאר האט אללעממען בעגייסטערט; דיא גאנצע אידעישע בעפעלקערונג מאן אונד פרויא, יונג אונד אלט האבען זיך פעראייניגט פיר דיעזע הייליגע אויפגאבע. זייא האבען זיך ענד־ליך בעפרייט פון דעם אבערגלויבען, וועלכער האט זייא ביז יעצט גערדיקט אונד זייער גאנ־צען מוטה בערויבט. עס איז באלד געדונגען געוואָרען א גרויסע הויז, אין וועלכע עס וואר איין געאָרדענט א פאָללשטענדיגער האָספּיטאל, וואו מען האט דיא קראנקע אין דיא שטרענגסטע אבזונדערונג געהאלטען. דיא דיענערשאפט אין האספּיטאל וואר אָן גע־שטעללט פון דיא יעניגע וואס זיינען שוין געזונד איבערגעקוממען דיא קראנקהייט, וועלכע קוממט זעלטען א צווייטען מאלל אויף דענ־זעלבען פערזאָן.

דיא שמוטציגע עלענדע וואָהנונגען פון דיא ארמע זיינען גרעסטענטהיילס פאנאנדער גע־נוממען געוואָרען, זאָגאר דער פּלאטץ וואו זייא זיינען געשטאנען וואר גרינדליך אויסגערייניגט, דיא איינוואָהנער, וועלכע זיינען געבליעבען אָהן דירות האט מען אויף א קורצע צייט פער־טהיילט אין פערשיעדענע הייזער. יעדען ברונען וואו עס איז עטוואס אונריינליכעס בעמערקט געווארען האט מען פערשאטען אונד אללעמען אנגעזאגט אז מען זאָלל ניטצען נור איבער געקאָכטעס וואססער. אללע חדרים זיינען גע־שלאססען געווארען אונד דיא קינדער געשיקט אפטער אויסען שטאדט אין פעלד, פרישע לופט צו געניעססען. קורץ מיט דיא מיטטלען וועלכע דיא נייעסטע וויססענשאפט לעהרט האט דיא געמיינדע אזוי ווייט געבראכט, אז צייט זעכס וואכען איז דיא עפּידעמיע פון אידעשען קווארטאל גאר אין גאנצען פער־שוואונדען, וועהרענד בייא דיא קריסטען, וועלכע זיינען ניט אזוי פאָרזיכטיג געוועזען, פלעגען נאך איינינגע פאללען פון דער קראנקהייט פאָרקוממען. דאן האט זיך אָן געפאנגען דיא ארבייט צוריק אויף צו בויען דיא צוריסענע הייזלאך; מיטטלען האט ניט געפעהלט, דיא רייכע האבען דארויף געגעבען דיא גרעסטע נדבות אונד זאָגאר דיא ארמע, וואס זיינען ניט אים שטאנדע געוועזען מיט געלד צו העלפען, האבען דורך פערזענליכע ארבייט נאך מעהר אויף געטהון. איין שטיבעל נאך דער אנדערע איז אויף געשטעללט געוואָרען אונד אין א קורצע צייט איז אויף דיא ערטער פון דיא פריהערדיגע שמוטציגע פערפעסטעטע לעבער געשטאנען א רייהע פון איינפאכע, ריינע אונד בעקוועמע הייזלאך, אין וועלכע דיא פריהעריגע איינוואָהנער האבען צוריק געקעהרט מיט גרויס שמחה אונד מיט הערצליכסטען דאנק צו

זייערע וואָהלטהעטער. נאַטירליך איז אונ־מענגליך געווען דיא גאַנצע אָרמע אידעשע שכונה איבער צו בויען, אבער ווענינסטענס איז דיא הויפט שמוטץ, דיא שעדליכסטע ערטער פאָלקאָממען גערייניגט געוואָרען, זאָ דאס אונזער מענדעל האט ענדליך שוין געקענט זיך עטוואס אויס רוהען פון זיין ריזען ארבייט.

עס וואר איינינע טעג פאר ראש השנה; דער יונגער רב איז געזעססען מיט זיין פרויא אונד שווינער אין שפייזע צימממער, ריידענדיג ועגען זייערע פערגאַנגענע ליידען, אנשטרענ־גונגען אונד וועגען דיא בעססערע אויסזיכטען פיר דיא צוקונפט.

„ווען אונזער פאטער וואָללט נאך גע־לעבט" האט רחל צו איהר מאַן געזאגט „וואס פיר איין הערצליכע פריידע דאס וואָללט איהם געמאכט, צו זעהען דיינע גוטע ווערקע, וועלכע דוא האסט פיר אונזער געמיינדע אויף געטהון. זיין איינציגער בענעהר איז אימממער געוועזען צו פערבעססערען דען קערפערליכען אונד מאָראַ־לישען צו שטאנד פון אונזער נאַציאָן."

„מענדעל האט זיך אבגעזיפצעט.

„ליידער איז אונזער פאטער געשטאָרבען" האט ער טרויעריג געענטפערט „אבער גוטע אונד רעכטשאפענע מענשען בריינגען אויך מיט זייער טויט נוטצען אויף דער וועלט. עבען דאס האט מיר ערוועקט צו ארבייטען געגען דען שרעקליכען אונגליק, וואס האט אין אונזער שטאדט אויס געבראָכען; דער טויט פון מיין אלטען געליעבטען לעהרער האט מיר געגעבען מוטה אונד קראפט אויס צו פיהרען דיא אויפ־גאבע, וועלכע איך האב זיך געשטעללט, צו פערייכטען דיא גרויזאמע עפידעמיע אונד אויס צו וואָרצלען דען אבערגלויבען אין אונזער געמיינדע."

רחל האט געשפיערט דיא וואהרהייט פון איהר מאַן׳ס ווערטער אונד אב געטריקענט דיא טרערען פון איהרע שעהנע אויגען.

„איך זעהע אין דער נעכסטען צוקונפט איין פיעל ליכטיגערע צייט" האט מענדעל ווייטער געזאגט „בייא אונזער פאלק הערשט יעצט איינע וואהרע ברידערליכע פריינדשאפט. דיא אללגעמיינע צרות וואס מיר זיינען צוזאמ־מען אויס געשטאנען האבען אונזערע הערצער מיט ליעבע פערבונדען, אונד מיט איינינקייט קענען מיר אויף דאס בעסטע האָפפען, איבער־הויפט יעצט בייא דער נייער רעגיערונג, וועלכע איז פיעל מענשען פריינדליכער. דער גובער־נאטאָר איז בייא דער לעצטער אונטעררעדונג אויך געוועזען זעהר גיטיג צו מיר."

אין דיעזען מאָמענט האט יעמאנד אין טהיר אָן געקלאפט אונד אין צימממער איז אריין געקוממען א גווארדיע־אָפפיצער.

„ווער איז היער מענדעל ווינענקי?" האט דער מאַנן געפרעגט.

רחל איז געבליעבען שטעהען בלייך וויא דער טויט פון שרעק; מענדעל איז אויך עטוואס אונרוהיג געוואָרען. „וואס פערלאנגט איהר פון מיר?" האט ער דעם אָפפיציער געפרעגט.

„זיין עקסעלענץ, דער גובערנאטאָר, האט בעפעלען איך זאָל אייך באלד צו איהם פיהרען."

„וועגען וואס?"

„איך וויים ניט. מיין זאך איז נור אייך זאָפאָרט צו בריינגען דאהין."

„איהר וויללט ארעטירען מיין מאַן!" האט רחל אויסגערופען אין דער גרעסטער בעשטירצונג, זיך שטעללענדיג געגען דעם אָפפיצער, איך וועלל דאס ניט צו לאָזען, ער איז אונשולדיג!"

מענדעל האט זיך אונטערדרעססען אין גאנצען ערהאַלט.

„בערוהיג דיך, מיין רחל" האט ער צו איהר געזאגט „דער אָפפיציער מוז דאך זיין פפליכט ערפיללען. איך האב איבעריגענס קיין פער־ברעכען געמאכט אונד האב ניט וואס מורא צו האבען."

ער האט דאן איין צערטליכען אבשיעד גענוממען פון זיין פרויא אונד שוויגער מוטער, טרייסטענדיג אז זייא זאָללען זיך ניט שרעקען אונד איז מיט דעם אָפפיציער ארויס געגאנ־גען. דורך דיא גאנצע שטאדט האט דיעזער בענלייטעט אונזער יונגען רב, ביז זייא זיינען ענדליך געקוממען אין דען אריסטאָקראטישען פיערטעל. דארט איז געשטאנען דען גובער־נאטאָרס פראכטפאָללער פאלאטץ אין וועלכען עס האבען אמאל געוואָהנט דיא בארבארישע רוססישע גרויס פירסטען, דאן וען קיעוו איז נאך געווען דיא הויפט שטאדט פון דיעזער מדינה.

דער גרויסארטיגער פאָרזאאל איז יעצט געווען פולל מיט מענשען. דעפוטאציאָנען פון פערשיעדענע שטעדט, הויך געשטעללטע בע־אמטע אונד אדעל לייטע, אויס געפוצט מיט זייערע מונדירען אונד אָרדענס בענדער, אָפפיציערען אונד זשענדארמען, אללע האבען ערווארטעט מיט גרויס רעספעקט דיא ער־שיינונג פון דעם מעכטיגען גובערנאטאָר. מענדעל האט במעט זיין גאצען מוטה פער־לאָרען, אלס איינצעלנער אידעל אין דיעזער ערהאבענער פערזאממלונג.

„ווארט היער" האט דער בעגלייטענדער אָפפיציער צו איהם געזאגט „ביז מען וועט זיין עקסעלענץ וועגען אייך מעלדען."

אין א מינוט ארום איז דער זעלבער אָפפי־ציער ארויס געקוממען אונד אויף געפאָרערט מענדעל'ן איהם נאך צו פאָלגען אין דעם גובערנאטאָרס פריוואט קאבינעט. אללע פער־זאממעלטע זיינען איבערראשט אונד ערשטוינט געוואָרען, אז דער גובערנאטאָר זאָלל אזוי פיעל פריינדשאפט בעווייזען צו א אידען, יעדער האט שטיללערהייט זיך אונצופריעדענהייט אויס געדריקט.

אריין געהענדיג אין קאבינעט האט אונזער מענדעל זיך שוין געקענט פאָלקאממען בערו־היגען; דער גובערנאטאָר איז איהם מיט איין הערצליכע בעגריסונג ענטגעגען געקוממען.

„וואס מאכט איהר, רבי" האט ער צו איהם מיט פריינדליכען שמייכעל געזאגט, רייכענדיג דיא האנד „איהר האט דאך מיר פערשפראָכען צו ברייננען בעריכטען וועגען אייערע אונטערנעהמונגען אונד איך האב אומזאָנסט אויף אייך ביז יעצט געווארט זאָ דאס איך בין געצוואונגען געווען אייך צו שיקען רופען אום זיך מיט אייך צו זעהען."

„איהר עקסעלענץ" האט מענדעל גע־ענטפערט „איך בין געווען טאג אונד נאכט בעשעפטיגט, דענאך ווען איך זאָלל וויססען אז איהר נעהמט אזא גרויסען אנטהייל אין דיעזער זאך וואָללט איך געוויס באלד געקוממען. דער ערפאָלג איז דאנקען גאָט נאך בעססער וויא מיר האבען געהאָפט."

„איך האב געהערט דאפון" האט דער גובערנאטאָר זעהר ניטיג געזאגט „איך קען נור אזוי פיעל זאגען אז אייער מענשען פריינד־ליכע טהעטיגקייט איז שוין איינינע מאלל בעשפראכען געוואָרען אין קייזערליכען הויף אונד יעדער האט געריהמט דען מאן וועלכער האט דער ערסטער זיך גענוממען צו בעקעמפ־פען דיא עפידעמיע מיט דיא ריכטיגסטע וויססענשאפטליכע מיטטלען."

מענדעל איז רויטה געוואָרען, אויף זיין אנשטענדיגעס געזיכט האט זיך אויס געמאללט איין אויסדרוק פון בעשיידענהייט.

„איך בין נור איין איינפאכער איד, אונזער אָרמעס פאָלק איז ניט געוואָהנט צו הערען קאָמפּלימענטען.“

דער גובערנאטאָר האט איין אונצופריעדענע מינע געמאכט.

„מיר וואָללטען נור ווינשען אז אללע אידען זאָללען זיין אזוי וויא איהר“ האט ער געזאגט.

„אָה, גלויבען זיא, עקסעלענץ, זייא זיינען ווירקליך אזוי!“ האט מענדעל מיט א ווארמען געפיהל אויסגערופען „ווען איהר וואָללט נור ריכטיג קענען דעם אידען; ווען איהר וואָללט נור וויססען וואס פיר איין ערעלעס הערץ יעדער איינער פון זייא בעזיצט; וויא ווייט א איד וואָללט מיט אללע זיינע קרעפטען וועללען זיין נוצליך אונד גוט, ווען מען זאָלל דאס איהם נור ערלויבען, דאן וואָללט זיך בייא אייך ערוועקען א געפיהל פון רחמנות צו זיין טרויעריגע לאגע.“

„זעטצט זיך, רבי“ האט דער גובערנאטאָר געזאגט, וועהרענד ער אליין האט פלאַטץ גענוממען אויף א פראכטפאָללע זאָפא, „גראדע וועגען דעם וויל איך זיך מיט אייך יעטצט דורך ריידען; איך וואָללט וועללען געבען אייער פאָלק די גלעגענהייט אז זייא זאָללען קענען ווערען אכטונגספאָללע בירגער.“

דער גובערנאטאָר האט וויא עס שיינט זיך צו איין לאנגען געשפּרעך פאָרבערייט; דיא גרויסע אריסטאָקראטישע פערזאמלונג וואס ווארט אין פּאָרזאלל האט איהם וועניג געקיממערט.

„איך האב געהערט דאס איהר בעזיצט א מעכטיגען איינפלוס אויף אייער פאָלק“ האט ער ווייטער געזאגט.

„איך בין נאך צו יונג אום איין איינפלוס צו האבען“ האט מענדעל געענטפערט „אבער איך גלויב אז זייא אכטען אונד רעספּעקטירען מיר.“

„יעדענפאללס גלויבען זייא אונד פערטרויען אייך. יעצט וויל איך איהר זאָללט מיר געדולדיג אויסהערען. איך בין אימּמער געוועזען א יודענפריינד. נאך אלס קינד פלעג איך זיך שפּיעלען מיט אידעשע אינגלאך אונד נאכהער אלס יונגער מאן בין איך געוועזען פער זעָנליך מיט איניגע בעפריינדעט. איינער פון זייא האט מיר אמאל געהאָלפען אין א גרויסע געלד פערלעגענהייט אונד דאמיט געראַטעט מיין גאנצע צוקונפט אונד מיין נאמען. איך וואָללט וועללען אייער פאָלק א טובה טהון וויא פיעל מעגליך איז.“

„איהר עקסעלענץ קענען זעהר פיעל טהון.“ האט מענדעל אויסגערופען.

„ווארט נור איך האב נאך ניט געענדיגט“ האט דער גובערנאטאָר אונגעדולדיג געזאגט „מיר אלס געבילדעטע מענשען דארפען בעטראכטען דיא הויפּט אורזאכע פון וואנען עס שטאממט דיא שנאה צו אייערע אידען. ערסטענס פערהאסט אייך דער קריסט ווייל איהר זייט דיא יעניגע נאציאָן וועלכע האט געקרייציגט אונזער ערלעזער; צווייטענס פעראכטעט ער אייערע אבגעזונדערטע רעליגיעזע מנהגים, אייער אונטערשייד אין אללגעמיינעם געזעללשאפטליכען לעבען. אין זייערע געוועהנליכע בעציהונגען, אלס מענשען, פערטראגען זיך דער איד אונד דער קריסט איינע מיט דיא אנדערע זעהר גוט, נור וויא עס קוממט צו א רעליגיעזע אָדער פּאָליטישע אויפרעגונג, דאן שפּרינגט ארויס דיא שנאה, פאנגען זיך אָן פערפאָלגונגען אונד אידען ליידען צרות. אלזאָ איז נאך מיין מיינונג דאס בעסטע אז מען זאָלל פערניכטען דיא אורזאכע וואס בריינגט צו דיעזער פיינדשאפט; מען זאלל צערשטע־

רען דעם גרונד וואו עס וואורצעלט גלויבענס האסס אונד פעראכטונג; שטעללען דעם אידען מיט דעם קריסטען אויף א גלייכען צושטאנד, דאן וואללטען ממילא אויף הערען אללע דיעזע פלאגען אונד דאס וואללט געבראכט א גליק פיר דיא גאנצע מענשהייט. איהר פערשטעהעט וואס איך מיין?״

„איך קען עס פארלויפיג ניט בעגרייפען״ האט מענדעל געענטפערט.

„קורץ, מיין אידעע איז פאלגענדע: איהר, רבי, זייט רעספעקטירט אונד געאכטעט בייא אייער פאלק אונד איהר האט אויף זייא דען גרעסטען איינפלוס; בענוצט אלזא דיעזען איינפלוס זייא צו איבערצייגען אז זייא זאללען אן נעהמען אונזער קריסטליכען גלויבען. עס איז דאך בלויז איינע צערעמאניע זיך צו לאזען טויפען, אבער דאן וועט עס נעהעמען א סוף פון אללע פערפאלגונגען, פון דעם עלענד אונד פיין וואס אייער פאלק איז ביז יעצט אויסגע־שטאנען. זיין מאיעסטעט, דער קייזער אלעקסנדר שטרעבט צו פערבעססערען דיא אלגעמיינע לאגע פון אונזער מדינה; עס זיינען שוין פאר־געשטעללט פראיעקטען צו בעפרייען דיא שקלאפען. דער קייזער וואללט מיט פיעל פער־גניגען צו דערזעלבען צייט געוואללט געבען פאללע רעכטע אויך זיינע אידעשע בירגער. איך בעזיטץ זיין ערהאבענע פאללמאכט וועגען דיעזער זאכע מיט אייך צו רעדען אונד איך פערזיכערע אייך אז זא שנעלל וויא אידען נעמען אן אונזער קאטאהלישע רעליגיאן וועט מען זייא ערהויבען אויף דיא העכסטע שטופפע אים לאנד אונד דיא פעהיגסטע פון זייא וועללען בעקוממען דיא גרעסטע ראנגעס אונד דיא וויכטיגסטע עהרען־שטעללען.

דיא גאנצע צייט פון דיעזער רעדע האט מענדעל דעם גובערנאטאר בעטראכטעט מיט א זאנדערבארען שמייכעל אונד ענדליך האט ער גאנץ רוהיג געאנטווארט.

„איהר עקסעלענץ בעוויזען מיר ווירקליך צו פיעל עהרע, ווען איהר גלויבט אז איך בין אים שטאנדע אייער פראיעקט אויס צו פיהרען. איך מוז אבער זאגען, אז דער מענש איז ניט געבארען, וואס זאלל קענען איבער ריידען אפילו דיא אייניגע אידלאך פון קיעוו, זייא זאללען זיך ענטזאגען פון זייער אמונה. עס איז פיעל לייכטער צו טרייבען דיא וואססער פון דניעפער שטראם ארויף אלס דעם אידען אין דיא קריסטליכע רעליגיאן צו בעקעהרען.״

„אבער עס גיעבט דאך דענאך גענוג אידען וואס האבען אן גענוממען אונזער אמונה.״

יא, מען קען אנדערס ניט זאגען, מיר האבען משומדים, וועלכע זיינען אבטריניג געווארען פון דעם יודענטהום איבער פער־שיעדענע אורזאכען. אבער זייא זיינען אויך קיינע קריסטען אונד פערבלייבען אין דער טהאט דיזעלבע אידען וויא פריהער ביז צום ענדע פון זייער לעבען.״

„אבער בעטראכט אייער יעצטיגע לאגע״ האט דער גובערנאטאר מיט גרויס היטץ זיך אבגערופען „וואס פיר איין עלענדען לעבען איהר זייט געצוואונגען צו פיהרען אין דיא ענגע שמוטציגע קווארטאלען; זעהט וויא גע־דריקט אונד געפלאגט איהר זייט; יעדער אונוויסענדער פויער מעג אייך בערויבען אונד מארדען אונד איהר זייט פון אללעמען פער־האסט אונד פעראכטעט. אנשטאט דעססען וויללמען אייך געבען פריעדען, עהרע, רייכטהום אונד דיא העכסטע בירגער־רעכטע, צו גלייך מיט דיא אדעל פון לאנד, נור דאפיר וואס איהר וועט אן נעהמען דען גלויבען וועלכע מילליאנען מענשען האבען שוין אנערקענט. ערקלערט מיר וועניגסטענס איבער וועלכען

גרינדליכע אורזאכען קענט איהר זיך פון אזעלכע גליקען ענטזאגען?״

„איך בעט איהר עקסעלענץ מיר צו ענט־שולדיגען״ האט מענדעל געענטפערט „ווען איהר פערלאנגט יא איך זאָלל אויסשפרעכען מיין מיינונג, וויל איך אייך פרייא אונד אָפפענהערציג זאגען, אז ווענען אייער פראָיעקט איז גאָר ניט כדאי צו ריידען. גלויבט איהר דען אז דיא קריסטען, וואס האבען צייט 18 יאהר הונדערט דעם אידען געהאסט אונד פערפאָלגט, וועללען פלוצלינג איהם ווערען גוטע פריינד אונד איהם ברידערליך דיא האנד רייכען? ניין, עקסעלענץ, דאס איז א גרויסער טעות! קיין גובערנאטאָר׳ס בעפעהל, קיין קייזערליכער אוקאז וועט דאגעגען גאָר ניט אויף טהון. דער רוססישער אדעל איז פון אייביג אָן געוואָהנט צו בעטראכטען דעם אידען אלס א ניעדעריגע בעשעפנים; דער רוססישער המון האט מיט דער מוטערס מילך איין גע־זויגען דיא שנאה צו אונזער פאָלק, אונד דאס קען זיך ניט אזוי גיך ענדערען. ווען מיר זאָללען זיך אפילו אללע אויס שמאדען. מיינט ניט, עקסעלענץ, אז דאס איז א נייעס; פיעלע רעגיערונגען האבען שוין דענזעלבען מיטעל פרובירט, איבערהויפט אין שפאניען האבען זיך טויזענדע אידען אויף זאָ איין אופן אויס געשמאדט; דיא רעגיערונג האט זייא דאמאלס אויך פערשפראָכען דיא גרעסטע טובות צו טהון. דער סוף איז אבער געווען זעהר טרויעריג; פון דיא רעגיערונגס הבטחות האט זיך אויס געלאָזען א פוסטער ווינד מילל, גראדע פערקעהרט, מען האט דיעזע משומדים נאך מעהר ערנידעריגט אונד פערפאָלגט וויא פריהער; ענדליך זיינען זייא אריין געפאללען אין דיא הענד פון דיא גרויזאמע אינקוויזיציאָן, וועלכע האט יעדען פון איהרע אינגליקליכע אפפער געמארטערט מיט דיא שרעקליכסטע יסורים אונד דאן זייא מאססענהאפט פער־ברענגט לעבעדיגער הייט אויף דעם שייטער־הויפען, לכבוד דעם קריסטליכען גאָט.״

דער גובערנאטאָר האט א קורצע צייט נאך געדענקט אונד ענדליך האט ער זיך אויף געהויבען פון זיין אָרט אונד געזאגט „איך פערלאנג ניט דאס איהר זאָללט מיר גראדע יעצט געבען א בעשטיממטען אנטוואָרט; רעדט איבער ווענען דעם מיט אייערע פריינדע אונד קוממט אריין צו מיר אין א וואָך אָדער צווייא ארום; פיללייכט וועט איהר זיך בעדענקען.״

„ניין, איהר עקסעלענץ, דארויף קענט איהר גאָר ניט רעכענען״ האט מענדעל גע־ענטפערט. „אין איינינע טעג ארום איז בייא אונז יום כפור, דער טאג פון תשובה. אויב איהר וויללט זעהען וויא ווייט דער איד איז אבגעגעבען פיר זיין אמונה, קוממט דעם טאג אריין אין שולל, בעטראכטעט וויא דאס פאָלק פאסט אונד רופט אָן דעם אלמעכטיגען אום שוטץ אונד הילפע; איהר וועט דאן זיך איבער־צייגען מעהר וויא איך בין אים שטאנדע מיט מיינע שוואכע ווערטער פאָר צו שטעללען.״

„עס קען זיין אז איך וועלל קוממען״ האט דער גובערנאטאָר האלב שפאסענדיג געזאגט, וועהרענד ער האט דען יונגען רב בעגלייטעט ביז צום טהיר, פארבייא דיא גאנצע ערהאבענע פערזאממלונג, וועלכע איז זעהר אונצופריעדען געוועזען דאס זייא האבען אויף איהם דיעזעס מאלל אזוי לאנג געמוזט ווארטען.

אלס מענדעל איז געקוממען נאך הויז האט ער געפונען זיין פרויא אונד איהר מוטער אין דיא גרעסטע בעזאָרגניס. זייא האבען שוין ניט געוואוסט וואס איבער צו טראכטען דאס ער זאממט זיך אזוי לאנג אונד דיא ארמע רחל האט ניט אויף געהערט צו וויינען. וויא זיא

האט נור דערהערט זיין גאנג אין פארהויז איז זיא מיט דיא גרעססטע פרייד אויף געשפרונ־גען אונד אומגעארמט איהר געבליעבטען מאן.

„גאט צו דאנקען דאס דוא ביסט צוריק געקוממען, מיין טהייערער געמאהל!“ האט זיא אויס גערופען מיט טרערען פון ענטציקונג אין איהרע אויגען.

## 19. קאַפּיטעל.

### יום כיפור.

עס איז שוין ערב יום־כיפור פאַר נאַכט. נאך מיט איינינע שטונדען צוריק האט יעדער איד אויף געגעבען זיינע געוועהנליכע אללטעג־ליכע געשעפטען אונד זיך פאַר בערייטעט צו דיעזען פייערליכען אבענד. יעדער איינער האט זיך מיט א צובראָכענעם הערץ געזעגענט צו הויז מיט זיין פרויא אונד קינדער אונד זיך פערפערטיגט צו געהען אין שולל, אבגעבען דעם אלמעכטיגען בעשעפער דין וחשבון פיר אללע זיינע מעשים וואס ער האט א גאנץ יאהר געטהון. בייא דעם אריין גאנג פון דיא גרויסע שולל, וועלכע איז הערליך געפוצט אונד בעלייכטעט מיט טויזענדע ליכטער, רוישט עס אונד קאָכט פון דעם צאהלרייכען עולם. איינער בעט איבער דעם אנדערען פיר לשון־הרע, רכילות אונד בעליידיגונגען וואס ער האט א גאנץ יאהר בעגאנגען אונד א הייליגע ציטטערנים פאללט ארויף אויף יעדען איינעם וואס געהט יעצט אריין אין גאָטעס טעמפעל.

יום־כיפור איז דער איינציגער טאג ווען א גאנצע נאציאָן ענטזאגט זיך ווירקליך פון דער וועלט אונד אללע איהרע בעדערפניסען; מענער, פרויען אונד קינדער פאסטען, וויינען אונד בעטען פיר זייער לעבען. אין דיעזען גאט האט דער איד ווירקליך חרטה אויף אללע זיינע שלעכטע טהאטען, דאס גאנצע פאָלק שטעהעט אין שולל פאר דעם געטליכען גע־ריכט אונד שלאָגט זיך אין הערצען קלאנגענדיג מיט אמת׳ע טרערען אונד אויס רופענדיג מיט א צו בראָכענעם געמיטה „מיר האבען געזינדיגט!“

עס וואר אויף מאָרגען פאר מוסף. דער יונגער רב איז ארויף נעגאנגען אויפ׳ן בימה; ער האט איממער בענוצט יעדע געלעגענהייט צו ערקלערען אונד צו בעלעהרען זיין פאָלק דען וואהרען איננערליכען זינען פון זייער אמונה, געבען זייא צו פערשטעהען דייטליך צו וועלכען צוועק יעדעס רעליגיעזס געבאָט איז געשטעלט געוואָרען. זיין פראַכטפאָלע רעדענס קראפט האט איממער אן געצויגען דיא הערצער פון זיינע צוהערער; זיין וואָהלקלינגענדע שטיממע אונד זיינע איבער צייגענדע ווערטער האבען צו יעדער צייט געמאכט דען טיעפסטען איינ־דרוק אויף זיין געמיינדע.

אין דעם אויגענבליק וויא ער האט גע־וואָללט אָנפאנגען צו ריידען איז אין שולל אריין געקוממען איין אונבעקאנטער מאן אונד זיך געזעצט אויף איינע פון דיא הינטערסטע בייגק. קיינער האט ניט געוואוסט ווער דער מאן איז אונד ניעמאנד האט זיך אויף וועגען דעם בעקימערט, נור דער רב שטעהענדיג אויפ׳ן בימה האט איהם גוט געזעהען אונד ערקענט דעם מעכטיגען גובערנאטאָר. דיא ערסטע איינינע מינוטען איז ער דאפון זעהר איבער ראשט געבליעבען אבער באלד האט ער זיך געשטארק אונד אָנגעפאנגען זיין גלענצענדע רעדע פאָרצוטראָגען.

מענדעל האט אין קורצע שלאגענדע ווער־טער פאָרגעשטעללט מיט וואס דיא אידעשע אמונה צייכענט זיך אויס, פון אללע אנדערע רעליגיאָנען. דער געצענדינער גלויבט אז מען קען גאט איבערבעטען מיט א פוסטע צערע־מאָניע, מיט א קרבן; דאס קריסטענטהום

בעהויפטעט אז אדם הראשון׳ס חטא איז
גורם, דאס יעדער מענש ווירד געבאָרען זינדיג,
דארום קענען אללע זיינע גוטע מעשים נאָר
ניט העלפען אונד נור דורך דיא חסדים פון
זיין משיח ווירד ער גערעטעט. דאס יודענטהום
לעהרט אבער גראדע פערקעהרט, דאס דער
מענש קוממט אויף דער וועלט ריין וויא איין
ענגעל, דאס זיין צוקונפט ליעגט אין זיין אייגענע
מאכט; ער קען זיך אויף פיהרען גוט אונד
בריינגען אויף דער וועלט נוטצען זיך אונד
זיינע מיט־מענשען; איהם שטעהעט אויך פרייא
מיט זיינע שלעכטע טהאטען צו שאדען זיך
אונד דער מענשליכער געזעללשאפט. דארום
איז נאך דער לעהרע פון דער אידעשער רע־
ליגיאָן דער מענש פיעל מעהר פעראנטוואָרט־
ליך פיר זיינע בייזע מעשים. ער האט ניט קיין
ערלעזער וואס זאָלל איהם בלויז דורך אמונה
רעטטען, דער איד מוז גוט מאכען דאס שלעכ־
טעס וואס ער האט פעראורזאכט, זיין פפליכט
איז חרטה צו האבען אויף דיא פערגאנגענע
אונעהרליכע טהאטען אונד פון פאָללען הער־
צען זיך בעשליעססען אין דער צוקונפט זיין
לעבענס וואנדעל צו פערבעססערען. ,,ניט מיט
דאוונען אליין, ניט נור מיט פאסטען זיינען
מיר יוצא געגען אונזער בעשעפער״ האט דער
רעדנער מיט א פייערדיגע שטיממע געזאגט
,,אבער וועהרענד מיר שלאגען זיך אין הארצען
אונד קלאָגען אויף אונזערע זינד זאָללען מיר
עס ניט בעטראכטען אלס א פוסטע צערע־
מאָניע, נור אַלס אונזער הייליגסטע פפליכט
דיא ווייטערע יאהרען פון אונזער לעבען צו
פערברייננען אין עהרליכקייט געגען גאט אונד
לייטען.״

מענדעלס בעגייסטערטע ווערטער האבען
זייער שטארק געווירקט אויף דיא הערצער פון
דער געמיינדע. נאך דעם שלוסס פון זיין רעדע
האבען זיך אנגעפאנגען דיא תפילות, וועלכע
יעדער איינער האט אויס געשראָכען מיט
איין טיעף בעוועגטען אינערליכען געפיהל.

דער גובערנאטאָר איז נאך א לאנגע צייט
געבליעבען אין שולל. דען ערסטען מאל אין
זיין לעבען האט ער געזעהען זאַ איין איינדרוקס
פאָללע סצענע. ענדליך איז עס שפעט געוואָרען
אונד ער איז ארויס געגאנגען אזוי שטילל אונד
אונבעמערקט וויא ער איז געקוממען.

,,דער יונגער רב איז פאָלקאָמען גערעכט,״
האט דער גובערנאטאָר בייא זיך געדאכט
געהענדיג נאך הויז ,,עס איז א ריעזענהאפטע
ארבייט איבער צו ריידען אזא פאָלק וויא דיא
אידען אוועק צו ווארפען זייער רעליגיאָן;
אבער דענאך וועלל איך נאך מיין פראָיעקט
ניט אויף געבען.״

דען נעכסטען מאָרגען האט מענדעל וויעדער
ערהאלטען אין אויפפאָרדערונג פון גובער־
נאטאָר ער זאָלל באלד צו איהם קוממען.
דיעזעס מאָלל האט מען זיך שוין אין רב׳ס הויז
ניט אזוי שטארק דאפון ערשראָקען וויא איינינע
טעג צוריק. גראדע פערקעהרט, רחל האט
זיך געפיהלט שטאָלץ דאס דער מעכטינער
הערשער פון קיעוו צייכענט אויס איהר מאן
מיט אזוי פיעל צוטרויען, אונד זיא איז געוועזן
זיכער, אז איהר מענדעל איז צו יעדער צייט
פעהיג איינע עהרענהאפטע שטעללע צו בע־
הויפטען, אין דיא גרעסטע פירסטליכע
פאלאטצען.

,,האט איהר נאך גערענקט וועגען אונזער
פאָריגען געשפרעך?״ האט גענעראל פאמע־
ראָף געפרעגט אונזער יונגען רב, באלד וויא
דיעזער איז צו איהם אין קאבינעט אריין
געקוממען.

,,יא, איהר עקסעלענץ.״

,,וואס מיינט איהר יעצט וועגען דעם?״

„מיין מיינונג האט זיך גאנץ וועניג גע־
ענדערט. איך דאנק איהר עקסעלענץ פיר
אייער עדעלע גוטהערציגקייט צו אונזער ארמעס
פאָלק, אבער איך פערזיכער אייך אז דיא
אידען פון קיעוו וועללען איבער טראגען נאך
טויזענדע פערפאָלגונגען, נאך פיעל גרעסערע
צרות, דענאך וועללען זייא ניט אויף געבען
אפילו איין בוכשטאב פון זייער היילינער אמונה.“

„האט איהר אבער מיין פּראָיעקט פאָר־
געשטעללט דעם פאָלק?“

„ניין, איהר עקסעלענץ, איך האב דאס
ניט געטהון. ווען איך זאָלל וויססען אז דער
פּראָיעקט איז גוט אונד קען בריינגען נוטצען,
וואָללט איך ניט געקוקט דארויף, דאס איך
אלליין קען דאפון ליידען, אבער איך בין איבער־
צייגט אז דער פּאָרשלאַג איז נאך ערגער וויא
אונניטצליך. איהר זייט געוועזען אין אונזער שול
דעם טאג יום כיפור, איהר האט געזעהען וויא
דער איד איז צו געבונדען מיט דיא גאנצע
קראפט פון זיין זעעלע צו זיין רעליגיאָן. אזעלכע
מענשען זיינען פעהיג מיט פריידען צו שטער־
בען פיר זייער גלויבען איידער זייא זאָללען זיך
פון איהם ענטזאגען. אויב איהר עקסעלענץ
ווילט אונז העלפען, דאס מען זאָלל אונז עט־
וואס מעהר פרייהייט געבען, אויב איהר קענט
אויס פיהרען אז מען זאָלל אונזערע קינדער
ערלויבען צו לערנען אין דיא אלגעמיינע שולען,
דאס מען זאָלל אונז אלליין ניט אזוי פיעל
דריקען אין פערשיעדענע הינזיכטען, דאן וועללען
מיר אייביג ערינערען אייער נאמען מיט ליעבע
אונד אכטונג, אלס אונזער גרעסטען וואָהל־
טהעטער. אבער דאס מיר זאָללען ערווערבען
פרייהייט אונד עהרע נור פיר דען פרייז פון
אונזער אלטע אמונה וויללען מיר בעססער
נאך פאָלגען דעם ביישפּיעל פון אונזערע
עלטערן אונד ווייטער ליידען צרות.“

עס איז דאן ענטשטאנדען צווישען דיעזע
צווייא מענשען א לאנגער געשפּרעך אונד מענ־
דעל האט דעם גובערנאטאָר איבערצייגט,
דאס אבוואָהל דיא אידען זיינען ערניעדריגט
אונד פעראכטעט, שטעהען זייא דאך פיעל העכ־
כער אין אללע מענשליכע הינזיכטען אלס דער
רוססישער המון, אונד פערברייננגען אין
אללגעמיין איין שעהנערען אונד בעססערען
לעבען.

ענדליך האט זיך דער גובערנאטאָר אויף
געהייבען.

„גיבט מיר אייער האנד, רבי“ האט ער
מיט פיעל הערצליכקייט געזאגט „איהר האט
מיר פאָלשטענדיג בעוויזען אונד איך זעהע
יעצט ווירקליך איין אז מיין פּראָיעקט איז
אוננוטצליך.“

„איך האָף“ האט מענדעל געענטפערט
„אז איהר עקסעלענץ וועט דענאך זיך ניט
ענטזאגען פון אייער עדעלען וואונש אונזער
לאגע צו פערבעססערען. ווען איהר וואָללט נור
איין מאל בעזוכען אונזער אידעשען קוואַר־
טאל, ווען איהר זאָללט נור בעטראכטען, וויא
גרויס דער עלענד אונד דער יאממער איז פון
דיא אונגליקליכע, וועלכע ליעגען צוזאממען גע־
פרעססט אונד געדריקט אין דיא קברים הייד־
לאך, דאן וואָללט אייער מענשענפריינדליכעס
הערץ זעהר געריהרט געוואָרען. מיר ליידען
אויסערדעם שרעקליכע רדיפות פון דיא קלע־
נערע בעאמטע, מיר טראגען איבער טעגליך
בעשימפפונגען אונד בעליידיגונגען פון וועלכע
דיא גרויסע הערשער קענען זיך גאָר קיין בע־
גריף ניט מאכען, אונד עס איז ווירקליך צו
בעוואונדערן דאס בייא אזעלכע צרות, איז
דער איד, דענאָך ניט אין גאנצען געזונקען אויף
דיא ניעדריגסטע מאָראלישע שטופּע.“

„ארמע, ארמע אידען!“ האט דער גובער־

נאטאר מיט א גערהרטע שטימע אוים גערופען.

,,אָה, גענעדיגער הערר!" האט מענדעל ווייטער געבעטען ,,שטרעקט אונז אוים אייער מעכטיגע האנד פון הילפע; גיעבט אונז עט־וואס פרישע לופט צו אטהמען, אביסעל מעהר ליכט צו געניעסען; פערגרינגערט דיא שקלאַ־פען קייטען וועלכע מיר זיינען געצוואונגען צו שלעפען; גיעבט דעם אידען א קליינע געלעגע־נענהייט ער זאָלל קענען פרייא ענטוויקלען זיינע געבאָרענע טאלענטען, דאן וועט איהר זיך אלליין איבערצייגען וואס פאר א קלאססע גוטע אונד געטרייע בירגער פון זייא וועט ארוים קוממען."

אויף דעם גובערנאטארס געזיכט האט זיך אויסגעדריקט א טיעפעס געפיל פון ערבארעמען.

,,גוט" האט ער זיך אבגערופען ,,איך וועלל זיך בעדענקען וואס עס איז מעגליך דארין צו טהון. איך מוז אייך זאָגען, רבי, אז אייער פאָלק מעג זיין שטאָלץ אויף אזא טיכ־טיגען מליץ יושר וויא איהר זייט."

דעם יונגען רב'ס געלענצענדע רעדענס־קראפט, זיינע בעגייסטערטע געדאנקען אונד זיין טיעפע געלעהרזאמקייט איז דעם גובער־נאטאר אזוי געפעללען געוואָרען, אז ער האט געפיהלט דען גרעסטען פערגניגען זיך מיט איהם צו אונטערהאלטען. נאכדעם וויא דער גע־שפרעך וועגען אידען איז געענדיגט געוואָרען, האט ער דעם יונגען מאַן, בשום אופן ניט גע־וואָללט פון זיך אוועק לאָזען. זייא האבען נאך א לאנגע צייט דיספוטירט, וועגען פערשיעדענע וועלטליכע אונד וויססענשאפטליכע פראגען, אונד יעדעס מאלל איז דער גובערנאטאר ענטציקט געוואָרען צו הערען זיינע קלוגע ראיות אונד זיינע טיעפזיניגע דיטליכע ערקלערונגען. ענדליך האט זיך מענדעל אויף געהייבען אב־שיעד צו נעהמען.

,,איהר עקסעלענץ מוזט מיר ענטשולדיגען, אבער מיין פרויא וועט ווירקליך זעהר אונרוהיג זיין איבער מיין לאנגען פערזאממען. עס איז פיר מיך צייט צו געהען נאך הויז."

,,איהר קענט געהען" האט דער גובער־נאטאר זעהר ניטיג געענטפערט ,,אבער קומט ווידער מאָרגען אָדער איבערמאָרגען. איך האב מיט אייך צו ריידען וועגען זעהר פיעל וויכטיגע זאכען."

,,א זעלטענער מענש" האט דער גובער־נאטאר צו זיך אלליין געזאגט אלס מענדעל איז ארוים געגאנגען ,,וועהרענד ער רעדט מיט זיין הערצער ליעגט איהם דענאך אין זינען זיין ווייב צו בערוהיגען. ער האט פאָללקאָממען רעכט, אזא פאָלק וויא זיינע קען מען ניט איבער־רעדען זיך צו טויפען. זייערע מאָראַ־לישע געזעטצען אונד זייער אלטער גלויבען איז בייא זייא פיעל טהייערער וויא אללע תענוגים פון דער וועלט."

קוממענדיג נאך הויז האט מענדעל ווירקליך געפונען זיין פרויא זעהר אונרוהיג. זיא האט זיך ניט געקענט פאָרשטעללען אז דער פיעל בעשעפטיגטער גובערנאטאר זאָלל כמעט א א גאנצען טאג פערברייינגען אין א געשפרעך מיט איהר מאַן, זאָ דאס זיא האט קוים דערלעבט איהם ווידער צו זעהען.

דענזעלבען אבענד האט דער רב צוזאממען גערופען אין זיין הויז הירש בן־זאב מיט אללע גבירים פון שטאדט אונד האט זייא ערצעהלט אללע זיינע געשפרעכען מיט דעם גובערנאטאר. זייער איבערראשונג אונד ערשטוינונג איז גע־וועזן זעהר גרויס אונד יעדער איינער האט אויסגעשפראָכען זיין הערצליכסטען דאנק דעם יונגען רב, פיר זיינע קלוגע אונד פערנינפטיגע האנדלונגען אין דיעזער זאכע.

,,איך גלויב" האט דער רב שליעסליך

געזאגט, „דאס דעם מעכטיגען גובערנאטאר׳ס פריינדשאפט וועט אונז זעהר פיעל נוטצען ברייננען אונד דיא נעכסטע צוקונפט פון אונזער נאציאן אין דיזען לאנד וועט זיין פיעל ליכטינער אונד פרייער.“

## 20. קאפיטעל.

### דיא געטהיגטע פערבעססערונגען.

דער גובערנאטאר פאמעראף האט פון דער צייט אן זיך ווירקליך זעהר בעפריינדעט מיט אונזער מענדעל׳ן; עס איז כמעט ניט אוועק געגאנגען א טאג וואס ער זאלל דעם יונגען רב ניט שיקען רופען צו זיך. יעדע גוטע זאך וואס אין דער אידעשע געמיינדע איז אויף געטהון געווארען, האט איהם זעהר שטארק אינטעד־רעסירט, אונד יעדעס מאלל פלעגט ער האבען גרויס פערגניגען פון מענדעל׳ס פראכטפאללע אונטערהאלטונגען. אין א קורצע צייט האבען שוין אללע געוואוסט אז מענדעל איז ביי׳ן גובערנאטאר זעהר בעליעבט; אז ער מעג צו איהם אריין קוממען יעדע צייט אהנע זיך צו מעלדען. זאגאר דיא גאנצע דיענערשאפט פון הויז האבען בעטראכטעט מענדעל׳ן אלס א בן בית, אונד דער פריהערדיגער „זשיד“ איז יעצט רעספעקטירט געווען אלס דער „ראבין,“ דעם גובערנאטארס בעסטער פריינד.

דער יונגער רב האט זיך אויך מיט דער צייט געפיהלט מעהר אונד מעהר צו געבונדען מיט פריינדשאפט צו דעם הויף געשטעללטען קריסט. פאמעראף׳ס ליעבליכעס וועזען, זיינע עדעלע געזינונגען האבען מענדעל׳ס הערץ זעהר שטארק צו איהם אנגעצאגען אונד ניט איין מאל פלעגט ער מיט איין אינערליכען ווארמען געפיהל אויס רופען „אה, ווען אללע קריסטען וואללטען געהאט זא איין עדעלען וואהלגע־בארענעם תאראקטער וויא איהר, וואס פיר א שעהנע וועלט דאס וואללט געווען!“

- דער הערלליכער יאהר 1861 איז אן גע־קוממען, דער גלענצענדסטער צייט־פונקט אין אלעקסנדער דעם צווייטענס רעגיערונג איז ערשיענען, דיא ליכטינע פרייהייטס זונן איז אויף געגאנגען אונד מילליאנען מענשען האבען אב געשאקעלט פון זיך דיא העסליכע קייטען פון שקלאפערייא אונד קנעכטשאפט. עס וואר זעהר גרויס דיא ענטציקונג אונד דיא פריידע אין גאנצען לאנד, איבער וועלכע עס האט יעצט געוועהט צום ערסטען מאלל דיא פאהנע פון פרייהייט. דיא נעכסטע צוקונפט האט דאן יעדען איינעם זיך פארגעשטעלט אזוי שעהן אונד ליכטיג, אללע האבען געגלויבט אז קירצליך וועט דער זעלבסט הערשענדער דעספאטיזם אין גאנצען פערניכטעט ווערען, דאס באלד וועט שוין אין רוססלאנד געגרינדעט ווערען איינע פיין אויסגעבילדעטע קאנסטיטוציאנעלע רעגיערונג, אין וועלכע דער קייזער מיט זיין פאלק וועללען שטרעבען צוזאממען צום אללגע־מיינעם גליק אונד וואהלשטאנד פון דער מדינה. מיר וועללען שפעטער זעהען וויא וויית דיעזע נביאות איז מקוים געווארען.

דער גובערנאטאר פאמעראף האט אן געווענדעט דיעזע ליכטיגע צייט אום זיין פראווינץ אין אללגעמיין, אונד איבערהויפט דעם צושטאנד פון דיא אידען, אין פיעלע הינזיכטען צו פערבעססערען. אויך מענדעל האט בענוצט יעדע געלעגענהייט דעם גובע־נאטאר׳ס פריינדשאפט אויף פראקטישע טהאטען צו בעשטרעבען. פיר זיך האט מענ־דעל ניעמאלס קיין טובה פערלאנגט; זאגאר איינמאל האט דער גובערנאטאר איהם פאר־געשלאגען איין עהרענהאפטע שטעללע בייא איהם אין פאלאטין, אבער מענדעל האט זיך גאנץ בעשטיממט דאפון ענטזאגט. אללע זיינע בעמיהונגען אונד ביטטען האט ער אנגעווענ־

דעם נור דעם גורל פון זיינע גלויבענס ברידער צו פערלייכטערן.

אויף דיעזען אופן האט ער איינמאל גע־פויעל'ט ביים גובערנאטאר ער זאלל מיט איהם דורך געהען בעטראכטען דעם אידעשען קווארט־טאל. מיט פיעל טאקט אונד קלוגהייט האט ער זיין מעכטיגען פריינד אויפמערקזאם גע־מאכט וויא פולל געפאקט דיא הייזלאך אונד דיא גאססען זיינען דארט; וויא שווער דאס איז אין אזא מין שכונה אירגענד וויא ריינטליך אונד מענשליך צו לעבען אונד וואס פיר א סכנה דאפון קען ארויס קוממען פיר דיא גאנצע בעפעלקערונג ביים איין אונגעזונדע צייט. ווייטער האט ער אויך ריכטיג פארגע־שטעללט וויא פיעל שאדען דאס ברייננגט דיא עקאנאמישע בעדינגונגען פון דער שטאדט. אין דיא בעססערע פרייערע קווארטאלען שטעהען פיעלע הייזער גאנץ לעער, וויל עס פעהלען איינוואהנער; דיא אייגענטהימער פער־ליערן דאדורך דאס רענט אונד דיא רעגיע־רונג איהרע אבגאבען, וועהרענד אין דעם אידעשען קווארטאל איז זיך פשוט ניטא וואו היין צו טהון אונד מענשען ליעגען כמעט אויף דיא גאססען. ווען מען זאלל פערניכטען דיא גרענצען פון דעם אידעשען געטטא וואללט דאס געבראכט דיא גרעסטע נוטצען ניט נור זייא אליין, זאנדערן דער גאנצער שטאדט אין אללגעמיין.

דער גובערנאטאר, וועלכער האט אין זיין לעבען ניט געזעהען אזא שרעקליכע ארמוטה איז זעהר ערשטוינט געווארן דאס דיא רע־גיערונג האט ביז יעצט דיא זאך אזוי פער־נאכלעסיגט; ער איז קוים דורך געלויפען דיא שמוטציגע געדיכטע גאססען, אום עטוואס פרייער אויף צו אטהמען אונד האט פער־שפראכען אין צו ווענדען זיין גאנצען איינפלוס ביים דעם קייזער דאס דיא גרענצען פון אידע־שען קווארטאל זאללען פערברייטעט ווערען.

עהרליך אונד טרייא האט ער אויך זיין ווארט געהאלטען. ער איז באלד געפאהרען נאך פעטערסבורג אונד איבערגערעדט מיט דעם קייזער. וואס ביים זייער געשפרעך איז פאר־געקוממען האבען נאטירליך אונזערע קיעווער אידלאך ניעמאלס ערפאהרען, אבער דער ערפאלג איז געווען פאלשטענדיג בעפריעדי־גענד. צייט צווייא וואכען איז אן גקוממען איין אוקאז, דאס אללע אידעשע קווארטאלען אין דיא גרעסטע שטעדט זאללען פיעל ווייטער זיך פערברייטען; קופלייטע, רבנים אונד לעהרער האבען בעקוממען דאס רעכט צו וואהנען אין דיא שטעדט איבעראלל אונבעגרענצט; אויך דאס אידען אונד קריסטען מעגען וואהנען צו זאממען אין איין הויז, דען ביז יעצט ווארעס שטרענג פערבאטען.

פיעלע אידען האבען זיך דאן בענוצט מיט דיא נייא ערווארבענע פרייהייט. דער ערסטער איז געווען בן־זאב, מענדעל'ס רייכער אנקעל, וועלכער האט באלד געקויפט אונד זיך בעזעצט אין א גרעסערע שעהנערע הויז, אין א רייכערען קווארטאל, וואס איז געלעגען ניט ווייט פון דער אידעשער שכונה. חיים גאלדהיים, דער רייכער באנקיער, האט זיך איין געארדענט מיט פיעל פראכט אונד גלאנץ אין איינע אריסטאקראטישע געגענד פון דער שטאדט. נאך פיעלע הונדערטע וואהלהאבענדע פא־מיליעס האבען פערלאזען דיא געדריקטע אידע־שע שכונה אונד זיך געדונגען וואהנונגען אין דיא פרייערע געגענדען. אין אללגעמיין האט זיך שוין באלד געשפיערט אז דער אידעשער צושטאנד איז אין פיעלע הינזיכטען פער־בעסערט געווארען.

מענדעל, וועלכער האט אללע דיעזע ענ־

דערונגנגען צום גוטען אויסגעפיהרט, וואר יעצט פון זיין געמיינדע געאכטעט אונד געליעבט אויף דער העכסטען ארט. עס האט נאטירליך אויך ניט געפעהלט קיין בייזע צינגער, וועלכע האבען געמורמעלט, אז פיר א אידעשען רב פאסט גאר ניט אזא הערצליכע פריינדשאפט מיט א גוי צו שליעסען, אונד דאס מענדעל בעצוועקט דאמיט נור זיינע אייגענע פריוואט אנגעלעגענהייטען. דענאך זיינען דיעזע אונצו־פריעדענע געוועזען דיא ערסטע וואס האבען זיך בענוצט מיט דיא נייע פריווילעגיעס וועלכע מענדעל האט אויסגעפיהרט, דארום האט ער אויף זייער לשון הרע אונד רכילות גענטפערט נור מיט א שמייכעל פון פעראכטונג.

איבערהויפט דיא ארמערע קלאססע פון דער אידעשען געמיינדע, וועלכע זיינען ענדליך פטור געוואָרען פון זייערע קברים הייזלאך אונד האבען יעצט געקענט עטוואס בעססער אונד פרייער אויף דער וועלט לעבען, פיר זייא איז מענדעל געוועזען איין ווירקליכער רעטער; אין אזעלכע פאמיליעס האט מען דעם יונגען רב׳ס נאמען יעדעס מאל ערינערט מיט הערצליכען דאנק אונד מיט דיא בעסטע ווינשונגען.

דורך מענדעלס ווייטערע בעשטרעבונגען אונד ביטטען האט ער געפויעל׳ט ביי׳ן גובער־נאטאָר, דאס פון אידען זיינען אראָפּ גענוממען געוואָרען דיא איבעריגע אבגאבען, וועלכע זייא האבען ביז יעצט נעצאָהלט מעהר וויא דיא קריסטען, אונד דאס מען האט זייא ערלויבט איבעראלל זיך פרייא צו בעשעפטיגען מיט ערד ארבייט.

דיא אידען פון קיעוו אונד אללע ארומיגע פראָווינצען האבען מיט גרויס פרייד בעגריסט דיעזען נייען וואָהלשטאנד אונד גליק וואס האט יעצט אָן געפאנגען אויף זייא צו שיינען. זייא ווארען אין א קורצע צייט געשטעללט כמעט אויף איין גלייכע שמופפע מיט דיא רוססישע בעפעלקערונג. דיא גאנצע מדינה איז פיר זייא אָפפען געוואָרען צו געהען אונד פאהרען וואוהין זייא דארפען, וואָהנען וואו זייא וויללען אונד זיך בעשעפטיגען מיט טויזענדע זאכען וואס ווארען פיר זייא ביז יעצט פערבאָטען. אין אללע פראָווינצען איז אויך גוט בעוואוסט געווען, ווער דער אויפטהוער איז פון דיעזע פיעלע טובות פיר אידען אונד מענדעל׳ס נאמען איז געוואָרען זעהר גרויס אונד בעריהמט. וועהרענד זיינע אָפטערע וויזיטען ביי׳ן גובער־נאטאָר איז ער בעקאנט געוואָרען מיט דיא גרעסטע אונד גלענצענדסטע מענער פון דער מדינה. הויך געשטעללטע פערזאָנען, וועלכע האבען אנפאנגס געקוקט אויף דעם אידעשען רב מיט שנאה אונד וויעדער־וויללען, זיינען יעצט צו איהם זעהר גוט אונד פריינדליך גע־וואָרען. זיין פערזענליכער איינפלוס, זיינע ער־האבענע מעלות אונד זיין עדעלער כאראקטער האט אזוי ווייט געבראכט, אז יעדער איינער פון זייא האט איהם ניט וויללענדיג געמוזט אכטען אונד שעטצען אלס איין אונגעוועהנ־ליכען מענשען.

„ווארום זייט איהר אזוי פיעל פערשיעדען פון אללע אנדערע אידען?" האט איהם איין מאל א גרויסער גענעראל געפרעגט.

„ענטשולדיגט מיר, עקסעלענץ" האט מענדעל געענטפערט „איהר האט א טעות. איך בין גראדע אזא איד וויא דיא איבעריגע פון מיין נאציאָן; עס קען זיין אז איך האב בלויז געהאט דיא געלעגענהייט צו לערנען מעהר וויא מיינע גלויבענס ברידער, אבער אין פעהיגקייטען שטעהען זייא געוויס ניט ניעדע־ריגער; גיעבט זייא דיעזעלבע מעגליכקייט, עפענט פיר זייא אייערע שולען אונד אוניווער־זיטעטען, בעפרייט דען וועג צו קענטעניס אונד

וויסענשאפט, וועט איהר אין א קורצע צייט האבען א קלאססע געבילדעטע מענשען, וועלכע וועללען קענען שטעהען אויף דיא העכסטע שטופע מיט אללע אנדערע פארט געשריטענע נאציאָנען."

דער גענעראל האט מיט איין אונגלויבליכען שמייכעל א קוועטש געטהון מיט דיא פלייטשעס.

„איהר האט א צו הויכען מיינונג וועגען אייער פאָלק."

„יא, אבער מיין מיינונג איז געגרינדעט אויף היסטאָרישע פאקטען. אייער עקסעלענץ האבען געוויס געלעזען דיא וועלט געשיכטע, אונד איהר ווייסט וויא הויך אידען זיינען געשטאנען אין וויססענשאפט וועהרענד דיא פינסטערע צייטען פון מיטעלאלטער, אונד וויא מעכטיג שפאניען האט געבליהט דאן ווען אידען האבען דאָרט געשפיעלט דיא גרעסטע ראָלע."

זיין עקסעלענץ האט נאטירליך דיא וועלט געשיכטע ניט געלעזען אונד דארום, אום זיין אונוויססענהייט צו פערבאָרגען, האט ער אנגעפאנגען צו ריידען וועגען אנדערע זאכען.

וויא עס וואר נאטירליך צו ערווארטען האבען אללע דיעזע טובות פיר אידען ארויס גערופען פיעל שנאה אונד גרויס אונצופריעדענהייט בייא דער קריסטליכער בעפעלקערונג. איבערהויפט דיא פאפעס אונד דיא גלחים האבען זעהר שטארק געשטורעמט נעגען דיא פרייהייט וואס מען האט אידען געגעבען. עס האט אויך ניט געפעהלט צווישען דיא צייטונג שרייבער אזעלכע יודען־פיינדע וואס זיינען ארויס געטרעטען מיט שמוציגע ארטיקלען, צו בעווייזען אז דיעזע נייע אָרדנונג וועט ברײנגען שאדען דער גאנצער מדינה. אונזער יונגער רב האט געפונען צייט אויף אללע שענדליכע רכילות מינדליך אונד שריפטליך צו ענטפערן, אונד זיין קאמפף האט געבראכט אזוי פיעל ערפאָלג אז דאס גרעסטע טהייל יודען פרעסער זיינען ענדליך פערשטוממט געוואָרען, אונד דיא רעכטען וואס מען האט שוין דיא אידען געגעבען ווארען ניט צוריק גענוממען.

דענאָך האט מענדעל זיך מיט אללע דיעזע טהאטען נאך ניט בעגניגענט; ער האט זעהר גוט געוואוסט אז מיט פרייהייט אונד מענשענרעכטע קענען זיך נור בענוטצען דיא יעניגע פעלקער וואס שטעהען אויף א העכערע שטופע פון וויססענשאפט אונד בילדונג; דאס אונוויססענהייט, פאנאטיזם אונד אבערגלויבען איז דאס גרעסטעס אונגליק דער מענשהייט; דארום איז זיין העכסטער וואונש, זיינע ליעבסטע אידעע בעשטאנען דארין, צו פערשפרייטען אין דער אידעשען וועלט דיא ליכט פון קענטנים אונד אללגעמיינע געלעהרזאמקייט, אונד צו פערניכטען דיא גרענצען מיט וועלכע דער איד האט זיך אבגעטהיילט אונד פרעמד געמאכט פון דעם לעבען דער מענשהייט. דיא שוויעריגקייט דיעזען ערהאבענען ציעל צו עררייכען, דער ווידערשטאנד וואס אידען אליין וועללען געוויס דאגעגען בעווייזען האט זיין מוטה אונד ענערגיע נאך מעהר אויף גערייצט אונד ער האט פעסט בעשלאָססען, אללע מעגליכקייטען אן צו ווענדען, אז דיא טויערען פון דעם טעמפעל דער בילדונג זאָללען פיר זיין פאָלק אין רוססלאנד געעפענט ווערען.

ער האט וועגען דעם מיט קיינעם זיך ניט מישב געוועזן, אויסער מיט זיין גוטען פריינד, דעם גובערנאטאָר, וועלכער האט איהם געגעבען א גוטען רעקאָממענדאציאָנס בריעף, אונד מענדעל האט זיך אונטערגענוממען צו פאהרען נאך פעטערסבורג, אום זיין ביטטע פערזענליך דעם קייזער פאָרצושטעללען. אזא וויכטיגען שריט האט נאך ביז יעצט קיין איד

אין רוססלאנד ניט געהאט דיא געלעגענהייט צו מאכען, אבער מענדעל איז אזוי געוועזען בע־גייסטערט פיר דיא וואהרהייט דאס קיין זאך האט איהם ניט אבגעשראָקען. דעם מעכטיגען גענעראל פּאָמעראָף׳ס בריעף האט ווירקליך גרויס וואונדער אויף געטהון, זאָ דאס קוממענ־דיג אין פעטערסבורג איז אונזער מענדעל נאך איין קורצע צייט פאָרגעשטעללט געוואָרען דעם קייזער אלעקסאנדר דעם צווייטען.

דער אונגעוועהנליכער מוטה פון דעם יונגען רב האט ביי׳ן קייזער אלליין ארויס גע־רופען גרויס פערוואונדערונג אונד ער האט זיין ביטטע זעהר גנעדיג אויס געהערט. נאך איינע ציעמליך לאנגע אונטעררעדונג, בייא וועלכע מענדעל האט ענטוויקעלט דיא גאנצע קראפט פון זיין רעדנער טאלענט, וואר ער ענטלאססען פון קייזער מיט דיא גיטיגע פער־זיכערונג, דאס דיא רעגיערונג וועט וועגען דיעזע זאכע עטוואס אויף טהון, אונד א קורצע צייט נאכדעם, וויא אונזער מענדעל איז צוריק גע־קוממען נאך קיעוו, וואר איין אוקאז ארויס געגעבען, אז דיא אידעשע יוגענד האט דאס גלייכע רעכט מיט דיא קריסטליכע אין אללע עפפענטליכע שולען אונד אוניווערזיטעטען אן גענומען צו ווערען.

א געוואלדיגער שטורם, א רעש האט זיך באלד אויף געהויבען בייא אונזערע פרוממע אידעלאך. מענדעלס פערשטעללטע שונאים זיינען יעצט ארויס געשפרונגען געגען איהם עפפענטליך מיט קולות, אז ער איז פון אייביג אן געוועזען א שטיללער אפיקורוס אונד זיין גאנצער ציעל איז נור אללע אידען אויס צו שמד׳ען. דיא צבוע׳יאקעס אונד קנאים האבען געשריען אז דאס איז דיא גרעסטע נבלה, מען זאָלל אידעשע קינדער אוועק געבען לערנען אין דיא גוישקע שולען; דאס איבער דיעזע טומאה, איבער קריסטליכע בילדונג, וועט דיא אמונה אין גאנצען פערלאָזען ווערען אונד מיט דער צייט וועללען זייא אויך דיא תורה פערגעססען. „מיר דארפען ניט דיא נייע מאָדנע בילדונג״ איז געוועזען דער אללגע־מיינער אויסרוף פון דעם אויפגערעגטען המון „מיר זיינען אידען אונד וויללען בלייבען אידען!״ עס איז ענדליך אזוי ווייט געקוממען אז מענ־דעל׳ס פיעלע גוטע פריינד האבען איהם גע־ראטהען ער זאָלל וויעדער אנווענדען זיין מאכט בייא דיא רעגיערונג, דאס דיעזער אוקאז זאָלל צוריק גערופען ווערען.

„ניעמאלס!״ האט מענדעל דארויף מיט פעסטען ענטשלוס געענטפערט „דיא רעגיערונג שלעפט קיינעם ניט מיט געוואלד אין דיא עפפענטליכע שולען; עס איז בלויז א רעכט געגעבען, מיט וועלכען יעדער איינער קען זיך פרייא בענוטצען אָדער ניט. איך, פון מיינער זייט, וועלל ניעמאלס אויף הערען צו בעהויפ־טען, אז בילדונג אונד וויססענשאפט איז דיא נייטהיגסטע זאך פיר דעם וואָהלשטאנד פון אונזער נאציאָן.״

דער קאמפף צווישען דער אידעשען בע־פעלקערונג האט זיך אויף דיעזער אָרט איממער מעהר אונד מעהר פערשטארקט. הירש בן־זאב, דער באנקיער חיים גאלדהיים אונד דיא גאנצע רייכערע קלאססע האבען זיך אן געשלאָססען צו דעם רב׳ס פּארטייא, צו וועלכע עס האט אויך געהערט דיא אללגעמיינע אידעשע יוגענד. דאגעגען האבען א גרויסע טהייל פון דער געמיינדע ניט אויף געהערט צו שטורמען אונד קאָכען, אז איבער אזעלכע מעשים רעים קען משיח ניט קוממען, אז א רב וואס געהט צערשטערען דיא אידעשע אמונה איז ניט ווערטה מעהר דיעזע שטעללע צו בעטרעטען אונד נאך אזעלכע טענות,

וועלכע האבען דאצו געבראכט אז דיא אללע אונצופריעדענע האבען זיך פון דער געמיינדע אבגעטהיילט.

מענדעל האט זעהר שטארק בעדויערט אז דיא זאך איז אזוי וויט געקוממען. ער האט דען גרעסטען פערדרוס געהאט דאפון אז צוליעב זיינע גוטע אבזיכטען איז דיא אחדות אונד דער פריעדען אין שטאדט געשטערט געוואָרען. אבער דענאך האט ער זיך פון זיינע העררליכע אידעען ניט געקענט ענטזאגען, אונד מיט דער צייט האט דער ליכטיגער גייסט פון דער נייעסטער צייט אויך אין דער אידעשער וועלט געזיעגט אונד מענדעל׳ס גוטע טהאטען האבען אין קורצען דיא בעסטע פריכטע געבראַכט.

## 21. קאַפּיטעל.

### א ניהיליסטישע חברה.

פון יענער צייט זיינען ביינאהע 18 יאהר פערפלאָססען. אונזערע אידען אין רוססלאנד האבען פערלעבט דיעזע יאהרען אין פריעדען אונד רוהע אונד זייער וואָהלשטאנד האט זיך אין פיעלע הינזיכטען פערמעהרט.

ווען מיר בעטראַכטען דיא רוססישע גע-שיכטע פון דעם יאהר 1879 מוזען מיר זעהר פערוואונדערט ווערען צו זעהען, וויא אללעס איז אין דיא אייניגע יאהר פערענדערט געוואָרען. וויא טרויעריג איז יעצט אין דיעזען לאַנד, וועלכע האט אזוי פיעל גוטע האָפנונג פערשפּראָכען אין דיא ערסטע צייטען פון אלעקסנדר׳ס רעגיערונג! וואס פיר איין שרעקליכעס בילד שטעללט זיך יעצט פאָר אין דיעזער מדינה! צו דער צייט ווען דיא גאנצע מענשהייט מאַכט טעגליך ריעזענהאפטע פאָרשריטע אויף דעם וועג פון ענטוויקלונג אונד ציוויליזאציאָן, ליעגט נאך דאס רוססישע פאָלק געשמיעדט אין דיא קייטען פון א דעספּאָטישען זעלבסט-הערשער, דיא קייזערליכע טיראנייא אונד דיא שרעקליכע קנוטע ארבייט נאך גרויזאמער וויא פריהער. אלעקסנדר האט חרטה געהאט פון זיינע ערסטע גוטע אבזיכטען; דיא מענשען וואס האבען איהם געהאלפען דורך פיהרען דיא פרייע געזעטצען פיר דאס פאָלק, פוילען אין דעם וויטען פירטערליכען סיביר; פיעלע ליבעראלע גרינדונגען זיינען פערניכטעט געוואָרען אונד דאס פאָלק ליעגט נאך אין א גרעסערע קנעכטשאפט וויא דיא פריהעריגע שקלאפערייא. עס איז דאהער קיין חידוש ניט אז אזא מין דעספּאָטיזם האט ארויס גערופען א מאססע פון אונצופריעדענהייט; פון וועלכע עס איז בעשאפען געוואָרען דער ניהיליזם, אום מיט דיא הילפע פון דינאמיט-באָמבעס צו צערשטערען דיא אייזערנע יאָך פון דער טיראַנישע רעגיערונג.

אין איינעם פון דיא העכסטע אריסטאָקראַטישע קווארטאלען, אין קיעוו, ניט וויט פון דעם בעריהמטען פעטשערסקאַי קלויסטער, איז געשטאנען א גרויסע הויז, וועלכעס וואר בעוואָהנט פון פיעלע פערשיעדענע שכנים. גרעסטענטהיילס ווארען דיעזע איינוואָהנער אליין-שטעהענדע אפפיציערען, בעאמטע אונד שטודענטען פון קיעווער אוניווערזיטעט, וואס האבען זיך אין דיא אויבערסטע עטאזשען מיט פיעל בעקוועמליכקייט איין קווארטירט. אונטען האט געוואָהנט דער אויפזעהער פון הויז, א געוויססער פאוועל קאדאסקי, א בעאמטער פון גובערנאטאר׳ס קאנצעלאריע. אבער פון אללע שכנים האט זיך אויס געצייכענט א יונגער רוססישער אָפפיציער, וועלכער וואר דורך זיין זעלטענע שיינהייט אונד גרויס רייכטהום בעוואוסט אין דיא גרעסטע אריסטאָקראטישע הייזער פון קיעוו. ער, מיט זיין גלענצענדע ערשיינונג, בליטצענדע אויגען אונד זיין

העלדען־מוטהיגען אויסזעהען איז געווען דער ליעבלינג פון אללע שעהנע רוססישע פריילינס; זיין פרעהליכער לעבענסארט אונד זיינע לייכט־זיניגע פערשווענדונגען האבען איהם פערשאפט א גאנצע חברה פריינד אונד בעקאנטע פון דיא יונגע רוססישע אריסטאקראטען. דיעזער אפפיציער האט בעוואהנט דיא גרויסארטיגע צימערן אין דעם צווייטען עטאזש.

גראף לאריס דרענטעלל, לייטענאנט פון זיעבענטען רעגימענט, איז דער יונגער אפפי־ציער וועלכען מיר האבען יעצט קענען געלע־רענט. ער איז זאגאר אונזערער איין אלטער בעקאנטער, מיר האבען איהם געזעהען אלס דרייא יעהריגעס קינד, אויף דיא הענד פון זיין אממע אין שלאסס לובני. עס איז שוין דא־מאלס געווען צו בעמערקען אויף וואס פיר איין פערדארבענע ארט ער ווירד ערצאגען פון זיין לייכטזיניגע מוטער. פערנאכלעסיגט אונד פערצערטעלט אלס איינציגער זוהן פון רייכע עלטערן איז ער אויסגעוואקסען א ווילדער אונגעצאגענער יונג, אהן שום עהרע געפיהל אונד אהן אירגענד וועלכע מענשליכע זיטטען, זיין איבערמוטהיגער שטאלץ, זיין אייגעננוטצ־ציגע אויפפיהרונג האט איהם פארגעשטעללט אלס א טיפ פון דיא יעניגע יונגע רוססישע אריסטאקראטען וועלכע פעראכטען דיא גאנצע וועלט אונד טיראניזירען יעדען איינעם, וואס קוממט מיט זייא אין בעריהרונג אונד איז פון זייא אבהענגיג.

דאס דיעזער זארגלייזער רייכער אפפיציער פון דער קייזערליכען ארמעע זאל זיין איין אנפיה־רער פון א ניהיליסטישען קלוב האט קיין מענש ניט געקענט גלויבען. דאס האבען געוואוסט נור איינינע פון דער זעלבער חברה אז אין דעם הויז וואס איז בעוואהנט נור פון בעאמטע אונד אפפיציערען איז געגרינדעט א פאלל־שטענדיגער קלוב פון דיא זאגענאנטע פאט־ריאטען, וועלכע האבען זיך געשטעללט אלס ציעל, צו בעשאפפען אין רוססלאנד א קאנסטי־טוציאנעללע רעגיערונג, דורך דיא הילפע פון דינאמיט. קיינער האט ניט געקענט זאגאר חושד זיין דאס היער איז דער מיטטעל פונקט, פון וועלכען טויזענדע ניהיליסטישע פאפיערען פלעגען פאנאנדער געשיקט ווערען איבער גאנץ רוססלאנד. אין דיעזען הויז זיינען געווען בעהאלטען אזעלכע געהיימע דאקומענטען וואס יעדער איינער, בייא וועמען מען זאלל זייא געפינען וואללט פערשיקט געווארען נאך סיביר אדער אויפ'ן שאפפאט. דיא מיטגליעדער פון דיעזען קלוב זיינען אבער געווען אזוי פארזיכ־טיג אז דיא אויפמערקזאמע פאליצייא שפיאנען האט זיך אפילו ניט געחלומ'ט דאס היער, בייא זייא אונטערן נאז, געפינט זיך דיא שרעקליכע ניהיליסטישע צערשטערונגס מאשינע.

גראף לאריס געהט ארום זעהר אונגעדול־דיג איבער זיין רייך פערפוצטען זאאל, קוקענדיג יעדע מינוט דורך'ן פענסטער מיט אונרוהיגע ערווארטונג.

„ער זאממט זיך צו לאנג“ זאגט לאריס צו זיך אליין זעהר בעזארגט וואס קען איהם אבהאלטען?“

שטעהענדיג ביין פענסטער דרעהעט ער צוזאממען א סיגארעט אונד הערט ניט אויף צו בעטראכטען דיא גאסס; ענדליך בעוויזט זיך אויף זיין געזיכט א שמייכעל פון צופריעדענהייט.

„ער איז דא“ האט ער אויס גערופען מיט א שמחה, זעהענדיג וויא זיין פערטרויטער פריינד קוממט זעהר שנעלל צום הויז „באלד וועללען מיר הערען נייעס פון גובערנאטאר.“

אין דיעזער מינוט האט יעמאנד האסטיג אן געקלאפפט אין טהיר אונד א הויכער יונגער מענש איז אריין געקוממען, אונד האט גאנץ

באַרוכטיג דיא טהיר צו געשלאָססען.

„אלזאָ, פּאוולאָוויטץ" האט לאַריס צו איהם געזאגט „איך בין שוין געוועזן זעהר אונ־רוהיג. וואס האט דיר אזוי לאנג אבגעהאלטען?"

„איך קומם יעצט גראַדע פון דעם פּאָ־מעראָף" האט דיעזער גאנץ שטילל געענט־פערט" דאָרט וואַרען זעהר פיעל מענשען אונד עס האט לאנג געדויערט ביז עס איז איהם מעגליך געוועזן מיר אוים צו הערען."

„אונד וואס איז דער רעזולטאט?" האט לאַריס האסטיג געפרעגט.

„ער וועט הייטע אבענד היער זיין. איך האב איהם געזאגט אז א געזעללשאפט פון אפפיציערען וועללען צוזאממען קוממען פייערען זיין געבורטסטאג אונד זייא פערלאנגען ער זאָלל זייא מיט זיין בעזוך בעעהרען."

„פיללייכט האט ער אירגענד וועלכען חשר?"

„ניין, פון וואנען זאָלל ער עטוואס וויסען?"

„גוט, היער וועט ער שוין אללעס ערפאה־רען."

„דוא האסט א טעות, לאַריס, אויב דוא מיינסט אז פּאָמעראָף וועט צו אונזער חברה זיך וועללען אן שליעסען. איך קען איהם גאנץ גענויא. ער האט אפילו דיא לעצטע צייטען געהאט זעהר פיעל צרות פון דעם צאר, אבער דענאָך פיהלט ער צו איהם דיא אלטע פריינדשאפט אונד ער וועט זיך אזוי לייכט פון זיין טרייהייט ניט ענטזאגען."

„דוממהייטען" האט לאַריס געענטפערט „דוא פערגעסט אז דאָ ניט לאנג האט איהם דער קייזער אין איין עפענטליכען אוקאז גע־זידעלט, פארוואס ער גיעבט דיא אידען אין דיעזער פראָווינץ דיא גרעסטע פריהייט אונד איז מיט זייא צו פיעל מחותן. פּאָמעראָף איז זעהר שטארק אויפגעבראַכט איבער דיעזע גראָבע בעליידיגונג אונד ער וועט געוויס וועללען בענוטצען דיעזע געלעגענהייט צו נעהמען נקמה פון זיין הערשער."

„אונטערדעססען וועט ער דאָך אבער ערפאהרען אונזערע געהיימניסע, אויב ער וועט דענאָך צו אונז ניט שטעהען וואס וועללען מיר דאן טהון?" האט פּאוולאָוויץ געפרעגט.

„דאן מוזען מיר זעהען פון איהם שנעלל פטור צו ווערען. מיר טאָרען ניט פרייא לאזען א מענשען וואס קען אונז אללעמען באלד אין אונגליק שטירצען."

„מיט וואס קענען מיר איהם אבער אב־האלטען? אויב ער זאָלל איבערגעבען אונזערע סודות דער פּאליצייא וועללען מיר אללע נאך סיביר פערשיקט ווערען."

„ווענען דעם איז שוין בעזאָרגט. מאָלעסקא זיין סעקרעטער, איז דאָך פון אונזער קאָמ־פּאניע; ער האט נאָך־שליעסלען צו זיין קאָ־בינעט אונד צום שרייב־טיש; ער וויים וואס צו טהון אין דיעזען פאלל."

„ארמער פּאָמעראָף!" האט פּאוולאָוויץ זיך אבגעזיפצעט „עס טהוט מיר ווירקליך לייד אויף איהם."

„דוא ביסט א נאַר," האט לאַריס אוים גערופען. „מיר מוזען אנווענדען אללע מיטלען אַז ער זאָלל געהערען צו אונז. זיינע פּאָליצייא־שפּיאָנען לויפען שטענדיג ארום שפּיערינדיג אונד מיר זיינען אימער אין געפאהר ענט־דעקט צו ווערען, דארום קענען מיר גאנץ ווייניג אויף טהון. דענאָך אויב ער זאָלל זיך ענטזאגען מיט אונז איין האנד צו מאכען רעזיקירען מיר גאָר ניט, דען ער וועט דאן היער ניט פערבלייבען."

„וויא מיינסטו, ווער וועט דאן אויף זיין שטעללע אן קוממען?"

„דאס קען איך ניט וויסען. יעדענפאלס

וועט עס זיין א נעוואלדיגע געשיכטע; דאס פערברעכען פון א גובערנאטאר, ביז מען וועט איהם פערמשפט'ען אונד היגריכטען אדער פערשיקען וועט אן מאכען א גרויסע מהומה אין דער רעגיערונג; מיר וועללען דיעזע צייט קענען בענוטצען אונזערע אנגעלעגענהייטען אויס צו פיהרען אונד פאר צו בערייטען דען לעצטען קלאפ, דאס מיר זאללען ענדליך בע־פרייט ווערען פון דעם אללגעמיינעם טיראן.״

בייא דיעזע רייד האט יעמאנד אן געקלאפט אין טהיר מיט א בעשטיממטען אבגערעדטען צייכען.

עס איז אריין געקוממען א יונגער מאן, בערך 23 יאהר, געקליידעט אלס שטודענט. פון זיין געזיכט איז געווען צו זעהען אז ער בעזיצט א הויכע בילדונג. אין דער טהאט איז שטודענט מארטינסקי געווען העכסט געלע־רענט אונד איינער פון דיא אנפיהרער בייא דיעזער ניהיליסטישע חברה.

,,וואס הערט זיך?״ האט לארים בייא איהם געפרעגט ,,זיינען שוין דיא פאפיערען אבגעשיקט?״

,,יא; מאריא סערגויעוונא אונד פאולינא טשארגיני האבען הייטע מיטאג צייט אבגע־רייזט נאך פעטערסבורג. דיא פאפיערען זיינע זיכער פערשלאססען אין געהיימע אבטהלונ־גען פון זייערע רייזע־קאפפערס.״

,,אבער אויב מען זאלל דענאך דיא דא־קומענטען בייא זייא געפינען?״

,,דאפיר איז ניטא וואס מורא צו האבען״ האט מארטינסקי רוהיג געענטפערט ,,קיינעם וועט ניט אריין פאללען א געדאנקען חושד צו זיין דיעזע איינפאכע מיידלאך, וועלכע זיינען בייא יעדען פאלל גענוג מוטהיג אונד געטרייא קיינעם פון אונז ניט ארויס צו געבען.״

,,קוממט, מיינע העררען״ האט לארים געזאגט ,,לאמיר זיך עטוואס דורך געהען ביז דיא געזעללשאפט וועט צוזאממען קוממען.״

א צוזאממען געמישטע קאמפאניע פון פערשיעדענע מענשען האט זיך דיעזען אבענד בייא לאריסען אין הויז פערזאממעלט; איינינע אפפיציערען, מעהרערע שטודענטען, א צווייא דרייא פ ליטישע שרייבערס אונד סתם יונגע מענשען, פון דיא יעניגע רוססישע אדעל גייסטע וועלכע האבען געוועהנליך מעהר געלד וויא שכל. דער מאהלצייט האט זיך שוין אנגע־פאנגען, אבער דער ערווארטעטער גאסט, גובערנאטאר פאמעראף, איז נאך ניט גע־קוממען. יעדער פון דיא אנוועזענדע איז געווען זעהר שטארק וועגען דעם בעזארגט, דען אללע האבען גוט געוואוסט אז עס איז פיעל אב־העננגיג דאפון אויב זייא וועללען קענען בע־קוממען דעם מעכטיגען גענעראל אלס מיט־גליעד אין זייער קאמפאניע. דענאך זיינען כמעט אללע געווען זיכער אז פאמעראף וועט זיך פון זייער פארשלאג ניט ענטזאגען אונד דער געשפרעך וועגען דעם איז געפיהרט גע־ווארען גאנץ שטילל.

דיא חברה האט א לאנגע צייט געווארט ביז דער גובערנאטאר איז ענדליך אריין גע־קוממען צוזאממען מיט פאוולאוויטץ. ער וואר אנפאנגס זעהר פערוואונדערט דערזעהענדיג אזא צאהלרייכע געזעלשאפט פון פרעמדע פערזאנען, דאן ווען מען האט איהם פערזיכערט אז עס וועללען דא זיין נור איינינע בעקאנטע פריינדע; דענאך האט ער זיך געמאכט ניט וויססענדיג, אללעמען גאנץ פריינדליך בעג־ריסט אונד זיך געזעצט אויבען אן, אויף דען שטוהל וואס מען האט איהם אן געוויעזען.

עס האט זיך אן געפאנגען איין אללגע־מיינער פוסטער געשפרעך, פון וועלכען דער גובערנאטאר האט באלד געקענט בעמערקען

אז דא איז עטוואס ניט ריכטיג; עס האט גע־פעהלט דיא יעניגע אָפפענהערציגע לעבהאפ־טיגקייט, מיט וועלכע א געוועהנליכע פער־זאממלונג פון עהרליכע מענשען אונטערהאלטען זיך; יעדע איינע פון דיא אנוועזענדע האט וויא עס וייזט אויס עטוואס געהאלטען בסוד אונד גערעדט ניט דאס וואס ער מיינט. אללע האבען האסטיג אונד פיעל געטרונקען; וואס מעהר פלעשלאך עס זיינען לעדיג געוואָרען האט זיך דיא פרעכהייט פון דיא געסט פער־גרעססערט. ענדליך איז לאָריס פלוצלינג אויף געשפרונגען פון זיין שטוהל אונד האלטענדיג הויך זיין גלאָז משקה האט ער אויס גערופען.

„פיר דיא געזונדהייט פון זיין עקסעלענץ דעם גובערנאטאר פון קיעוו, וועלכער איז אונזער מעכטיגער פרייהייטס קעמפפער אונד דער שונא פון דעם פעטערסבורגער טיראן!"

„הורראה!" האבען אללע געסט מיט בעגייסטערונג אויס געשריען.

פאָמעראָף איז געבליעבען זיטצען אויף זיין אָרט וויא איין געשלאגען פון א דונער. ערסט יעצט איז איהם קלאָר געוואָרען וועגען וואס דא האנדעלט זיך, דאס מען וויל איהם פער־פלאָנטערען אין א שרעקליכע קאבאלע. זאָ באלד וויא ער האט זיך עטוואס ערהאָלט פון זיין אויפגערעגטע ערשטוינונג האט ער מיט א געצוואונגענעם שמייכעל געזאגט.

„מיינע הערען, וואס איז דאס פיר א שפאס? איהר האט וואהרשיינליך א טעות, איך מיין עס גראדע פערקעהרט. ערלויבט מיר צו טרינקען פיר דיא געזונדהייט פון זיין מאַ־יעסטעט, אונזער בעליעבטען קייזער, אונד צו ווינשען ער זאָלל לאנג לעבען פיר אונזער אללגעמיינעם גליק."

א פייפערייא אונד א שטורם פון קללות האט אויסגעבראָכען געגען דיעזע ווערטער, אונד אלס פאָמעראָף האט איין געזעהען אז קיינער וויל איהם ניט אויס הערען איז ער געבליעבען זיטצען אויף זיין שטעללע בלייך וויא קאלך פון כעס אונד אינגערליכער בעוועגונג.

ענדליך איז עטוואס שטיללער געוואָרען אונד מארטינסקי האט זיך אוועק געשטעללט האלטען א רעדע מיט וועלכע ער האט זיך הויפטזעכליך געווענדעט צום גובערנאטאָר. ער האט אָנגעפאנגען מיט דיא שילדערונג פון דעם פערשטאָרבענעם ניקאָלי'ס גרויזאמע רעגיערונג, וועלכער האט ענדליך פערוויקעלט זיין געהארכזאמעס פאָלק אין א שמאכפאָללע קריעג. ער האט דאן געשפראָכען פון דיא ערסטע צייטען, ווען אלעקסאנדער דער צווייטער איז ארויף אויף'ן טראָהן, מיט וואס פיר איין ליעבע זיססע האָפנונג אין דאן בעלעבט גע־וואָרען דיא גאנצע מדינה, וויא ליכטיג איז דאן געוואָרען אים לאנד פון דיא נייא אויף גע־גאנגענע פרייהייטס זונן! אבער ליידער איז וויא עס שיינט קיין קייזער ניט בעשאפען דאצו זאָ איינע הערליכע אויפגאבע צו ערפיללען. דיא פינסטערע דעספאָטישע חמארעס האבען באלד פערדונקעלט דיא לופט אונד דאס ביסעל גוטעס וואס איז פריהער אויף געטהאן געוואָרען האט שוין דעם צאר'ס גרויזאמע טיראנייא לאנג פערניכטעט. מארטינסקי האט ווייטער פאָרגעשטעללט וויא מערדערליך דער צאר האט זיך בעגאנגען געגען פיעלע אונ־שולדיגע פערזאָנען, נור דארום ווייל זייא זיינען איהם פערזענליך ניט געפעללען געוואָ־רען; וויא דיא יעצטיגע רעגיערונג זוכט צו פערשטערקען אין פאָלק אונוויססענהייט אונד אבערגלויבען; וויא דיא צענזורע ווירד וואס פון טאג שטרענגער אונד וויא דיא ניעדער־טרעכטיגע בעאמטע אין אללגעמיין טהוען אָפּ אללע שענדליכקייטען נאך זייער אייגענעם

ווילען. אין לעבהאפטע פארבען האט ער אויסגעמאהלט דיא שרעקליכע בעהאנדלונגען געגען דיא פאליטישע„ פערברעכער אין דיא פינסטערע גריבער פון דעם ווייטען סיביר, פון וועלכע עס גיעבט שוין מעהר קיין רעטטונג פיר יענע אונגליקליכע, אויסער דעם טויט.

„אבער“ האט מארטינסקי זיין פייערדיגע רעדע געענדיגט „עס גיעבט נאך איין טיעפערער תהום; א קערקער, א מענשען יאטקע איז דא ניט לאנג אויף געטהון געווארען, וועלכע איז אזוי פירכטערליך אונד אבשייליך דאס קיינער אין דער וועלט קען זיך דאפון גאר קיין בעגריף ניט מאכען. דיעזער עמק הבכא, דיעזער גיהנום איז דיא טרובעטצקאי טורמע, וואוהין מען ווארפט אריין אויף אייביג דיא יעניגע אפפער וועלכע מען וויל פייניגען מיט נאך מעהר אכזריות וויא אין דיא סיבירישע גריבער, אונד אך אונד וועה איז שוין צו דעם אונגליקליכען וואס איז אריין געפאלען אין דיעזע פורכטבארע טורמע; ער געהעט דארט אויס ביסלאך וייז פון הונגער, ער ווירד דארט געשלאגען אונד געמאטערט מיט אללע ביטטערע עינוים, זיין גאנצען קערפער ווירד בעדעקט מיט א נגע צרעת אונד ער קען זיך שוין שעטצען גליקליך דאן ווען ער פערליערט ענדליך זיין מענשען פערשטאנד אונד דיא אויף שטייגענדע משוגעת בערויבט איהם דעם בעוואוסט זיין פון זיינע אונגעהויערע יסורים.

„דיא פערשיקטע אין סיביר שרייען געוואלד רעטעט אונז, דער גורל פון דיא אונגליקליכע ארעסטאנטען אין טרובעצקאי טורמע ערוועקט אין אונזערע הערצער א נעפיהל פון נקמה צו דעם גרויזאמען דעספאטישען מערדער. דיא פראנצויזען האבען שוין לאנג פערניכטעט זייער שרעקליכע געפענגנים, דיא באסטילע, ווארום זאללען מיר דען שווייגען? ווארום זאללען מיר ניט צערברעכען דיעזע פינסטערע מויערען איידער מען וועט אונז דארט איינשליעסען? אהה, ארמע עלענדע רוססלאנד! וויא אונגליקליך איז דיין שיקזאל! א דעספאטישער שטורם ווינד האט אללע דיינע גלענצענדע האפנונגען אויס געריססען; דיינע בעסטע מאראלישע קרעפטען זיינען לעבענדיגער הייט בעגראבען אין דיא פערשנייעטע דערפער פון דיא סיבירישע בארבארען אונד דיין גרויזאמע רעגיערונג דריקט אונד שטיקט דיין הונדערט מילליאנען נאציאן, זיא שלעפט אונד ווערגט איהרע אפפער פון דיינע בעסטע קינדער. ניעדער מיט דעם שענדליכען דעספאטיזם! ניעדער מיט דעם באנדיט, דעם צאר!“

בייא דעם שלוסס פון דיעזע ווערטער האט זיך דיא גאנצע געזעללשאפט אויף געהייבען מיט איין אויסרוף „ניעדער מיט דעם טיראן! ניעדער מיט דעם צאר!“

איינינע מינוטען האט געהערשט א פירכטערליכע שטיללקייט אין דיעזען צימער, דאן איז פאמעראף מיט ענשלאססענהייט, פון זיין שטוהל אויף געשטאנען.

„וויא איך זעה“ האט ער מיט א געפרעסטע שטיממע געזאגט „איז היער ניט מיין פלאטץ. איך קען אייך נור אזוי פיעל פערזיכערען, מיינע הערען, דאס דער עלענד אונד טרויער פון דער מדינה האט אויך אין מיין הערצען איין אבקלאנג געפונען, אבער מיט דיא ניהיליסטישע מיטטלען וועט איהר דיעזען צושטאנד ניעמאלס פערבעססערען, דארום וועל איך קיין מאלל מיט אייך ניט איין שטיממען. איבעריגענס פערשפרעך איך אייך צו פערגעסען וואס איך האב דא געהערט אונד געזעהען.“

אזוי ריידענדיג האט זיך פאמעראף העפליך פערנייגט אונד איז צום טהיר געגאנגען.

„האלט„ האט לארים אויס גערופען זיך

איהם ענטגעגען שטעללענדיג ,,גלויבט איהר ווירקליך אז נאכדעם וויא איהר האט בייא געוואָהנט אונזער פערזאממלונג אונד ערפאהר־רען אללע אונזערע סודות וועללען מיר אייך ערלויבען אזוי פרייא פון דאנען אוועק צו געהען? מיינט איהר דאס מיר זיינען אזעלכע נארען אונד וועללען זיך פערלאָזען אויף אייער וואָרט אז איהר וועט אונז ניט מסר׳ען? איך זאג אייך אז איהר מוזט צו אונז צו שטעהען מיט גוטען אָדער מיט בייזען, ווען ניט וועט איהר ערגער מאכען.״

,,איהר האט א גרויסען טעות״ האט דער גובערנאטאָר מיט שטאָלץ געענטפערט ,,א פאָמעראָף האט זיך קיין מאָלל ניט געלאָזען צווינגען צו אזעלכע שענדליכקייטען, צו ווערען א פעררעטהער געגען זיין קייזער אונד זיין פאטער־לאנד. איך וויים ניט צו וועלכען צוועק איהר ווילט מיר דורכאויס אריין שלעפען אין אייער חברה, נור יעדענפאלס וואר עס ניעדער־טרעכטיג גענוג מיר אויף זאָ איין אופן אב צו נארען.״

,,הערט מיר אויס, גובערנאטאָר״ האט מארטינסקי זיך אב גערופען ,,אייער מיט־הילפע אין אונזער עדעלע אונטערנעהמונג איז אונז זעהר נעטהיג; נור דאן ווען איהר וועט מיט אייער מאכט אונז שטיטצען זיינען מיר זיכער פון אייערע פאליצייא־שפיאָנען, אונד קענען אונזער זאך ווייטער פיהרען, ביז מיר וועללען אונזער ציעל עררייכען, ביז מיר וועללען דעם צאר אוועק שיקען צו זיין טאטען אויף יענער וועלט. איהר ווייסט גאנץ גוט אז אונזער פעראיין בעצוועקט חלילה ניט קיין רויב אונד מאָרד, אז מיר פערלאנגען קיין זאך ניט פיר אונז זעלבסט; מיר פאָדערען בלויז פון דער רעגיערונג עטוואס פרייהייט פיר דיא פרעססע, פיר עפענטליכע פערזאממלונגען אונד פיר דאס פאָלק אין אללגעמיין; מיר וויללען נור בע־שאפפען א קאָנסטיטוציאָן, אז אללע בירגער זאָללען קענען אנטהייל נעהמען אין דער געזעץ־געבונג אונד זייער פרייהייט אויף א ריכטיגען פונדאמענט גרינדען. אום דיעזען ערהאבענען ערפאָלג צו עררייכען וועללען מיר אללע מיטטלען אנווענדען אונד ווען עס וועט נייטהיג זיין אויך דינאמיט. איך פרעג אייך נאך א מאלל, גובער־נאטאָר פאָמעראָף, ווילט איהר מיט אונז איין האנד מאכען, אום פיר דאס פאָלק אויס צו קעמפפען דיא מענשען רעכטען מיט וועלכע אללע ציוויליזירטע נאציאָנען בענוטצען זיך שוין לאנג?״

,,ניעמאלס!״ האט דער גובערנאטאָר מיט א דאָננער שטיממע אויס גערופען.

,,דאן מוז איך אייער עקסעלענץ ערקלערען אז איהר מעגט זיך פערטיג מאכען צו רייזען נאך סיביר, אָדער אויף געהאנגען צו ווערען אלס פעראורטהיילטער ניהיליסט.״

פאָמעראָף איז געבליעבען שטעהען בלייך אונד האט א וואָרט ניט געענטפערט.

,,דיינקט ניט אז מיר האבען אין דיעזער זאך געהאנדעלט אָהן א ריכטיגע אויס רעכנונג״ האט מארטינסקי ווייטער געשפראָכען ,,מיר האבען אייך הייטע אבענד געבראכט אהער ניט וויל אונזער קאָמפאניע איז דער לעבען מיאוס געוואָרען, ניט צו ליעב דעם אז מיר זאָללען אללע מאָרגען ליעגען געשמידט אין קייטען, אונד איך זאג אייך צום לעצטען מאל, אז מיר גיעבען אייך דיא ברירה, אָדער צו ווערען אונזערער א מיטגליעד אָדער מיר וועללען אייך מסר׳ען אונד איהר זייט אויף אייביג פערלאָרען.״

,,אבער איך וויל מיט א באנדע רויבער זיך ניט פעראייניגען״ האט דער גובערנאטאָר מיט גרויס כעס געענטפערט ,,וועהרענד מיין

גאנצען לעבען האב איך געשטרעבט פיר יושר אונד גערעכטיגקייט, איך האב איממער געשיצט אונד געהאָלפען דען געדריקטען אונד דענאָך געבליעבען טרייא צו מיין קייזער אונד מיין פאטערלאנד. איך פערהאסס אונד פערדאמם אייערע בלוטיגע ניהיליסטישע מיטטלען, מיט וועלכע איהר מיינט פרייהייט צו עררייכען, אונד איך לאך פון אללע אייערע דראָהונגען!״ מיט דיעזע ווערטער האט פאָמעראָף מיט געוואלד זיך דורך געריסען צום טהיר, וועלכע וואר אבער פעסט געשלאָססען.

„שופטען!״ האט ער געגען דער חברה אויס געשריען „איהר ווילט מיר צווינגען צו ווערען אייערער א מיטגליעד, דאָ האט איהר מיין ערסטען ברידערליכען גרוס.״ אונד ארויס חאפענדיג א רעוואָלווער פון טאש האט ער אויף זייא אויס געשאָססען.

דער קויל איז אָבגעשפּרונגען פון לארים'עס מעסענעם קנאָפּ אונד האט איהם בלויז לייכט פערוואונדעט. דיא גאנצע קאָמפּאַניע זיינען אויגענבליקליך דעם גובערנאטאָר בעפאללען אונד נאך א קורצען קאמפף איז ער געלעגען אויף דער ערד, דאס מויל פערשטיקט אונד פעסט געבונדען. דאן האט איינער פון זייא, א סטודענט, ארויס גענומען א פלעשעל חלאָראָפּאָרם, (איין שלאָף טרונק) בעגאָססען דאמיט דען טישטוך אונד עס פערשפרייט איבער דעם געבונדענעם פאָמעראָף'ס געזיכט, זאָ דאס ער איז באלד געבליעבען ליעגען פערזונקען אין א טיעפסטען שלאָף פון חלשות.״

„טראגט איהם באלד אהיים״ האט מארטינסקי א בעפעהל געגעבען „נאך גוט אז דיא פּאָליצייא האט ניט דערהערט וויא ער האט געשאָססען; בעזאָרגט אללעס וואס ווייטער איז נייטהיג אונד ביז דאהין מוזען מיר אללע זיך בעהאלטען.

דיא נאכט וואר דונקעל אונד פערוואָלקענט, זאָ דאס קיין מענש האט ניט בעמערקט וויא מאָלעסקאָ, דעם גובערנאטאָר'ס סעקרעטער, האט איהם געבראכט נאך הויז, אונד איהם אוועק געלעגט אויפ'ן זאָפאַ אין זיין קאבינעט.

## 22. קאַפּיטעל.

### פאטער אונד זוהן.

עס וואר שוין העללער טאג אלס פאָמעראָף האט ערוואכט פון זיין אָהנמעכטיגען שלאָף. ער האט אויס געריבען דיא אויגען אונד זיך ארום געקוקט אין ציממער מיט גרויס פערוואונדערונג.

„בייא גאָט! דאס וואר איין שרעקליכער חלום״ האט ער צו זיך אלליין געזאגט „וואָהרשיינליך האב איך היער דיא גאנצע נאכט געשלאָפען.״

ער האט פרובירט אויף שטעהען, אבער בייא דער ערסטער בעוועגונג האט ער זיך געפיהלט זעהר ניט גוט, א שרעקליכעס קאָפּף שמערצען אונד א מידיגקייט אין גאנצען קערפער האט איהם קלערער ערינערט אן דיא בעגעבענהייטען דער פאָריגער נאכט.

„איז דאס מעגליך אז דיא גאנצע זאך האט ווירקליך פאססירט אונד איך האב בייא געוואָהנט א פערזאממלונג פון ניהיליסטען?.

דיא אויפרעגונג פון דיעזען געדאנקען האט איהם אין גאנצען ערוואכט; ער איז מיט פיעל שוויעריגקייט אויף געשפּרונגען פון זיין געלעגער אונד געעפענט דען פענסטער. דאס וועטטער וואר זעהר שעהן, דיא לופט פראכטפאלל, אין דיא בוימער אויפ'ן הויף האבען דיא פייגלאך זייער לוסטיגע מעלאָדיע געשפיעלט, אבער דיא געוועהנליכע טאגעס בעשעפטיגונג איז געוועזען אזוי וויא אויס געשטאָרבען: איבעראלל האט געהערשט איין אומע־

טינע שטיללקייט אונד עס איז ניט געוועזן צו זעהען אונד צו הערען פון קיין מענשען.

„איז דאס מעגליך? שוין דיא צעהנטע שטונדע!“ האט דער גובערנאטאר אויס גערופען בעטראכטענדיג זיין טאשען אוהר „וואו זיינען אללע דיענער אהין געקוממען? דא מוז עטוואס זיין.“

ער איז צו געגאנגען אונד געוואללט עפענען איין טהיר, אבער זיא וואר פעסט געשלאססען; דיא אנדערע טהיר אויך דאסזעלבע. ער האט אנגעפאנגען שטארק צו קלינגען אונד קיינער האט ניט געאנטווארט. דעם ארמען פאמעראף איז יעצט קלאר געווארען אז ער איז א געפאנגענער אין זיין אייגענעם הויז; זיינע שונאים האבען וואהרשיינליך אויס געפיהרט זייער פלאן אונד דערלאנגט אויף איהם א פאלשע מסירה, אבער ער וועט זיך פערטהיידיגען, ער וועט בעווייזען דאס מען האט איהם אונשולדיגער ווייזע פערפלאנטערט אין א שענדליכע אינטריגע פון א באנדע, וועלכע בעצוועקען דען קייזער צו מארדען; ער וועט איבערצייגען דאס ער האט זיך פאלשטענדיג ענטזאגט אין זייער קאמפאניע זיך אן צו שליעסען, אונד איז זאגאר געצוואונגען געוועזן צו שיעסען, אום פון זייא לויז צו ווערען.

בעווייזען? איבערצייגען? אבער וויא אונד מיט וואס? ווער איז דאבייא געוועזן וואס זאלל קענען זיינע ווערטער בעשטעטיגען? ווער וועט זיינע עהרליכע בעהויפטונגען וועללען גלויבען? א שרעקליכער שווידער אונד א טרויריגע פערצווייפלונג האט דורך געדרונגען דעם עלענדען מענשען, אונד ער איז ניעדער געפאללען אויף זיין געזיכט מיט שווערע זיפצען אונד ביטערע געדאנקען, ניט וויסענדיג וויא זיך צו העלפען אונד צו רעטטען.

אין אזעלכע פיינליכע געדאנקען האט פאמעראף פערבראכט א פאאר שטונדען. ענדליך, ארום מיטאג צייט איז דיא טהיר אויף געשלאססען געווארען אונד אין צימער זיינען אריין געקוממען דער פאליצייא מייסטער מיט איינינע זשאנדארמישע אפפיציערען.

„עס טהוט מיר זייער לייד“ האט דער פאליצמייסטער מיט א טרויריגע שטיממע געזאגט „אז איך בין געצוואונגען אייער עקסעלענץ, מיין בעסטען וואהלטהעטער, אזוי צו בעהאנדלען; אבער דעם קייזערס בעפעהל מוז ערפיללט ווערען אונד אין דען נאמען פון זיין מאיעסטעט ערקלער איך אייך אלס ארעסטאנט.“

„אין וואס בעשולדיגט מען מיר?“ האט דער גובערנאטאר געפרעגט.

„אייער פערברעכען בעשטעהט דארין, דאס איהר האט זיך אן געשלאססען צו איינע ניהיליסטישע באנדע אונד אויס געארבייט מיט זייא א פלאן דען קייזער צו ערמארדען.“

„דאס איז א ניעדערטרעכטיגער ליגען!“ האט פאמעראף מיט כעס אויס געשריען.

„ליידער קען איך אייער פערטהיידיגונג ניט אן נעהמען, דאס וועט בייא דעם משפט פארקוממען. איך בין נור בעאויפטראגט אייער הויז דורך צו זוכען, אום צו ענטדעקען דיא ניהיליסטישע פאפיערען וואס זיינען בייא אייך בעהאלטען.“

„זוכט, מיינע הערען“ האט פאמעראף מיט א ביטערען שמייכעל געענטפערט „איהר וועט געוויס קיין זאך געפינען אונד דאן וועט איהר זיך איבערצייגען אז דיא מסירה איז פאלש.

„איך וואללט געוויס דען גרעסטען פערגניגען געהאט ווען אייער אונשולד זאלל זיך ריכטיג בעווייזען“ האט דער פאליצייא מייסטער געזאגט, געבענדיג א וואונק צו דיא זשאנדארמען דיא אונטערזוכונג אן צו פאנגען.

ארמער, ארמער פּאָמעראָף ! ער האט זיך נעבאך אליין ניט נעריכט אויף אזא שרעקליכען אונגליק; גלייך בייא דעם ערסטען בליק אין זיין שרייב־טיש האט מען געפונען אזעלכע פּאַפּיערען וואס האבען פאָלקאָממען אונד קלאָר בעוויעזען זיין פערברעכען. א פּראָגראַממע פון דעם הויפּט ניהיליסטישען קלוב אין פּעט־טערסבורג, א פּלאַן וויא צו צערשמעטערען דורך דינאמיט דען קייזערליכען פּאַלאַץ אונד נאך איינינע געפעהרליכע דאָקומענטען.

אומזאנסט האט זיך דער אונגליקליכער פּאָמעראָף פערטהיידינט אז מען האט איהם דיא פּאַפּיערען אונטער געוואָרפען, אומזאנסט ווארען אללע זיינע רייד אז ער וויים ניט פון וואס צו זאגען. דער פּאָליצייא מייסטער האט מיט פיעל טרויער געגעבען א בעפעהל איהם אבצופיהרען אין א געהיימע געפענגניס.

דיא וויימערע פערהאנדלונג וועגען פּאָ־מעראָף'ס שיקזאל זיינען געגאנגען זעהר ראש אונד שנעלל. דיא ראפּאָרטען זיינען נאך פּעט־טערסבורג דורך דעפּעשען געשיקט געוואָרען אונד פון דאָרט איז באלד אראב געקוממען א בעפעהל, דאס מען זאָלל פּאָמעראָף משפט'ען דורך א מיליטער געריכט, וועלכער איז גלייך צוזאממען גערופען געוואָרען. נאטירליך וואר אזא מין משפט נור א הוילע קאמעדיע, דען דער אונגליקליכער גורל פון דעם בעשול־דיגטען אין שוין פאראויס בעשטיממט געוועזן. מען האט אפילו ניט געוואָללט אין גאנצען אויס הערען וואס דער פערקלאגטער האט צו זאגען אום זיך צו פערטהיידיגען אונד דענזעל־בען טאג וואר ער צום טויט פעראורטהיילט.

אויף מאָרגען גאנץ פריה איז דער אונ־שולדיגער גענעראל, דער מאן וואס האט זיין גאנצען לעבען אזוי עהרליך אונד גערעכט זיך אויף געפיהרט, דער וואהרער מענשען אונד יודען פריינד, ער איז אין דער שטיל ערמאָר־דעט געוואָרען אין קיעווער טורמע.

וויא א שווארצער וואָלקען האט דיעזע טרויי־ריגע נאכריכט זיך פערשפּרייט איבער דער גאנצער מדינה. דער גוטהערציגער פּאָמעראָף איז געוועזן בייא אללעמען זעהר שטארק בע־ליעבט אונד וועהרענד זיין לאנג יעהרינער פערשטענדיגער רעגיערונג האט דיא פּראָווינץ פּאָלקאָממען אויף געבליהט. איבערהויפּט דיא דאָרטיגע אידעשע איינוואָהנער האבען פון טיעפסטען הארצען בעקלאגט זייער וואהרען גוטען פריינד: דער רב, מענדעל ווינענקי, האט געמאכט אויף איהם א הספד אונד עפענטליך ערקלערט, אז ער איז אונשולדיג ערמאָרדעט געוואָרען; אין אללע שולען האט מען דעם אָרענטליכען קריסט מזכיר נשמות געוועזן. אבער באלד איז אללעס שטילל געוואָרען, דען דיא רעגיערונג האט געשיקט אנזאגען, אז ווער עס וועט זיך ערלויבען פּאָמעראָף דען פערברעכערס נאמען צו ערינערען וועט זעהר שטרענג בעשטראפט ווערען.

יא, דיא אידען האבען ווירקליך געהאט וואס צו קלאגען; מיט דעם טויט פון זייער פריינד אונד בעשיטצער זיינען אללע זייערע גלענצענדע האפנונגען אבגעשטאָרבען אונד זייערע גוטע אויסזיכטען אויף אימממער פערניכטעט געוואָרען.

אכטאג נאכדעם וויא פּאָמעראָף איז גע־ריכטליך ערמאָרדעט געוואָרען האט דיא רע־גיערונג אראָפּ געשיקט אין קיעוו א נייעם גענעראל־גובערנאטאָר, אונזער אלטען בעקאנ־טען, גראף דמיטרי דרענטעלל, וועלכען מיר האבען געזעהען מעהר וויא 20 יאהר צוריק אלס יונגען אפּפיציער אין זיין שלאָסס לובני.

דיא בעפעלקערונג, וועלכע וואר שוין יאהרעלאנג געוואהנט צו דער שטיללען מילדען רעגיערונג פון דעם מענשען פריינדליכען פּאָ־

מעראף, האט יעצט נאך מעהר געשפיערט דיא פינסטערע ענדערונג. באלד האבען זייא שוין געפיהלט דיא טיראנישע בעדריקונג פון דעם נייעם הערשער, איבערהויפט דיא אונ־גליקליכע אידען, וועלכע האבען שוין במעט פערגעססען אן דיא אמאליגע צרות, זיינען יעצט ערציטערט געוואָרען בעטראכטענדיג וויא זייער לעבענס הימעל ווירד איממער וועהרענד מעהר אונד מעהר פערצויגען מיט שווארצע פירכטערליכע שטורם־וואָלקענס, דען דרענ־טעלל איז איבעראלל געווען בעוואוסט אלס ברענערינגער אנטיסעמיט אונד יודענפיינד.

אויסער דיא אידען וואר נאך א קלאססע מענשען אויף וועלכע דיעזע ענדערונג האט ארויף געיאגט גרויס שרעק אונד מורא; דיא ניהיליסטען האבען גאנץ גוט געוואוסט אז גראף דרענטעל איז ניט דער פערזאן מיט וועלכען מען קען זיך ערלויבען אירגענד וועלכען שפאס. דיא רעגיערונג האט דיעזען נייעם הערשער בעשטיממט אלס ציוויל גובערנאטאר אונד אויך אלס גענעראל איבער דיא גאנצע ארמעע אונד האט איהם געגעבען איינע אונבעגרענצטע מאכט, בייא דעם קלענסטען חשד יעדען איינעם צו פערשיקען נאך סיביר, צו פערשליעסען אויף אייביג אין טורמע, צו פעראורטהיילען צום טויט; קורץ, צו טהון אללעס נאך זיין איינענעם איינזעהען, וואס ער וועט געפינען פיר נייטהיג, אהן שום דין ומשפט. מיט אזא מענשען איז געווען געפעהרליך זיך צו שפיעלען אונד דיא ניהיליסטען זיינען יעצט געצוואונגען געווען אויף צו געבען זייער גאנצע טהעטיגקייט.

באלד נאך זיין אריין טריט אין דיא רע־גיערונג האט גראף דרענטעל דיא ערסטע זאך אנגעפאנגען שטארק נאך צו פאָרשען אונד אונטערזוכען וואס פיר א געשיכטע דא איז געווען מיט גענעראל פאמעראף. אויב עס איז ווירקליך אמת, אז דיא ניהיליסטישע בעוועגונג איז שוין אזוי וויט פערשפרייט, מוז ער זעהן אויס צו געפינען זיינע מיטשולדיגע אונד אויס צו וואורצלען דיעזע געפעהרליכע פראָפאגאנדע פון דער גאנצער פראָווינץ. מיט דיא גרעסטע פאָרזיכטיגקייט אונד שטרענגסטע געהיימניס האט דער נייער הערשער דיעזע אויפגאבע פערפאָלגט אונד באלד איז ענטדעקט געוואָרען, אז זיין סעקרעטער מאָלעסקע בעזיצט נאך־שליעסלען צום גובערנאטאָרס קאבינעט אונד צו זיין שרייב־טיש. דיא מינוט איז א בעפעהל ארויס געגעבען געוואָרען איהם צו ארעסטירען אונד גלייך בייא דעם ערסטען פערהער האט זיך דער ערשראָקענער מאָלעסקא אין אלסדינג מודה געווען.

אויף מאָרגען איז לאָרים געזעססען אין זיין ציממער אלס מען האט איהם פלוצלינג אויף געפאָדערט ער זאָל אויגענבליקליך געהען צו זיין פאטער. קוממענדיג אין זיין קאבינעט האט ער איהם געפונען ארום געהענדיג זעהר אויפגערעגט.

„איהר האט מיר געשיקט רופען, פאטער?“ האט דער יונגער מענש געפרעגט.

„יא, זעטץ זיך. האסטו ווען געלעזען דיא היסטאָריע פון רוים?“

לאָרים איז זעהר פערוואונדערט געוואָרען איבער דיעזע פראגע.

„איך פערשטעהע ניט וואס איהר מיינט דאמיט.“

„ענטפער אויף מיין פראגע. האסטו גע־לעזען דיא רוימישע געשיכטע?“

„יא.“

„געדענקסטו וואס ברוטוס האט געטהון מיט זיין זוהן, וועלכער האט מורד געווען געגען דיא רעגיערונג?“

לאָרים איז געוואָרען בלייך וויא קאלך

אונד איז ניט אים שטאנדע געוועזן א וואָרט צו רעדען.

„איך זעהע שוין אויף דיין צורה אז דוא ווייסט דיא געשיכטע, וואס פיר א פסק האט ברוטוס ארויסגעגעבען געגענזיין אייגענעם זוהן?"

„ער האט איהם פעראורטהיילט צום טויט" האט לאָריס ציטטערענדיג געענטפערט,

„זעהר ריכטיג. דער פאטער האט דעם אייגענעם זוהן געשיקט אויף דעם בלוטיגען שאפאָט, פיר זיין פערברעכען געגען דאס פאטערלאנד."

„אבער וואס האבען דיעזע זאכען צו טהון מיט מיר?" האט לאָריס פּרובירט זיך פער־טהיידינגען.

גראף דרענטעלל איז קוים אים שטאנדע געוועזן איין צו האלטען זיין ברענענדיגען כעס אונד פּלוצלינג זיך אבשטעללענדיג געגען זיין זוהן אונד איהם מיט פייערדיגע בליקען בעטראכטענדיג האט ער רוהיג געזאגט „עס איז בלויז א קלייניגקייט; איך האב ערפאהרען אז פּאָמעראף איז געשטאָרבען אונשולדיג, אז א שענדליכע באנדע ניהיליסטען האבען געגען איהם א פאליטיש אינטריגע געשפּיעלט. דען נאמען פון דעם אנפיהרער דיעזער חברה קענסטו זעהר גוט אונד איך וועל נאַטירליך טהון מיין פפליכט דיעזען אנפיהרער צו פערמשפט'ען צום טויט."

„פאטער" האט לאָריס געשטאממעלט פאללענדיג אין זיין שטוהל „ערבארעמט אייך אויף מיר, אייער איינציגען קינד."

„ניעדערטרעכטיגער שופט!" האט ענדליך גענעראל דרענטעלל ארויס געפלאצט מיט א דאָננער שטיממע „דוא האסט געהאט שכל גענוג צו בעשווינדלען איין אונשולדיגען מענשען, דאס ער זאָלל אומזיסט געמאָרדעט ווערען אונד יעצט געפינט זיך בייא דיר זאָגאר קיין מוטה אלס מאן צו ערטראגען דיא פערדיענטע שטראפע. פערראכטען קען מען נור זאָ איין עלענדעם בעשעפענים וויא דוא ביסט. אבער האב קיין מורא ניט פערצערטעלטער בן־יחיד'על, דוא וועסט ניט שטארבען; איך האב דיא גאנצע נאכט מיט קיין אויג ניט צו געמאכט; דער קאמפף צווישען פפליכט אונד עהרע האט מיין הערץ צערבראָכען אונד דענאך קען איך בייא זיך ניט פועלען מיין שולדינקייט צו טהון."

„פאטער" האט לאָריס געוויינט בערעקענדיג זיין געזיכט.

„שטילל דוא ניכטס ווירדיגער!" האט דער צאָרנדיגער גענעראל אויס גערופען „מיין ניט אז דיא פאטער ליעבע וואָללט בעזיגט מיין היילינגע פפליכט צו דער רעגירונג; דיינק ניט אז צו ליעב דיר וואָללט איך רעזיקירט צו פערדעקען דיין פערברעכען, אבער דוא טראגסט מיין נאמען אונד איך מוז פערטהיידיגען דיא עהרע פון אונזער פאמיליע, א גראף דרענטעלל זאָלל ניעמאלס בעשטייגען דען שאפפאָט אלס פערברעכער. דארום האב איך דיר יעצט געשיקט רופען פאָלגענדעס צו ערקלערען; איך האב שוין ארויס געגעבען א בעפעהל אז דיין רעגימענט זאָלל אב מארשירען צום טירקישען גרענעץ. מאך זיך באלד רייזע פערטיג; מאָרגען גאנץ פריה וועסטו פערלאָסען קיעוו אונד פאהרסט אב מיט דיין רעגימענט. מיט דיא מוטער וועסטו זיך ביז דאהין ניט זעהען, דען איך וויל מיט איהר ניט האבען קיינע ערקלערונגען איבער דיעזע זאך. בייא דער גרענעץ וועסטו פערבלייבען אזוי לאנג ביז איך וועל עס געפינען פיר נייטהיג אונד אונטערדעססען וועלל איך זיך דא אברעכענען מיט דיין גאנצע חברה, וועלכע איך ווייס שוין אללעמען בייא זייערע נעמען."

„אָה, פאטער!‟ האט לאָריס אין גרעסטען אנגסט אויסגערופען „זייט גענעדיג צו זייא, ערינערט אייך אז נור צו ליעב זייער שולד איז פיר אייך פרייא געוואָרען דיא יעצטיגע שטעללע אין קיעוו.‟

„וויא איך זעהע האסטו שוין יעדעס געפיהל פון עהרע פערלאָרען‟ האט דער פאטער מיט אונוויללען געענטפערט „דו האסט זאָגאר אזוי פיעל קיין שאנדע מיר צו ערינערען, אז איך בין אין דיא גובערנאטאָר׳ס שטעללע אריבער געשריטען איבער דען קערפער פון דעם אונשולדיג ערמאָרדעטען פאָמעראָף. גענוג אלזאָ וועגען דעם, מארש צום גרענעץ! אונד דו זאָללסט זיך ניט אונטערשטעהען מיט דיינע חברים צו זעהען פאר דיין אברייזע, מאָרגען ווען דו וועסט זיין אין וועג וועט מען זייא פיהרען אין געפענגנים.‟

ניעדער־געשלאָגען אונד מיט א בעדריקטען געוויססען האט לאָריס געקוקט זיין פאטערס האנד אונד איז ארויס פון צימער.

אויף מאָרגען גאנץ פריה איז דער זיעבענטער קאָזאקען רעגימענט ארויס געמארשירט פון קיעוו נאך דעם ווייטען גרענעץ; דען זעלבען טאג זיינען פערהאפטעט געווארען צוועלף פערזאָן, אלס ניהיליסטישע פערברעכער, אונד באלד האט מען צוזאממען גערופען א מיליטער־געריכט, געגען וועלכען עס האט נאטירליך קיין פערטהיידיגונג גענוצט. דער פרעזידענט, גענעראל דרענטעלל, האט זעלבסט אויסגעשפראכען זייער דעקרעט אונד צווייא טעג נאכדעם ווארען זייא אין הויף פון טורמע אויפגעהאנגען.

## 23. קאפיטעל.

### לואיזע׳ס פראקטישע עצה.

דיא רעגיערונג׳ס טיראנייא, וועלכע האט ביז דיא לעצטע צייט געשלאפען, איז יעצט אויפגעוואכט געווארען מיט דיא גרעסטע טהעטינקייט. א גרויזאמער דעספאָטיסער שטורם האט געברויזט איבער דאס גאנצע לאנד; דיא פאָליצייא שפיאָנען זיינען געוועזן טאג אונד נאכט בעשעפטיגט אימער מעהר אונד מעהר אָפּפער צו שלעפּפען אונד דיא שרעקליכסטע בלוטיגסטע מערדערייען זיינען אונטער דער מאסקע פון גערעכטיגקייט אב געטהון געווארען. דאס גאנצע פאלק איז אהן א שום קאָנטראָל געוואָרען איבערגעגעבען אין דיא הענד פון דער פאליצייא, וועלכע האט געקענט טהון מיט יעדען איינעם אללעס וואס זיא האט געוואללט. דער קלענסטער חשד, דיא מינדעסטע מסירה איז געוועזן גענוג אום א גאנצע פאמיליע אין טיעפסטען אונגליק, אין יאממערליכסטען עלענד צו שטירצען. איז יעמאנד אויף אירגענד וועלכען ארט אלס פערדעכטיגער בעצייכענט געווארען דאן וואר ער שוין אויף אייביג פערלאָרען. אונטער דיא בעדעקונג פון א שטאָק פינסטערע נאכט וואר זיין הויז גאנץ שטילל אונד געהיים ארומגערינגעלט מיט סאָלדאטען; דיא בעאמטע האבען זיך אריין געבראכען אין וואהנונג אונד דיא שלאפענדע פאמיליע וואר ארויס געריססען פון דיא בעטען פון וועלכע מען האט יעדען איינעם אויגענבליקליך געבונדען אונד איבערגעגעבען צו א סאָלדאט היטען. דאן האט זיך אנגעפאנגען דיא שטרענגסטע אונד פינקטליכסטע אונטערזוכונג אין גאנצען הויז; יעדעס שטיקעל פאפיער, יעדעס בוך, בריעף אונד דער גלייכען זיינען דורך געזעהען אונד גענויא בעטראכט געווארען, אום אירגענד וועלכע מיינונג צו ערקלערען, אירגענד וועלכע שפור פון א שולד אויס צו געפינען. ווען עס איז אבער נאכדעם אללעס קיין שום זאך פון דיזער ארט ענטדעקט געווארען, וואר דער בעשולדיגטער אבגעפיהרט אין א געהיימען געפענגניס, זאָ דאס מען האט שוין ניעמאלס ערפאהרען וואו

ער איז זאַגאר אהין געקוממען. דער טרויריגער
גורל פון אזא געפאנגענעם וואר זעהר פירכ־
טערליך; מאַנאַטען, זאַגאר יאהרען לאנג
פלעגט ער ליעגען אין טורמע איינער אלליין
פערשלאָססען אונד האט אויסער זיין וועכטער
קיין מענשען אין דיא אויגען געזעהן. אָפטמאלס
פלעגט מען זיך ערינערען איהם צום געריכט
צו ברייננגען, וואו מען האט איהם פאָרגעלייגט
ער זאלל זיך מודה זיין. אויב ער האט געענט־
פערט אז ער וויים פון קיין שולד, אָדער פער־
ברעכען, וואר ער צוריק געשיקט אין דען איינ־
זאממען געפענגנים אויף א לאנגע צייט. דער
סוף פון זאָ איין אונגליקליכען געפאנגענעם
איז געוועזן שרעקליך; אויסצעהרונג אָדער
זעלבסטמאָרד האבען איהם ענדליך אוועק גע־
פיהרט פון זיין פינסטערע וועלט, אָדער משוגעת
האט איהם בערויבט דעם בעוואוסטזיין פון
זיין עלענדע לאגע. עס האט פיעלע מאלל פאַ־
סירט דאס ערשט נאך דעם, ווען עס וואר
שוין צו שפעט, האט מען ערפאהרען אז דיע־
זער מאן איז פאללקאָממען אונשולדיג אררע־
טירט געוואָרען.

עס איז דאהער קיין חידוש ניט אז אזעל־
כע מערדערישע טהאטען פון דעם צאר אונד
זיינע מלאכי חבלה, דיא בעאמטע, האט ארויס
גערופען א ליארם אין דער גאנצער מדינה.
דיא מאססע פון אונצופריעדענע האט גע־
שטיגען פון טאג צו טאג; דיא טורמעס זיינען
אימערוועהרענד מעהר אונד מעהר געפאקט
געווארען מיט געפאנגענע אונד דענאך איז
אוממעגליך געוועזן צו פערשטיקען דיא שטיממע
פון דעם פאָלק.

גראף דרענטעלל איז צו דיעזער צייט גע־
וועזן זעהר בעשעפטיגט; אררעסטירען, פערשי־
קען, היגריכטען זיינען געוועזן דיא הויפט אויפ־
גאבען פון זיין פפליכט. דיא ענטדעקונג אז
דיא ניהיליסטישע פראָפאגאנדא האט זיך
געקענט אריין גנב'נען אין זיין אייגענעם פא־
לאַטץ, בייא זיין אייגענע פאמיליע, דער אלל־
געמיינער פאָליטישער טומעל אונד דיא פיעל־
פאכע פערוויקעלטע צושטאנדען, האבען
איהם ערביטערט אונד גרויסע דאגות פער־
שאפט.

א קורצע צייט נאכדעם וויא לאָרים איז
אבגעפאהרען, געפינען מיר דעם גענעראל
דרענטעלל זיטצענדיג בייא זיך אין זאַאל, צו־
זאממען מיט זיין פרויא. אונזער לענגסט בע־
קאנטע לואיזע איז יעצט, אין דיא עלטערע
יאהרען, דיא זעלבע לייכטזיניגע פרויא וויא
זיא וואר דאמאלס. דיא צייט האט איבערי־
גענס אויף איהר א גאנץ וועניגען איינדרוק
געמאכט; זיא איז נאך יעצט אויך אזויא שעהן,
לעבהאַפט, קאפריזנע, גוטהערציג אונד פא־
נאטיש וויא מיר האבען איהר קענען געלערנט
אין שלאסס לובני, מיט 27 יאהר צוריק.

„מיין ארמער דימיטרי!" האט זיא יעצט
אויסגערופען זעהר בעזאָרגט, נאכדעם וויא
דיעזער האט איהר ערצעהלט דיא בענעבענ־
הייטען פון דעם פערגאנגענעם טאג „דוא
שטרענגסט זיך צו פיעל אן. אכטצעהן פערזאָן
פערשיקט אין סיביר אונד צווייא פערמשפט
צום טויט! וויא קענסטו איינער אליין אזויא
פיעל ארבייטען?"

דער גענעראל האט זיך שווער אָבגעזיפצעט.
„איך גלויב" האט לואיזע ווייטער געזאגט
„אז לאָרים וואללט דיר געקענט זעהר פיעל
העלפען, דיינע יעצטיגע שווערע פפליכטען צו
ערפיללען. ווארום רופסטו ניט צוריק אונזער
קינד?"

דרענטעלל'ס געזיכט האט זיך בייא דיעזע
ווערטער וויא מיט א וואָלקען פערפינסטערט.
„לאָרים מוז פאָרקויפיג פערבלייבען דאָרט

ווי ער געפינט זיך" האט ער מיט רוגז זיך אבגערופען „זאלל ער זיך פריהער מיט עט־וואס אויסצייכענען אין מיליטער דיענסט, דאן וועט נאך גענוג צייט זיין איהם א וויכטיגען פאָסטען אן צו טרויען."

„אבער דוא מוזט דאך האבען איין געהילפע, איין ראטהגעבער וואס זאלל דיר פערלייכטערען דיא פראָווינץ צוא רעגיערען."

„יא, דאס איז אמת! אבער וועמען קען איך דאצו בעשטיממען? איבעראלל איז פולל מיט ניהיליסטען אונד בייא דיא יעצטיגע צייט קען מען קיינעם ניט גלויבען."

לואיזע איז א ווייל געזעססען שטילל, זיך וויעגענדיג אין איהר שטוהל, דאן האט זיא מיט א קאפריז זיך אבגערופען „איך וואללט שוין יעצט בעססער געוואונשען צו זיין צוריק אין פעטערבורג, אָדער זאָגאר אין לובני. דוא ווייסט דמיטרי, אז דאָרט אין אונזער שלאָסס האבען מיר פערבראכט איין פיעל רו־היגערען אנגענעהמערען לעבען."

„דארום וואהרשיינליך איז דיר לובני באלד מיאוס געווארען „האט דער גראף מיט שפאָט געענטפערט.

„איך ווייס אליין ניט ווען איך בין צופריע־דען „האט לואיזע דעם אמת געזאגט.

נאך איניגע מינוטען האט לואיזע זיך גע־ווענדט אין איהר שטוהל נאכדענקענדיג, דאן האט זיא פלוצלונג אויסגערופען.

„דוא ווייסט מיין געמאהל וואס מיר איז איין געפאללען פיר א פלאן? שיק נאך פעטערסבורג אז יאָהאן זאלל אהער קוממען; ער וועט דיר זעהר פיעל נוּמיצען ברייננגען."

„איך האב שוין לאנג בעמערקט" האט דרענטעלל מיט צאָרן זיך אבגערופען „אז דיר ליעגט יאָהאן צו פיעל אין זינען אונד עבען דארום האב איך איהם געלאזען פערבלייבען אין פעטערסבורג."

„דוא בהמה!" האט לואיזע לאכענדיג געזאגט „נאטירליך ליעב איך איהם אלס אונ־זער הויזליכען פריינד, אבער ביזט דאך ניט אזויא משוגע אייפערזיכטיג צו זיין אויף א פאָפ."

„ווארום דען ניט? איבערהויפט ווען דיע־זער פאָפ איז יונג אונד שעהן וויא אונזער יאָהאן."

לואיזע האט ארויס געפלאצט מיט א שאללענדען געלעכטער.

„יעצט פערשטעהע איך שוין ווארום דוא האסט אזוי פיעל מיהע אנגעווענדעט איהם צו פערשאפפען דיא שטעללע ביי'ן קריעגס־מיניסטער. דוא האסט איהם ניט געוואללט מיט נעהמען אהער צו ליעב מיר?"

„דעם אמת זאגענדיג, יא. אבוואהל ער איז א פאָפ האב איך געפונען זיין געזעלל־שאפט פיר דיר צו פיעל געפעהרליך, דען איך האב בעטראכט אז איהר לעבט ביידע צו גוט. איך האב דאהער בעשלאָססען אז פיר אונזער הויז פריעדען איז בעססער דאס ער זאלל פער־בלייבען אין דער רעזידענץ."

„אבער דוא שטיק נאר!" האט לואיזע נאך מעהר לאכענדיג אויסגערופען „פון וואנען האבען זיך בייא דיר אזעלכע געדאנקען גענו־מען? יאָהאן האט מיר קיין מאלל אנדערס וויא מיט דען גרעסטען רעספעקט ניט בע־האנדעלט. נאטירליך בעטראכט ער מיר אלס איינע אונוויססענדע פרויא, אבער דענאָך ווייס ער אז איך בין געוועזען זיין וואהלטהעטערין אונד ער פיהלט צו מיר נור דאנקבארקייט."

„יא, אבער דיא פראגע איז וואס דוא פיהלסט צו איהם."

„גלויבסטו אז איך קען פערגעססען פון

וואנען ער שטאממט ארויס? אונד אבוואהל איך מוז בעוואונדערן זיינע הויכע מעלות אונד גלענצענדע בילדונג, גערענק איך דענאך וואר ער איז פון געבורט אונד אויף וואס פיר איין אופן ער איז אין אונזער הויז געקוממען.״

„אלזא בין איך ווירקליך זיכער אז דוא ביזט אין איהם ניט פערליעבט?״

„גענוג שיין ריידען דומהייטען!״ האט לואיזע מיט רוגז אויסגערופען „דוא פערגעסט אז איך בין צווייא מאלל אזויא אלט וויא ער אונד וואללט געקענט זיין זיינע א מוטער.״

„דענאך ביסטו א לייכטזיניגע פרויא אונד ער איז שעהן אונד רייצענד.״

„ניט שעהנער וויא דוא, מיין נארישער געמאהל!״ האט לואיזע אויסגערופען קאקעט־טיש אומארמענדיג אונד קוסענדיג איהר מאן.

גראף דרעגנטעלל האט זיך ענדליך איבער־צייגט אז ער איז ווירקליך אומזיסט חושד זיין לואיזע׳ן; פון איהרע וואהרע אפפענהערציגע ערקלערונג האט ער זיך געפיהלט פאללקאמ־מען בערוהיגט.

„האסטו עטוואס געהערט פון מיניסטער זינט מיר זיינען פון פעטערסבורג אבגעפאה־רען?״ האט לואיזע געפרעגט.

„יא, ער האט מיר שוין איינינע מאלל גע־שריעבען. ער קען זיך אין יעדען בריעף ניט אבלויבען פון אונזער יאהאן, וואס פיר איין ערהאבענער אונד טיכטיגער פערזאן ער איז.״

„איך זאג דיר נאך א מאלל דמיטרי, ער איז דער ווירקליכער מאן וועלכען דוא דארפסט יעצט בייא זיך האבען, ווארט ניט לענגער אונד שיק באלד נאך איהם. ער איז צו אונ־זער הויז אבגעגעבען מיט ליעבע אונד דאנקבאר־קייט, אויף איהם קענסטו זיך פאלקאממען פערלאזען.״

דער גראף האט נאך א מאל שארף בע־טראכט זיין פרויא, אבער דער אמת לאזט זיך דערקענען. דיא רוהע אונד גלייכגילטיגקייט מיט וועלכע זיא האט דיעזע ווערטער געשפרא־כען האבען קלאר בעוויעזען, אז זיין פער־דאכט געגען איהר איז אונבעגרינדעט אונד דער לעצטער שפור פון צווייפעל איז פון זיין געדאנקען פערשוואונדען.

„יא, עס וועט ווירקליך פיללייכט זיין בעססער. ער זאלל קוממען״ האט דרעגנטעלל בייא זיך געדאכט. „נאכדעם וויא איך האב איהם געגעבען דיא געלעגענהייט אזא גלענ־צענדע ערציעהונג צו בעקוממען אונד זא א הויכען צושטאנד צו ערדייכען, וואללט עס ווירקליך געוועזען פון מיין זייט דיא גרעסטע דוממהייט אז איך זאלל זיינע פעהיגקייטען פיר זיך ניט בענוטצען.״

נאך דיעזען ישוב הדעת האט ער צו זיין פרויא זיך אבגערופען „גוט, איך וועלל הייטע אבענד וועגען דעם שרייבען צום מיניסטער.״

## 24. קאפיטעל.

### א פלאן פון א משומד.

אכטאג נאך דען פאריגען געשפרעך איז אין קיעוו אן געקוממען דער פאפ יאהאן. דאס וואר איין יונגער מאן בערך 30 יאהר, הויך געוואקסען, א שלאנקע פיגור, דרייסט אונד ערנסט. זיין שעהנע מאנהאפטע געזיכט האט זיך אויסגעצייכענט מיט איין עכט אידישען אויסדרוק אונד דער לאנגער שווארצער באָרד האט איהם צו געגעבען איינע ערשיינונג פון רייצענדע ערהאבענהייט. זיינע דונקעלע בליט־צענדע אויגען וועלכע ווארען בעשאטענט מיט א טיעפע מעלאנכאלישע רוהע האבען געשיינט מיט פיעל גייסט אונד פערשטאנד. זיין שטאלצע האלטונג, זיין געזעצטער גאנג, זיין דענקענדע מינע אונד זיין גאנצער פערזאן, בעקליידעט מיט דען לאנגען שווארצען פאפישען ראק,

האט אויף יעדען איינעם געמאכט איין רעס־
פעקטפאללען אונד געפעללינגען איינדרוק.
דענאך האבען צוויא בעדייטענדע פעהלערן
פערדארבען זיין זעלטענע שיינהייט. עס וואר
נעמליך בייא איהם אב געריססען דאס אונטערע
טהייל פון רעכטען אויער אונד דיא לינקע
האנד איז געווען אזוי שטייף צוזאממען געצאגען
אין עלענבאגען אז ער האט זיך כמעט מיט
איהר גאר ניט געקענט בענוטצען.

מיר געפינען דיעזען מאן יעצט זיטצענדיג
בייא איינער פערזאממלונג פון דעם גובער־
נאטאר דרענטעל מיט איניגע פון זיינע גרעסטע
ראטהס־הערען.

„עס איז ווירקליך צו בעדויערען" האט
דרענטעל ערקלערט „דאס עס איז ניט מעגליך
אויס צו געפינען ריכטיגע מיטטלען וויא דיא
אלגעמיינע אונצופריעדענהייט פון דעם פאלק
צו שטיללען. ארעסטען, פערשיקען, פער
משפט'ען האט דענאך קיין וואהרען נוטצען
געבראכט. דיא טורמעס זיינען פולל געפאקט
אבוואהל עס ווערען יעדען טאג ארויס גע־
געשיקט מאססענהאפט פערברעכער נאך
סיביר. איבערהויפט היער, אין אונזער פראווינץ,
איז דיא בעוועגונג געגען דער רעגיערונג אזוי
שטארק אונד וויט פערברייטעט, דאס דיא
אויסזיכטען פיר דיא נעכסטע צוקונפט זיינען
זעהר דראהענד."

„איהר עקסעלענץ" האט יאהאן מיט
א טיעפע מעלאדישע שטיממע געזאגט „איך
ערלויב מיר צו ערקלערען דאס מיט אזעלכע
בעהאנדלונגען איז אונמעגליך צו האפפען אויף
גוטעס, דיא בעפעלקערונג ווירד אימימער מעהר
אונד מעהר פערביטערט אונד אויף געבראכט."

„אבער" האט איינער פון דיא ראטהס־
הערען זיך אבגערופען" עס איז דאך אויך
ניט מעגליך צו ערלויבען דיא שולדיגע פער־
זאנען היער פרייא ארום צו געהען, דאס וועט
דאך זיין געפעהרליך פיר דיא רעגיערונג."

„גאנץ ריכטיג" האט יאהאן געענטפערט
„ביז מיר וועללען ניט אבשאפפען דיא אורזאכע
פון זייער אונצופריעדענהייט."

„דיא אורזאכע?" האט דרענטעל מיט
גרויס פערוואונדערונג אויס גערופען „דאס
הייסט זייא געבען דיא פרייהייט וועלכע זייא
פארדערען, גרינדען איינע קאנסטיטוציאנעללע
רעגיערונג אונד ערלויבען נאך אזעלכע טויזענדע
נייעסען?"

„מיר מוזען ניט וויללענדיג מודה זיין,
האט יאהאן גאנץ רוהיג געענטפערט „אז דאס
פאלק האט פאלקאממען רעכט דאס אללעס
צו פערלאנגען. אין אנדערע לענדער געניעסען
דיא בירגער שוין פון לאנג אן נאך גרעסערע
פרייהייטען, וועלכע זיינען נייטהיג פיר דעם
גליק אונד וואהלשטאנד פון יעדער מענשליכער
געזעלשאפט. אבער רוססלאנד איז אין דיעזער
הינזיכט איין אויסנאהמע. דיעזעלבע רעכטען
אונד פרייהייטען וואס פערשאפען איבעראלל
גוטעס, וועללען בייא אונז ברייננגען נור צרות
אונד געפאהרען, דען דאס רוססישע אונגע־
בילדעטע פאלק איז נאך ניט פעהיג זיך דאמיט
צו בענוטצען. דארום ווען איך האב געזאגט
אז מען זאלל אבשאפפען דיא אורזאכע פון
זייער אונצופריעדענהייט, וואר מיין מיינונג
וויט דאפון אז זייער אונצייטיגער פערלאנגען
זאלל ערפיללט ווערען, איך מיין בלויז דיא
זאכע זא איין ווענדונג צו געבען אז מען זאלל
פערשפארען צו שיקען מענשען אין דיא טורמעס
אונד נאך סיביר."

„אבער וויא זאללען מיר דיעזען ציעל
עררייכען?" האט דער גובערנאטאר געפרעגט.

„גאנץ איינפאך. מיר דארפען לענקען דיא
אויפמערקזאמקייט פון דער מאססע אויף

איין גאנץ אנדערען געגענשטאנד; מיר מוזען זייא געבען אזא בעשעפטיגונג בייא וועלכע זייא וועלען פערגעסען זייערע יעצטיגע פראָיעקטען.״

„דאס וואר אויך שוין פרובירט״ האט דער גובערנאטאָר געענטפערט „מיט דיעזער אבזיכט ווארען שוין אייניגע מאהלל אנגעפאנגען מלחמות מיט פערשיעדענע לענדער, אבער דאס אללעס האט צום צוועק ניט געפיהרט.״

„גאנץ נאטירליך; א מלחמה אינטערעסירט ניט דאס גאנצע פאָלק, זאָנדערן א קליינעם טהייל פון איהם; אין מאנכע פעללען קוממט עס אויס גראדע פערקעהרט, אז דיא אונצופריעדענהייט ווירד דאריבער נאך גרעססער. מיר ברויכען איין גאנץ אנדער זאך, מיר מוזען אויף טהון א שטארקע אויפרעגונג, פיר וועלכע יעדער איינער פון אונזערע בירגער זאָלל זיין אבגעגעבען מיט זיין גאנצע זעעלע, אונד נעהמען דארין דען גרעסטען פערזענליכען אינטערעס, דאָן וועט דיא ניהליסטישע בעוועגונג פון זיך אליין בטל ווערען.״

„אין וואס בעשטעהט אייער פראָיעקט?״ האט דער גובערנאטאָר מיט פיעל נייגעריגקייט געפרעגט.

„אין איינע זעהר קלארע בערעכענונג״ האט דער פּאָפּ מיט איבערלעגונג געענטפערט „איך האב שוין דאריבער געשפּראָכען מיט דעם קריעגס־מיניסטער אונד ער איז פון דיעזען פּלאַן העכסטענס צופריעדען. מיר זאָללען הייסען שלאָגען דיא אידען, דיעזע פערדאמטע נאציאָן האט שוין צו לאנג זיך בענוצט מיט פרייהייט אונד רוהע. שוין מעהר אלס צוואנציג יאהר וויא זייא לעבען גאנץ זיכער אונד געניעסען דאס בעסטע פון אונזער לאנד, בעשעפטיגען זיך מיט פערשיעדענע פּראָפעסיאָנען, וואס זיינען זייא נאך דעם געזעטץ פערבאָטען אונד זאממלען אויף רייכטהימער, וועלכע דארפען על פי יושר געהערען נור צו דיא טרייע בירגער. פון אונזער הייליגע קירכע.״ בייא דיעזע ווערטער האט זיך דער פּאָפּ מיט גרויס אכטונג איבער געקרייצט.

דער גובערנאטאָר אונד דיא ראטהס־הערען האבען איהם מיט פיעל בעדייטונג בעטראכט.

„דיא אידען״ האט דער פּאָפּ וויטער געזאגט „האבען בייא אונזערע קריסטליכע בירגער אללע געשעפטען אוועק גענוממען; אבער דאס איז זייא נאך ווייניג געוועזען, אויך דאס גרעסטע טהייל לאנד ליעגט שוין אין זייערע הענד; זייא זיינען אריין געקראָכען אין דיא גרעסטע שטעדט אונד האבען ארויס גע־שטופּט אונזער אייגענעם פאָלק; אין קיעוו אלליין צום ביישפיעל געפינט איהר מעהר אלס צוואנציג טויזענד אידען, פון וועלכע ווייניגע וויא איין העלפט האבען דאס רעכט היער צו וואָהנען. דיא גאנצע טהעטיגקייט פון דיעזער נאציאָן בעשטעהעט איינציג נור דארין דעם ארמען קריסטען אב צו נארען אונד צו בע־רויבען; דער שנאפּס האנדעל גיעבט דעם אידען דיא מעגליכקייט דעם איינפאכען רוס־סישען פויער צו פערשיכור׳ען דען קאָפּף אונד דאס לעצטע ביסעל בלוט פון איהם אויס צו זויגען. דיא אידעשע פרויען געהען ארויס אויס געפוצט אין אטלאס אונד זיידענס, אין דיא טהייערסטע ציערונג אונד קאסטבארע דיאמענ־טען, וועהרענד אונזער ארמעס פאָלק ליידעט ארמוטה, עלענד אונד נויטה, איך פרעג אייך, אדרבה, מיינע הערען, איז דאס אזוי רעכט אז דער פערפלוכטער איד זאָלל געוועלטיגען איבער אונזערע עהרליכע גלויביגע קריסטען? זיינען מיר דען ניט מחויב אן צו ווענדען אללע אונזערע קרעפטען אום דיעזע געפעהרליכע אידעשע ממשלה צו פערניכטען?״

„אייער עהרווירדען“ האט איינער פון דיא ראטהס־הערען געזאגט „זייט וואהרשיינליך ניט קיין גרויסער יודען פריינד.“

„איך האב גענוג אורזאכע זייא צו פער־האססען“ האט דער יונגער פּאַפּ מיט א פינס־טערע מינע געענטפערט „אבער דיא זאך האנדעלט זיך ניט וועגען מיינע פערזענליכע אנזיכטען, איך ערקלער נור וויא דער אמת איז.“

„איהר האט פאָלקאָממען רעכט, יאָהאַן“ האט דער גובערנאטאָר זיך אב גערופען „דיא אידען זיינען איין פערדאממטע בלוט דורסטיגע נאציאָן.“

„אבער איך זעהע נאך ניט איין“ האט איין אנדער ראטהס־הערר איין־געווענדעט „וויא אזוי וועט דיא פערפאָלגונג געגען אידען פער־בעססערען דעם יעצטיגען שלעכטען צושטאנד פון אונזער מדינה?“

„עס וועט יא פערבעססערען“ האט דער פּאַפּ מיט בעשטימטהייט געזאגט „גיעבט נור דער מאססע צו פערזוכען אידעשע בלוט, ער־לויבט זייא נור פון דעם אידען אוועק צו נעהמען דאס וואס ער האט בייא אונז אן גערויבט, ערקלערט דעם פאָלק ער זאָלל פערשטעהען דאס ניט דיא רעגיערונג, נור דער איד איז שולדיג אין אללע זיינע אונגליקען, דאן וועללען זייא פערגעססען אללע נארישע ניהיליסטישע פראָיעקטען אונד דיא אָרדנונג וועט ווידער נעגרינדעט ווערען.“

„דאס איז גאַנץ ריכטיג“ האט דרענטעלל געזאגט אויף־שטעהענדיג „עס איז שוין ווירקליך צייט אז אונזער רעגיערונג זאָלל זיך גוט נעהמען צו דיא אידעשע פראגע אונד נאך זעהען וואס פיר א שאדען זייא ברייננען אין דער מדינה צו דער גאנצער בעפעלקערונג. איך גלויב דענאָך ניט אז דיעזע בעוועגונג זאָלל אויסגעפיהרט ווערען אין איין מאָנאט, אָדער זאגאר אין א יאהר. אונגליקליכער ווייזע איז אונזער עהרליכער פּויער אזוי פערבלענדעט אז ער פערשטעהעט ניט ווער עס בערויבט איהם אונד לעבט מיט דעם אידען גאַנץ פריינדליך; מיר וועללען זעהר פיעל מוזען ארבייטען ביז מיר וועללען עפענען דיא אויגען פון דיעזע ארמע אָפּפער, אום אויף צו וועקען אין זייא דען געפיהל פון האסס אונד נקמה. מען מוז דאהער דאס פאָלק אויפרעגען אונד בעווייזען דאס דער איד זאממעלט אויף גאַנץ לייכט קאפּיטאלען אונד אוצרות וועהרענד זייא אר־בייטען שווער אונד ביטטער; דאס דיא אידען זיינען פולל אין אללע גימנאזיום'ס אונד אוני־ווערסיטעטען אונד אונזערע בירגער פערבלייבען אונוויסענד; דאס דיעזע ניעדערטרעכטיגע בעטרינגער געניעסען פון דאס שעהנסטע אונד בעסטע אין אונזער לאנד אונד ווערען רייך פון אונזער פאָלק'ס דלות.“

„ווען דאס פאָלק וועט אויף־געהעצט זיין דאן קען שוין דער קייזער גאַנץ רוהיג שלאָפען,“ האט יאָהאַן בייא געשטיממט.

„אבער וועט מען אין פּעטערסבורג אונ־זערע פּלאנען אן נעהמען?“ האט א ראטהס־הערר געפרעגט.

„שטערען וועט מען אונז געוויס ניט“ האט דער פּאַפּ פערזיכערט „דער קריעגס מיניסטער איז שוין דאמיט פאָלקאָממען איינ־פערשטאנדען אונד ער וועט אללעס מעגליכע אן ווענדען דיא בעוועגונג געגען אידען אין דיא העכערע קרייזען פון דער רעזידענץ צו פער־בורייטען.“

מיט דיעזען בעשלוס איז דיא פערזאממלונג פאנאנדער געגאנגען. דיא אונגליקליכע אידעשע בעפעלקערונג האט זיך אפילו ניט געחלום'ט וואס פיר א גרויזאמער שווערד עס הייננגט יעצט איבער זייערע קעפּף אונד וואס פיר

א פינסטערע צוקונפט זיא האט פארבערייט דער פלאן פון א משומד.

## 25. קאפיטעל,

### יאהאן דער פאפ.

אין איינעם פון דיא שטרענגסטע אבגע־שלאססענע קלויסטער, פון דיא זאגענאנטע שווארצע פאפעס, אין פאלטאווע, איז דיעזער יאהאן ערצויגען געווארען. זינט ער געדיינקט זיך אלליין פון דיא פריהעסטע יוגענד אן, איז ער איממער געוועזען אין דיעזען קלויסטער, אין דער גטזעללשאפט פון דיא פינסטערע גייסט־ליכע, וועלכע האבען איהם איממער אונד אהן אויפהער געדרומעלט אין קאפף, אז דער רוססיש קאטהאלישער גלויבען איז דער איינ־ציגער דורך וועלכען דער מענש קען גערעטעט ווערען; דאס קריסטוס, דער משיח. איז געקומען דיא וועלט אויס צו לייזען פון איהרע חטאים אונד פון שטן׳ס מאכט, אבער דיא פערדאמטע אידען האבען איהם צו געהרג׳עט, דארום איז יעדער פרוממער קריסט מחויב זייא צו פער־האססען אונד פערפאלגען. עס וואר בענוצט יעדע געלעגענהייט דיעזע פערדארבענע אידעען, דיעזען שרעקליכען גיפט אין יאהאן׳ס יונגען מוח איין צו פלאנצען. מען האט איהם יעדעס מאל געצייגט אויף זיין אב געריססענעם אייער אונד זיין צו געצוינגענע הענטיל מיט דיא פער־זיכערונג, אז דאס האבען אידען איהם גע־מאכט, וועלכע האבען איהם געוואללט ער־מארדען צו ליעב זייערע פאנאטישע אבזיכטען, אונד דאס זייא, דיא קריסטליכע פאפעס, האבען איהם קוים פון דיא אידעשע הענד מציל געוועזן. דער קליינער יאהאן פלעגט בייא דיעזע ערצעהלונגען מיט א קראמפף פון בעס צו־זאממען דריקען זיינע פויסטלאך אונד זיין גע־זיכט פלעגט דאן אטהמען מיט צארן אונד נקמה געגען דיא אונשולדיגע אידען. דיא פאפעס פלעגט עס איממער מאכען דען גרעסטען פערגניגען צו בעטראכטען זיין קינדישע ליידענ־שאפטליכע וואוטה אונד וויא דיעזע געפיהלען ווערען אין איהם איממער מעהר ערוועקט אונד פערשטארקט, דאמיט האבען זייא דען געווינש־טען ציעל פאלקאממען עררייכט; דער יונגער יאהאן איז געוואקסען א צוקאכטער יודען פיינד.

אין זיינע קינדישע יאהרען האט יאהאן אין דיעזען קלויסטער זעהר פיעל צרות געליטען; יעדער פאפ האט זיך מיט איהם געשאפט, אללעמען האט ער געמוזט בעדיענען אונד דאפיר וואר ער פון זייא שלעכט אונד אונ־מענשליך בעהאנדעלט. דיא איינציגע ליכטיגע מאמענטען פון דיעזער לעבענס־צייט ווארען פיר איהם דיא טעג ווען ער פלעגט פערברייינגען אין שלאסס לובני, בייא דעם גראף דרענטעלל, מיט וועלכען ער איז געוועזן א ווייטער קרוב, וויא זייא האבען איהם איין גערעדט. דיא גרעפליכע פאמיליע פלעגט איהם יעדעס מאל עמפפאנגען מיט אויסערליכע הערצליכקייט, זיך נאך פרעגען וועגען זיינע פארשריטע אין לערנען אונד דאן; נאכדעם וויא ער האט א פאאר טעג פערבראכט זיך שפיעללענדיג מיט לאריס׳ען, פלעגט ער צוריק אבגעשיקט ווערען אין דען איינזאממען אומעטיגען קלייסטער.

אלס יאהאן איז עטוואס עלטער געווארען האט זיך דיא בעהאנדלונג געגען איהם צו בע־סערען געענדערט. דער אויבער־פאפ אלעקסייא האט ענדעקט אין דיעזען שטיללען פינסטערען קינד א טיעפען פערשטאנד אונד טיכטיגע פעהיגקייטען. ער איז ערשטוינט געווארען בע־טראכטענדיג מיט וואס פיר א לעבהאפטען חשק דער יונגע איז אב געגעבען פיר דאס לעזען. מיט וואס פיר א ברענענדיגע לוסט ער האט זיך גענוממען צו שטודירען דיא גייסטליכע וויסענשאפט. אללע זיינע קליינע פערדיענסטע

וועלכע ער האט געקענט אבשפּאָרען, זיינען פערוועגדעט געוואָרען צו קויפען ביכער פון דיא נוצליכסטע אונד שעהנסטע ליטעראטור. צו 18 יאהר האט דער יונגער יאָהאַן שוין פאָל־קאָממען ערפאהרען אונד ערלערנט אללעס וואס זיין לעהרער דער אויבער־פּאָפּ האט גע־וואוסט, אונד דיא קענטניס פון דיעזען לעהרער וואר זעהר בעדייטענד, דען דער אלטער אלעקסייא איז געוועזען א הויך געבילדעטער מאן. צו דיעזער צייט האט שוין יאָהאַן פאלשטענדיג אויס געלערענט דיא לאטיינישע אונד דיא דייטשע שפּראַכען, וואר פאָלקאממען אויס געבילדעט אין דיא העבערע גייסטליכע וויסענ־שאפטען אונד זיינע גלענצענדע מעלות האבען ערוועקט דיא בעוואונדערונג פון אללע פּאָפּעס.

„דער יונגער מענש בעזיצט הויכע טאַ־לענטען“ האט דער אויבער־פּאָפּ בייא זיך געדאַכט „מיט דער צייט וועט ער געוויס ווערען א בישאָף.“

דיא רוססישע קירכע איז וויט פערשיעדען פון אללע אנדערע קריסטליכע קירכען. זיא שטעהעט נאך יעצט אויף דערזעלבער שטופּע וויא מיט פיעלע יאהרהונדערטע צוריק; דער אללגעמיינער פארשריט פון דער צייט איז איהר פרעמד געבליעבען אונד דער מענשליכער פאָרשענדער גייסט איז ניט אים שטאנדע גע־וועהן איהר אבגעשלאָססענהייט דורך צו דרינ־גען. דער רוססישער פּאָפּ, וויא געבילדעט ער זאלל זיין, גלויבט באמונה שלימה אין אללע ניסים אונד אללע דוממהייטען וואס ווערען בעהויפּטעט אונד ערצעהלט אין זייערע קלויס־טערליכע ביכער. אנאליזירען, דענקען, בעטראכטען זיינען אזעלכע ווערטער וואס קיינער פון דיא רוססישע גייסטליכע האט נאך ביז יעצט אפילו אין זינען ניט געהאט. דער רוססי־שער שקלאַפּישער כאראקטער צייגט אויך דארין זיין שעדליכען איינפלוס, דאס ברייננגט איהם צו אונבעדינגטע געהאָרזאמקייט אונד דאס שטיקט דען פרייען גייסט פון זיין דענ־קונגס קראַפט.

דער יונגער יאָהאַן, נאכדעם וויא ער האט עררייכט א בעשטיממטען געבילדעטען צו־שטאנד, האט זיך באלד אויסגעצייכענט מיט גאנץ אנדערע געפיהלען. זיין געבאָרענער פרייער גייסט, זיין טהעטיגער פערשטאנד האט ניט געוואָללט אן נעהמען אויפ'ן ווארט אללע בעהויפּטונגען אונד געזעטצען פון זיין אמונה; ער האט באלד אן געפאנגען צו שטרעבען אונד זוכען ערקלערונגען, אום צו פערשטעהען דעם צוועק אונד דיא גרונד אור־זאכע פון אללע רעליגיעזע געבאטען. דיא וואונדערבארע ניסים פון גאטס בן יחיד אונד זיינע היילינע זיינען איהם פאַר געקוממען אלס לעכערליכע לעגענדעס; דיא גאנצע קריסטליכע לעהרע האט ער געמוזט בעטראכטען אלס אונגלאָניש אונד דיא עקרים פון זייער רעליגיאָן, האבען ניט געשטיממט מיט זיין קלאָרען מענשען פערשטאנד, זאָ דאס אין שרעקליכער צווייפעל האט אריין געדרונגען אין זיינע פער־פלאָנטערטע געדאנקען אונד האט זעהר שטארק געפלאגט זיין יונגע זעעלע.

ער האט זיך ענדליך בעשלאָססען מתודה צו זיין בייא זיין לעהרער, דען אויבער־פּאָפּ אלעקסייא, אום זיין געוויססען צו בערוהיגען. דיעזער האט דען יונגען פּאָפּ אויסגעהערט, געמאַכט איין גאנץ ערנסטע מינע אונד גלע־טענדיג זיין גרויען באָרד זיך אבגערופען.

„איך בין אויך אין דיינע יאהרען געוועזען א שטיקעל אפּיקורוס, אבער ענדליך האב איך דעם יצר הרע גובר געוועזען אונד פערטריעבען פון זיך דיא אונריינע געדאנקען. דיא ניסים וואס זיינען בעשריבען אין אונזערע היילינע

ביכער, פון מענשען וואס האבען עס אלליין געזעהען מיט זייערע אויגען, זיינען געוויס אמת, אונד ווען היינט פאססירען ניט אזעלכע איבער נאטירליכע זאכען, איז דאס נאך קיין ראיה אז דיעזע וואונדער האבען דאמאלס ניט געטראפען. אונזער פפליכט איז צו גלויבען וואס דיא אלטע שריפטען ערקלערען, צו קניען נעגען דיא היילינע בילדער אונד בוכשטעבליך צו ערפיללען אללע צערעמאניעס פון אונזער געטליכע רעליגיאן. אין אלגעמיין האט א פאפ קיין רעכט זיך צו בעשעפטיגען מיט פראגען אין דעם וואס איז נוגע דיא אמונה.״

יאהאן האט פרובירט אין שטרענגען אללע זיינע קרעפטען אום צו פאלגען דיעזע עצה פון זיין לעהרער, אבער דער ספק האט זיך ניט געלאזט אזוי לייכט פערטרייבען. גאנצע נעכט פלעגט ער אבזיטצען אין דער איינזאמקייט פון זיין ציממער, נאך דענקענדיג אונד קלערענדיג וועגען דיא ערנסטע פראגען וואס האבען נעגען זיין איינענעם וויללען זיך אריין געגנב׳עט אין זיין טהעטיגען מוח. מען האט איהם פון קינדהייט אויף געלערנט שטרענג צו גלויבען אז נאט איז אראפ געגאנגען פון הימעל אונד זיך געלאזט געבארען ווערען פון א פרויא; אז אפילו דער עהרליכסטער מענש וועט אויף אייביג זיין פערפאללען אין גיהינום אויב ער גלויבט ניט אין דיעזע מעשה, אונד זאגאר דער גרעסטער רשע וועט ערלעזט אונד גערעטעט ווערען נור פיר זיין אמונה אין אזא מין נאט. וויא קען דאס זיין אמת? וויא שטיממט עס מיט דיא אייבינע געטליכע וואהרהייט? וואו איז דער יושר, דיא גערעכטינקייט פון דעם ערהאבענעם וועלט בעשעפער? דאן איז איהם פלוצלינג בעפאללען א גרויזאמער פורכט אונד שרעקען בייא דעם געדאנקען, דאס פיר אזעלכע פראגען וועט זיין ארמע נשמה אויף אייביג ווערען געפייניגט מיט דיא גרעסטע יסורים.

אזעלכע מורא׳דיגע רעיונות האבען גע־מאטערט אונד געפלאגט דיא יונגע זעעלע פון דעם ארמען יאהאן. דאס לעבען אין דעם אומעטיגען קלויסטער איז איהם זעהר איבער־דריסיג געווארען. באלד האט ער זיך איבער־ציינט אז אללע איבעריגע יונגע פאפעס גלויבען אויך גאנץ ווייניג אין דיא פוסטע ניסים, נור זייא קלערען דאריבער ניט אונד ערפיללען זייערע רעליגיעזע פפליכטען אהן א שום בע־רעכענונג, בלויז נאך דער אויסגעלערענטע גע־וואהנהייט. דער אלטער אויבער־פאפ אלעק־סייא האט גוט געזעהן דעם אינערליכען קאמפף וואס שטורמט בייא זיין תלמיד אין הערצען אונד בייא איהם איז געבליעבען אז דער יונגער מענש איז אריין געפאללען אין דיא מאכט פון שטן.

,,ווארף זיך צו דיא פיסס פון דיין ערלעזער, אה דו א אונגלויבינער!״ האט איהם אלעקסייא ערינערט. ,,פאסט, בעט אונד וויין ער זאלל דיר העלפען ארויס צו טרייבען דעם רוח טומאה וואס בעהערשט דיינע געדאנקען. מארטער דיין קערפער כדי דיין נשמה זאלל בעפרייט ווערען פון דעם טייוועלס הענד, וועלכער האט אין דיין הערצען פערפלאנצט דיעזע פאלשע מיינונגען.״

יאהאן האט דאס אללעס געטהון. ער האט געוועללט ווערען איין אמת׳ער בעל־תשובה אונד זיך זעלבסט אזוי פיעל געפייניגט אז זיין גאנצער גוף איז בעדעקט געווארען מיט וואונ־דען. אבער אללעס אומזאנסט! דער שטן האט זיך ניט געלאזט פערטרייבען אונד דיא איינ־מאל אויף געוועקטע פראגען האבען ניט גע־וועלט איין שלאפען.

אויף זא איין אופן האט יאהאן פערבראכט

זיין לעבען אין קלויסטער ביז ער איז אלט געוואָרען 23 יאהר, ענדליך האט ער עס שוין לענגער ניט געקענט ערטראגען.

„איך מוז ארויס געהען אין דיא וועלט, פאטער „האט ער איינמאל געזאגט צו זיין לעהרער אלעקסייא" דער קלויסטער איז פאר מיך צו קליין, צו פיעל אבגעגרענעצט. בעט בייא דעם בישאָף ער זאָלל מיר געבען א שטעללע אלס אויבער־פּאָפּ אירגענד וואו אין איין אָפּפענע קירכע. איך וויל ארבייטען אונד שטרעבען דיא וועלט קענען צו לערנען, העלפען ארמע אונד קראנקע, פילייכט וועט דיא טהעטיגקייט מיר צערשטרייען אונד פעריאָגען דיא שאטענס וואס פערפינסטערען יעצט מיין ארמע זעעלע."

אלעקסייא האט דאצו פון הערצען מיט געשטיממט. אבוואָהל ער האט דען יונגען יאָהאן געליעבט אלס זיין בעסטען שיללער, אבער ער אלליין האט געמוזט צו געבען אז דער פערשלאָססענער קלויסטער־לעבען איז פיר איהם געפעהרליך אונד זיין ביישפיעל קען אויך ברייגנען שאדען דיא אנדערע יונגע פּאָפּעס. נאך איינער קורצען אונטעררעדונג מיט דעם בישאָף האט יאָהאן בעקוממען דיא פערלאנגטע שטעללע.

א נייעס לעבען פון ארבייט אונד טהאט האט זיך יעצט פיר דען יונגען מאן אנגעפאנ־גען. ער איז יעצט דען ערסטען מאל אין דיא וועלט ארויס מיט דעם גלויבען אז היער אין דרויסען איז פיעל שעהנער אונד ליכטיגער וויא אין דען איינזאמען פערשלאָססענעם קלויסטער; אבער באלד האט זיך יאָהאן ארום געזעהען וויא גרויס זיין טעות איז; באלד האט ער זיך איבערצייגט אז זיינע נייע חברים, דיא וועלט־ליכע פּאָפּעס, זיינען נאך פיעל גרעבער אונד אונוויסענדער וויא דיא גייסטליכע פון קלויס־טער; דאס זייער מאָראל אין אין גאנצען פער־דאָרבען אונד דאס גרעסטענטהיילס זיינען זייא דיא ערגסטע קלאססע ברואים פון דער גאנצער מענשליכער געזעללשאפט. קנאה, שנאה, פאנאטיזם, ניעדערטרעכטיגקייט אונד עפענט־ליכער סקאנדאל זיינען דיא הויפט מידות מיט וועלכע דיעזע זאָגענאנטע פאָלקס־לעהרער צייכענען זיך אויס אונד דאפיר זיינען זייא אויך זאָגאר בייא דעם פּראָסטען המון פער־אכטעט אונד פערשפּאָטעט, דען באמת וואס פיר א רעספּעקט קען א פאָלק האבען צו אזעלכע גייסטליכע פון וועלכע איינער האט געגנב'עט געלט בייא איין גוסס פון צו קאָפּפען; נאך איינעם האט מען ארויס געוואָרפען פון איין עפענטליכע הויז; א דריטער האט שיכורער הייט אב געטויפט א הונד, אין איין אנדער שטעללע האבען זיך צווייא פּאָפּעס געשלעפּט פיר דיא האאר אויפ'ן אלטאר, וועהרענד דאס גאנצע פּובליקום איז געשטאנען ביין געבעט.

יאָהאן'ס הערץ האט זעהר וועהגעטהון זעהענדיג דיא אללע מעשים תעתועים. דיא וואהרהייט נאך וועלכע ער האט געשטרעבט אונד געזוכט איז נירגענדס געווען צו געפינען; זאָגאר דיא יעניגע גייסטליכע וואס זיינען גע־ווען עטוואס בעססער געבילדעט אונד אנ־שטענדיגער וויא אללע אנדערע האבען אויך ניעמאלס נאך געדענקט וועגען זייער גלויבען, דענאך האט דער יונגער אויבער־פּאָפּ געזעהען וויא ווייט מעגליך איז אין דיא קירכען פון זיין דיסטריקט איין שעהנערען אָרדנונג איין צו פיהרען אונד אללע מיטטלען אָן געווענדעט דאס דיא גייסטליכע, וואס זיינען געשטאנען אונטער איהם זאָללען זיך אויס צייכענען מיט בעססערע מידות אונד מיט מענשליכערע אויפפיהרונג.

אזוי זיינען איינינע יאהר פערפלאססען.

די פריינדשאפט צווישען דעם יונגען איבער־פאפ אונד דעם גראף דרענטעלל האט זיך אימער מעהר פערשטארקט, דען יאהאן איז באלד בעריהמט געווארען אין דיא העכערע קרייזען אלס איין יונגער מאן וואס בעזיצט גרויס בילדונג אונד דיא שעהנסטע זיטטען, זא דאס דער אלטער אריסטאקראט איז מיט איהם זייער שטאלץ געוועזן. יאהאן פלעגט אויך יעצט וויא אין דיא יאהרען פון פון זיין קינדהייט אפט קוממען נאך דעם גרעפליכען שלאסס לובני, וואו מען האט איהם יעדעס מאל מיט הערצליכע פריידע אן גענוממען, דען דער יונגער־פאפ האט אויך אין דיא וויססענשאפט פון לאנד ארבייט גרויסע קענטניס געהאט אונד ער פלעגט בייא זיין יעדען בעזוך דעם גראף פיעל נוטצען בריינגען מיט זיינע פאר־טרעפליכע עצות. מיט דעם יונגען גראף לאריס האט יאהאן ניעמאלס געקענט שטיממען. דער לייכטזיניגער פערצערטעלטער בן־יחיד האט בייא דעם ערנסטען געזעצטען יאהאן קיין שום ווערטה ניט געקענט האבען אונד ער האט איהם אנדערס וויא מיט אינערליכע פעראכ־טונג ניט געקענט בעטראכטען. דענאך האט ער זיך וויא פיעל מעגליך געשטארקט קיינע עפענטליכע פיינדשאפט מיט איהם צו פיהרען, דען ער האט געשעהנט דיא גרעפליכע פאמיליע, וועלכע ווארען בייא איהם פערעכענט אלס זיינע איינציגע קרובים אונד וואהרע וואהל־טהעטער. באלד נאכדעם האט איהם גענעראל דרענטעל פערשאפט איינע הויכע שטעללע בייא'ן קריעגס מיניסטער, אונד יאהאן האט זיך געפיהלט גליקליך אז ער איז ענדליך לויז געווא־רען פון זיין קירכען לעבען אונד פון דיא פאפעס.

## 26 קאפיטעל.

### קאטהענקא.

דיא שטודיר צימער פון דעם יעצטיגען קיעווער רב, ר' מענדעל ווינענקי, איז געוועזן איין וואהרער טעמפעל פון למדות, וועלטליכע בילדונג, חכמה אונד וויססענשאפט. אין דיעזען קאבינעט האט מען געקענט געפינען ספרים אונד ביכער וועגען דיא פערשיעדענסטע אונד וויכטיגסטע געגענשטאנדען. אין דענזעל־בען אלמער זיינען געשטאנען צוזאממען ספרים פון דיא העכסטע תלמודישע ליטעראטור מיט ווערקע פון דיא גרעסטע געלעהרטע איבער מעדיצין, יוריספרודענץ אונד פילאזאפיע. אויף דעם זעלבען ארבייט'ס טיש איז געלעגען דער שולחן ערוך אונד קאנט'ס „קריטיק דער ריינען פערנונפט" אונד. אין אללגעמיין איז געוועזן צו זעהען דאס דער מאן וועלכער בעשעפטיגט זיך אין דיעזען קאבינעט פעראייניגט אין זיך תורה מיט חכמה, אונד דאס ער איז איינער פון דיא יעניגע זעלטענע רבנים וועלכע האבען געדיענט אלס ציערונג פיר זייער נאציאן.

עס וואר א מאל א צייט ווען דער פינס־טערסטער אונד שטרענגסטער פאנאטיזם האט געהערשט אין דיא גרעסטע אידעשע קהילות, דאמאלס האט מען פערדאממט אונד אריין געלעגט אין חרם יעדען אידען ווען ער זאלל זיך ערלויבען צו לערנען עטוואס פון דיא גוי'שע ביכער. דער רב האט יעצט מיט א שמייכעל פון פערגניגען ערינערט זיינע יונגע יאהרען, ווען ער איז געצוואונגען געוועזן זיך צו בעהאל־טען בחדרי חדרים אום נור צו לערנען לעזען א פרעמדע שפראכע; וויא פיעל צרות ער איז נאכהער אויסגעשטאנען פון דעם אונוויססענ־דען המון, פיר זיינע בעשטרעבונגען איין צו פיהרען בייא אידען וועלטליכע בילדונג. נאך יעצט האבען זיך געפונען אין קיעוו א גרויסע טהייל אידען בייא וועלכע דער רב איז געוועזן פעררעכענט אלס אפיקורוס; אבער מענדעל'ס גוטע טהאטען וואס ער האט פיר זיינע ברידער

געליסטעט אונד דער ליכטיגער גייסט דער
נייערער צייט האבען ענדליך בעזיעגט דאס
פינסטערנים אונד יעצט האט זיך שוין פיעלעס
צום בעססערען געענדערט. דאס גרעסטע
טהייל פון דיא אידעשע יוגענד איז געוועזן אב
געגעבען פיר בילדונג אונד פיעלע פון זייא
האבען זיך ערצאָגען אין דיא גימנאזיומס אונד
אוניווערזיטעטען.

אונזער אלט בעקאנטער רב זיצט אין זיין
קאבינעט אונד נעבען איהם זיין פרויא אונד
זיין טאכטער קאטהענקא, א היבשעס בליהענ־
דעס מעדכען פון 18 יאהר. פון דער צייט אן
זינט מיר האבען זייא פערלאססען האט זיך
שוין פיעלעס געענדערט; מענדעל איז יעצט
א מאן פון איבער פערציג יאהר, אין דיא
פאָללסטע קראפט פון מענליכען אויסזעהען;
אויך דיא אמאָליגע יונגע רחל איז שוין יעצט
איינע בעיאהרענטע פרויא, דענאך האט דיא
צייט גאנץ וועניג פון איהר שיינהייט געראובט
אונד ניעמאנד וואָללט געקענט גלייבען אז זיא
איז דיא מוטטער פון דאס יונגע מעדכען וואס
זיצט בייא איהר זייט.

קטהענקא איז געוועזן איינע וואהרע שיינ־
הייט אין פאָללען זינן דעם וואָרט'ס; אין איהר
מינע האט זיך אבגעשפיעגעלט דיא ערהאַ־
בענע בעפעהלענדע ערשיינונג פון איהר
פאטער אונד אויך דיא ליעבליכקייט אונד
צערטליכקייט פון איהר מוטער, איהר גלענ־
צענדעס וועזען האט פעראייניגט אין זיך
מעדכענהאפטע זאנפטמוטה מיט ערעלען
שטאָלץ, זאָ דאס זיא וואר רעספעקטירט אונד
געליעבט פון יעדען איינעם ווער עס האט איהר
נור געקענט. אבער נאך שעהנער וויא דיעזער
אויסערליכער חן זיינען געוועזן איהרע גייסטיגע
מעלות; פון איהרע דונקעלע אויגען האט געד־
שיינט א גייסט פון געבאָרענע קלוגהייט אונד
ריינהייט דעם הערצענס, אונד דיא גרויסאר־
טיגע בילדונג וועלכע זיא האט גענאָססען, האט
זיך געצייגט מיט א בעזאָנדערען צויבערקראפט
אין אללע איהרע בעוועגונגען, האנדלונגען
אונד טהאטען.

מענדעל האט אויף געהייבען זיינע אויגען
פון שרייבען אונד מיט א בליק פון צערטליכ־
קייט בעטראַכט זיין בת־יחידה, וועלכע איז
געזעססען ביי'ן פענסטער אונד גענעהעט, דאן
האט ער זיך געווענדעט צו זיין פרויא מיט
דער פראגע „רחל, האסטו איבער גערעדט
מיט קאטהענקא וועגען דעם יונגען גאלדהיים?“

„ניין, מיין מאן“ האט רחל געענטפערט
„איך גלויב עס איז בעססער אז דוא אלליין
זאללסט איהר דאס פארשטעללען.“

„קורץ אלזאָ“ האט מענדעל געזאגט צו
זיין טאכטער, וועלכע האט יעצט איהרע עלטערן
מיט פערוואונדערונג בעטראכטעט, „בייא
מיר איז שוין אייניגע מאל געוועזן ר' וואָלף
דער שדכן, אים נאמען פון אונזער בעוואוסטען
באנקיער גאלדהיים, וועלכער שלאגט אונז
פאָר זיין זוהן סאמואיל אלס חתן פיר דיר. איך
האב איהם געענטפערט אז איך וויים ניט אויב
דוא וועסט איין שטיממען.“

איינע צערטליכע רויטקייט האט זיך אויס
גענאָססען איבער קאטהענקא'ס שעהנעם געזיכט.

„דוא האסט ריכטיג געאורטהיילט,
פאטער“ האט זיא שטילל געענטפערט.

„אבער, מיין ליעבעס קינד, ווארום
וויללסטו ענטזאגען סאמואיל גאלדהיים? ער
איז א שעהנער יונגער מאן, רייך אונד פון איין
אנשטענדיגע פאמיליע, איך גלויב אז קיין
בעססערע פארטיע קענסטו זיך גאר ניט ווינשען.“

„ליעבער, גוטער פאטער“ האט קאטה־
ענקא אויס גערופען איהם פאללענדיג אויפ'ן
האלז קוססען „איך בין זיכער אז דוא וועסט

מיר ניט צווינגען צו טהון אזא שריט וועלכער וועט מיין גאנצעס לעבען פעראונגליקען. דוא האסט מיר וויא פיעל מאל אלליין ערצעהלט אויף וואס פיר איין אופן דוא ביסט מיט דיא מאמא בעקאנט געווארען, וואס פיר איין ריינע ליעבע עס האט אייך ביידען בעגייסטערט. וויא אייערע הערצער זיינען געוועזן געניגט איינער צום אנדערען. דאס איז נאך מיין מיינונג דיא וואהרע אידעאלע פערבינדונג, וועלכע קען צוויא מענשען אויף דען גאנצען לעבען בעגליקען. אבער דאס אין אזא היילינע זאך זאללען זיך אריין מישען דריטטע פערזאָנען, שדכנים, וועלכע האבען דארין קיין אנדער אינטערעס אויסער זייער פערדיענסט, איז אין דער טהאט זעהר אבשייליך.״

„דוא האסט פאָלקאָממען רעכט מיין ליעבעס קינד, אונד איך וועלל נאטירליך ניעמאלס דיר צווינגען צו הייראטהען א פערזאָן צו וועלכען דוא פיהלסט אין דיין הערצען קיין וואהרע ליעבע, אבער דענאך מוז איך דיר ערקלערען, דאס דיא שדכנות׳ע טהעטיגקייט איז ניט איממער אזוי אוננוטצליך וויא דוא מיינסט. בעקאנטשאפט צווישען יונגע לייטע אונד ליעבע איז נור א צופאלל, אויף וועלכען עס קען אויס קוממען מאנכעס מאל לאנג צו ווארטען, דארום איז דיא פערמיטטלונג פון א שדכן, וואס ברייננט צוזאממען דיא קינפטיגע פאאר גרעססטענטהיילס זעהר נייטהיג.״

„אבער זאָ איינע פעראייניגונג, בייא וועלכע דאס הערץ בלייבט קאלט, מוז דאך זעהר טרויריג זיין.״

„יא, מיין טאכטער, דא איז אפילו אמת, אבער אויך איז דיעזער הינזיכט מאכען מיר אידען איינע אויסנאהמע. גליקליכערווייזע האסט דיין יוגענד פערלעבט אין א ליכטיגערע צייט אונד דוא האסט קיין בעגריף ניט וועגען דיא מערדערליכע פערפאָלגונגען; אונד דיא פינסטערע גזרות וואס אונזער ארמעס פאָלק איז אויס געשטאנען, אונד איבער אזעלכע צרות האט דער איד קיין מאל ניט געהאט צייט צו דענקען וועגען לוסט אונד ליעבע, וועלכע עס ווירד אזוי שעהן געשילדערט אין דיא נייעסטע ראָמאנען. אבער האט מענדעל ווייטער געזאגט בעטראכטענדיג זיין טאָכטער גאנץ אויפמערקזאם״ „פיללייכט גיעבט עס איין אנדערע אורזאכע ווארום דוא ענטזאגסט גאָלדהיים׳ען ?״

קאטהענקא איז זעהר רויטה געוואָרען אונד געווענדעט אויף איהר מוטטער איין ביטטענדען בליק.

„שעהם זיך ניט, קינד״ האט רחל זיך אבגערופען „ערקלער דעם פאטער אללעס, ער האט רעכט דאס צו וויססען.״

קאטהענקא האט דענאך זיך ניט געקענט בעשליעסען אויס צו שפרעכען.

„נוא, זאג שוין, מיין טאכטער, ווער האט דיין הערצעל אוועק געגנב׳עט ?״ האט מענדעל געפרעגט מיט א שמייכעל, גלעטענדיג איהרע האאר.

„פאטער, איך ליעבע יאָזעף קיערסאָן.״ האט דאס מערכען ענדליך געענטפערט, בעהאלטענדיג איהר טיעף רויטהעס געזיכט בייא זיין ברוסט.

„וואס? יאָזעף׳ן? מיין געוועזענעם שיללער?״ האט דיעזער מיט פערוואונדערונג געפרעגט „ווירקליך איך האב געדארפט זיין בלינד דאס ניט צו בעמערקען. אבער ליעבט ער אויך דיר?״

„איך מיין אזוי״ האט קאטהענקא מיט א מוטהוויללינען שמייכעל געענטפערט.

„אבער יאָזעף איז ארם אונד האט נאך דערווייל קיין פראָפעססיאָן. ער איז פאָרלויפיג נור א סטודענט אין אוניווערזיטעט.״

„דאפיר האט ער אבער איין גלענצענדען פערשטאנד" האט קאטהענקא מיט שמאָלץ געענטפערט „דוא האסט פיעל מאל אליין בעהויפטעט אז יאָזעף וועט מיט דער צייט ווערען בעריהמט, דאס נור דער יעניגער וועך עס שטיינט דורך איינענע פערזענליכע מעלות איז ווערטה אלס איין מענש בעטראַכטעט צו ווערען אונד דאס נעמליך איז יאָזעף."

„וויא לאנג זייט איהר שויןביידע איין פערשטאַנדען?" האט דער פאטער נעפרעגט.

„מיר האבען זיך נאך אלס קינדער גערן געהאט אונד א קורצע צייט צוריק האט יאָזעף מיר זיין ליעבע ערקלערט."

„האסטו פערשפראָכען מיט איהם צו הייראַטהען?"

„אָה ניין, פאטער, גלויבסטו אז איך וואָללט דאס נעטהון אָן דיין צושטיממונג? ער האט מיר נור אזוי פיעל נעזאגט, דאס ער בעדויערט זיין יעצטיגען ארמען צושטאנד אונד דאס ער וועט אן ווענדען אללע קרעפטען צו ווערען א בעריהמטער דאקטאר, אום דאן מיין האנד ווירדיג צו זיין."

„יא, דאס איז שוין דייטליך גענוג. אונד וואס האסטו דארויף נעאנטוואָרט?"

„איך האב איהם צו נערעדט מוטהיג צו שטרעבען צו זיין הויכען ציעל אונד האב איהם פערשפראָכען צו ווארטען ביז ער וועט עס ערדייכען.

„יעצט פערשטעהע איך ווארום ער האט מיר נעבעטען צו פויעל'ען בייא זיינע עלטערען אז זייא זאָללען איהם ערלויבען צו שטודירען, אונד ווארום דוא ביסט דאן אזוי פרעהליך געוועזען ווען מען האט איהם אין אוניווערסיטעט אן נענומען. אבער ווייסטו מיין קינד דאס ביז ער וועט ענדיגען דעם קורס, אונד בעקומען א דאָקטאָר דיפּלאָם, וועט דויערן בערך זעכס יאהר?"

„דאס ווייס איך" האט קאטהענקא געענטפערט.

„אונד דאן מוז עס נאך א בעשטיממטע צייט נעהמען איידער ער וועט זיך ערווערבען פּראַקטיק, וועלכע זאָלל איהם געבען מיטטלען א פרויא אנשטענדיג צו ערנעהרען."

„אויך דאס ווייס איך אונד איך וועלל וואַרטען" האט קאטהענקא מיט בעשטיממט־הייט געזאגט.

„גוט, דוא ביסט א בראוועס מעדכען. זאָלל נור יאָזעף אימֶמער דיר ווערטה זיין."

„אזוי לאנג מוז עס דויערען?" האט דיא מוטטער מיט א צווייפעל געזאגט „דוא ווייסט קאטהענקא אז דאן וועסטו שוין זיין אלט 24 יאהר אונד וועסט מוזען הייראַטהען איין ארמען דאָקטאָר, בעדענק זיך בעססער איידער דוא ענטזאגסט דען רייכען גאדלהיים."

„דאס קיממערט מיך גאנץ ווענינ, „מוטער" האט קאטהענקא געענטפערט „דוא האסט דען פאטער אויך געהייראטה נור פון ליעבע."

„יא," האט מענדעל געזאגט „איך בין דאמאלס געוועזען נור איין ארמער תלמודיסט. איך בין זיכער אז יאָזעף וועט האבען דען גלענ־צענדסטען ערפאָלג, דאצו בעזיצט ער הויכע טאלענטען."

„ביסטו אלזא צופריעדען, פאטער?" האט קאטהענקא נעפרעגט איהם אומאַרמענדיג מיט גרויס שמחה.

„יא, מיין קינד, זאָלל אייך גאָטט געבען דען בעסטען גליק."

## 27 קאַפּיטעל.

פערגאנגענע אונד קינפטיגע צרות.

יאָזעף קיערסאָן איז געוועזען א שלאנקער יונגער מענש פון 22 יאהר. זיין געזיכט וואר ניט בעזאנדערס שעהן אבער דענאך האט ער

זיך ערוואָרבען דיא ליעבע פון דיא גלענצענדע קאטהענקא, דורך זיינע אונגעוועהנליכע פעהיג־קייטען, שטארקען ענטשלאָססענעם מוטה אונד אָרענטליכען האראקטער, זיין פאטער איז געווען איין ארמער בוטשער, וועלכער האט געמוזט טיכטיג ארבייטען אום זיין צאהלרייכע פאמיליע צו ערנעהרען. יאָזעף האט ביז ניט לאנג צוריק געהאלפען אין זיין פאטער׳ס גע־שעפט, אבער זיין געבאָרענער פערשטאנד אונד דער חשק צום לערנען האט איהם גע־טריעבען איינע בעססערע שטופפע צו עררייכען, אלס א בוטשער געהילפע צו זיין. ער האט באלד איין געזעהען דאס איין גוטער אידעשער דאָקטאָר קען ברייננען פיעל נוטצען פיר זיך אונד דיא וועלט, דארום האט ער בעשלאָססען אללע זיינע קרעפטען אן צו ווענדען אום דיא מעדיצינישע וויססענשאפט צו שטודירען. דיא ליעבע צו דיא שעהנע קאטהענקא האט נאך מעהר אויף איהם געווירקט דיעזען ציעל צו עררייכען, אום ווירדיג צו זיין מיט דער צייט איהר האנד צו ערהאלטען.

זיין פאטער, דער אלטער יאנקעל קיערסאָן, האט אנפאנגס פון דעם זוהנ׳ס פראָיעקטען ווענען שטודירען ניט געוואָללט זעהען אונד הערען. אויסערדעם וואס ער האט יאָזעפ׳ן געדארפט האבען אין געשעפט, אום איין ארבייטער צו פערשפארען, וואר איהם דער געדאנקען פון דיא היינט מאָדישע גוי׳שע בילדונג זעהר פערהאסט. אבער דא האט זיך אריין געשטעקט דער רב, מענדעל ווינענקי, וועל־כער האט מיט זיין גאנצע רעדענסקראפט דעם אלטען איבערציינט, אז ער האט קיין רעכט צו ליעב אזעלכע איינגעננוטציגע אונד פאנא־טישע אורזאכען זיין זוהן צו פערהונגליקען; דאס יאָזעף בעזיצט דיא בעסטע פעהיגקייטען אום דיא גלענצענדע לאגע פון א אידעשען געלעהרטען דאָקטאָר צו עררייכען אונד דארום איזער, דער אלטער פערפפליכטעט מיט אללע זיינע מעגליכקייטען איהם דארין בעהילפיג צו זיין. דער פאטער האט ענדליך געמוזט נאך געבען; יאָזעף האט דען עקזאמען גוט אויס געהאלטען אונד דורך דעם רב׳ס רעקאָמענ־דאציאָן, וועלכע האט נאך יעצט בייא דער קריסטליכען וועלט אין קיעוו איינע גרויסע בעדייטונג געהאט, איז דער יונגער מענש אין אוניווערזיטעט אן גענוממען געווארען.

עס וואר פרייטאג אבענד. אין דרויסען איז געווען זעהר קאלט. א גרויזאמער שטורם ווינד האט געיאָגט דען געדריכטען שנעע אונד טרויריג געברויזט אין אללע שטראססען. אבער אין דיא אידעשע הייזער האט איבעראלל גע־הערשט פריעדען אונד פערגניגען, יעדע אידעשע פאמיליע האט גענאָססען דיא שטיללע רוהע פון דעם טאג שבת, וועלכע ווירד אימטער בעגעגנעט מיט ליעבע אונד פרייד.

אויך בייא דעם רב אין הויז הערשט הייטע איינע בעזאָנדערע שמחה. דיעזער שבת וואר נעמליך דער ערסטער נאך דעם וויא בייא קאטהענקא מיט יאָזעפען איז געווען תנאים. הייטע האבען זיך היער פערזאממעלט א געזעלשאפט פון אייגענע מענשען, זייערע נאָהענסטע קרובים, אום דיעזע שמחה אין פאמיליען קרייז צו פייערען. דיא גאנצע שטאדט האט זיך געוואונדערט אז קאטהענקא, וואס האט געקענט בעקוממען דען רייכסטען חתן, האט זיך דענאך אויס געקליעבען דען ארמען יאָזעף, אבער מען האט נור יעצט געדארפט בעטראכטען דעם גליק וואס האט זיך אבגע־שפיעגעלט אויף דיא געזיכטער פון דיא צווייא יונגע מענשען אום צו זעהען דאס זייער ליעבע וואר בייא זייא טהייערער וויא אללע אוצרות אין דער וועלט.

דאס הויז איז געווען א ליעב דיעזען פרעה־ליכען צופאלל זעהר שעהן אויף געפוצט; דער טיש געגרייט מיט פראכטפאללע געשירר אונד דיא בעסטע געטרענקע אונד שפייזען. דיא געסט ווארען מענדעלס פאטער אונד מוטער, הירש בדזאב מיט זיין פרויא מרים, וועלכע זיינען שוין יעצט בעיאהרענטע לייטע, אבער דענאך קרעפטיג אונד טהעטיג, אונד דעם חתן'ס העכסט צופריעדענע עלטערן.

אין דעם לעבהאפטען פרעהליכען געשפרעך וואס איז ביי'ן טיש געפיהרט געווארען האט זיך דענאך אריין געמישט איין מעלאנכאלישער אונמוטיגער טאן, וויא דער יעניגער רייזענדער וואס איז אויס געשטאנען פיעלע טרויריגע סיבות אין א לאנגע מיהעפאללע וועג ערינערט מיט פריידען דיא שרעקליכע בעגעבענהייטען ווען ער עררייכט זיין פריעדליכע הײמאטה, זא האבען אויך יעצט דיא עלטערע מענשען בעטראכטעט זייערע לענגסט פערגאנגענע צרות, וואס זייא האבען א מאל אויס געליטען. דער אלטער מרדכי ווינענקי האט ערצעהלט וויא גראדע אין אזא פינסטערען פרייטאג אבענד האט מען בייא איהם אוועק גערויבט אויף דען גרויזאמסטען ארט זיינע ביידע קינדער. וויא ארעם אונד עלענד ער האט נאכהער איינינע יאהר זיין לעבען פערבראכט, אונד דאן איז ער ווידער אין איין אנדער פרייטאג נאך האלבע נאכט געצוואונגען געווען פון זיין הויז נאקעט אונד הייל צו ענטלויפען, אום זיין לעבען אונד זיין ווייב'ס עהרע פון דיא ווילדע סאלדאטען צו רעטטען. אויך דער אלטער קיערסאן האט געהאט צו ערצעהלען פון דיא גזרות וואס זייא האבען איבער גע־טראגען וועהרענד ניקאליי'ס פירכטערליכע רעגיערונג, אונד הערענדיג אזעלכע געשיכטעס האט יעדער געדאנקט גאט דאס דיעזע גרויזאממע צייטען זיינען שוין אויף אימער פערשוואונדען, אונד דער ארמער געפלאגטער איד האט ענדליך בעקוממען דיא מעגליכקייט עטוואס פרייער אויף צו אטהמען. אויך דער רב האט יעצט ערינערט דיא וואונדערליכע בעגעבענהייטען פון זיינע קינדישע יאהרען, דיא רייזע וואס ער איז געצוואונגען געווען צו מאכען אלס רעקרוט פון טאגאראג נאך חאר־קאוו, וויא ער איז דאן מיט זיין קליינעם ברודער יאנקעלע פון דיא סאלדאטען ענטלאפען, וואס פיר שרעקענעס זייא זיינען אין וועג אויס גע־שטאנען, ביז דען מאמענט ווען יאנקעלע איז פערשוואונדען געווארען.

„מיין ארמעס קינד" האט דיא אלטע לאה מיט טרערען אין דיא אויגען זיך אב גע־זיפצעט „פון יענער צייט אן איז ער וויא אין וואססער אריין אונד מיר האבען ניעמאלס פון איהם געהערט. געוויס איז ער אריין געפאללען אין דיא הענד פון דיא קאזאקען אונד איז אום געקוממען פון זייערע גרויזאמע בעהאנדלונגען."

„יא, ער איז שוין וואהרשיינליך לאנג טויט א ליכטיגען גן־עדן זאלל ער האבען" האט דער רב צוגעגעבען.

אין אזעלכע ביטער־זיססע ערינערונגען האבען זיך דיא פאמיליע פערבראכט אין זייער פריעדליכע פערזאממלונג. בלויז דיא יעצטיגע ליכטיגערע צייט האט דיא שמערצען פון זייער טרויעריגע פערגאנגענהייט עטוואס געלינדערט. אבער וועט דיעזע בעססערע צייט לאנג דויערען? וועט דער גובערנאטאר דרענטעלל אויך זיין אזוי גיטיג אונד פריינדליך צו דיא אידען וויא דער פאריגער גענעראל פאמעראף? פארלויפיג קענען זיא זיך טרייסטען דאמיט, אז דער נייער הערשער האט, וועהרענד דען גאנצען יאהר וואס ער איז שוין אין קיעוו, קיינע פיינדליכע געזעטצען געגען אידען ארויס געגעבען אונד

קיינע פרייהייטען פון זייא אוועק גענוממען.

,,זאָלל נור גאט געבען ווייטער ניט ערגער״ האט זיך דער רב אבגערופען ,,אונזערע אידען זיינען וועהרענד דיא לעצטע צוואנציג יאהר געשטויגען אויף א העכערען גראד, אין געזעללשאפטליכען אונד מאָראלישען לעבען, אונד אויב עס זאָלל ווייטער אזוי געהען וויא ביז יעצט, קענען מיר האפפען אין דער נעכסטער צוקונפט איינע ערהאַבענע שטופפע צו עררייכען.״

אין דעם גרויסארטיגען גובערנאטאָר׳ס פּלאטץ איז דיעזען אבענד אויך געווען א פערזאממלונג פון איין אנדער ארט. דאס ליכט פון טויזענדע לאמפען האט געפלאממט אין אללע פענסטער אונד דער שיין פון דיא גלענצענדע שטראהלען האט זיך אבגעשפּיעגעלט אין דען הארט געפראָרענעם שנעע מיט מילליארדען פונקען. לאנגע רייהען פון געדעקטע קאראטען האבען זיך איממער וועהרענד מעהר אונד מעהר געצויגען צו דעם הויפּט אריין גאנג; רייך געקליידעטע אפפיציערען אונד שעהן פערפּוצטע דאמען האבען זיך אין דעם הערדליכען זאַאל פערזאממעלט, וואו יעדער פון דיעזע געלאדענע געסט וואר העפליך אן גענוממען אונד בעגריסט פון דעם גובערנאטאָר אונד זיין פרויא, וועלכע האבען נעמליך דיעזען אבענד געגעבען א פּראכטפּאָללען באלל, פיר דיא הויכגעשטעללטע אריסטאָקראטיע פון קיעוו אונד דער אומגעגענד, צו עהרע פון זייער איינציגען זוהן, דעם יונגען גראף לאָריס דרענטעלל, וועלכער האט דיעזע טעג צוריק געקעהרט אין זיין פאטערליכע הויז, נאכדעם וויא ער וואר איין גאנצעס יאהר אבוועזענד מיט זיין רעגימענט ביי׳ן טירקישען גרענעץ. אין דער טהאט איז שוין יעצט מעהר ניט נעטהיג געווען דעם בן־יחיד צו האלטען ווייט פון קיעוו; קיינער האט ניט געקענט האבען אפילו דען קלענסטען חשד אז לאָריס האט אמאל געשפּיעלט א ראָללע אלס ניהיליסטישער אנפיהרער, אונד דיא אללע פערזאָנען וואס האבען יא דאפון געוואוסט, זיינען שוין געווען לאנג פערמשפט אונד אוועק געשיקט אויף יענער וועלט, זאָ דאס דער יונגער לייטענאנט האט יעצט געקענט גאנץ זיכער אויף טרעטען אלס געטרייער קייזערליכער אפפיציער.

וועהרענד אין דעם גרויסען זאַאל האבען דיא פרעהליכע קאוואלערען אונד דיא שעהנע דאמען געטאנצט ביי דעם רויש פון איין פּראכטפּאָללען אָרקעסטער מוזיק, איז גענעראל דרענטעל מיט זיינע עלטערע ראטהסהערען געזעססען איז זיין פּריוואט קאבינעט, זיך אונטערהאלטענדיג וועגען דיא וויכטיגסטע פראגען דער פּראָווינץ. פּלוצלינג האט מען געמעלדעט אז דער פּאָפּ יאָהאן איז געקוממען צו פאהרען אונד אין דערזעלבען מינוט איז ער אין צימממער ערשיענען.

,,וואס מאכט איהר יאָהאן?״ האט דער גובערנאטאָר מיט א הערצליכע פריידע געפרעגט ,,ענדליך האט איהר זיך אזוי שפּעט בעוויעזען.״

,,איך בין עבען יעצט געקוממען פון פּעטערסבורג אונד בין גלייך פון באנהאָף געגאנגען אייער עקסעלענץ זיך פּאָר צושטעללען. ווען איך זאָלל וויססען אז היינט איז בייא אייך א באלל וואָללט איך מיין וויזיט אויף מאָרגען אבגעלעגט.״

,,איהר דארפט זיך ניט ענטשולדיגען, מיר האבען אייך מיט דיא גרעסטע אונגעדולד ערווארטעט. וועלכע נייעס ברייגגט איהר אונז פון דער רעזידענץ?״

,,דיא בעסטע, איהר עקסעלענץ. איך האב נעהאט דאס גליק פערזענליך צו שפּרעכען

מיט זיין קייזערליכע מאיעסטעט. ער האט מיר בעפאהלען אייך איבער צו געבען זיין אללער־העכסטע צופריעדענהייט מיט אייער טהעטיג־קייט געגען דיא ניהיליסטען, אונד ער רעכענט אייער עקסעלענץ אלס איינעם פון דיא מעכ־טיגסטע שטיטצער פון זיין טראָהן.“

דער גובערנאטאָר איז רויטה געוואָרען פון גרויס שמחה הערענדיג דיעזע ווערטער, וועלכע האבען איהם געגעבען ריכטיגע אויס־זיכטען אין דיא נעכסטע צוקונפט דיא גלענ־צענדסטע שטופפע צו ערררייכען.

„אונד וואס איז צו הערען וועגען אונזערע פראָיעקטען געגען דיא אידען ?“

„דער קייזער האט עס בעוויללינגט. זיין מאיעסטעט איז פאָלקאממען איין שטיממיג מיט יעדע בעוועגונג וואס קען אויף געטהון ווערען, אום דאס פאָלק פון פאָליטישע פראגען אב צו ווענדען. דער האסס אונד דיא אויפ־רייצונג געגען אידען דארף דענאך ניט אויף געוועקט ווערען מיט איין מאל פלוצלינג ; אום פיר דיא וועלט יוצא צו זיין מוז דיא זאך פריהער פערהאנדעלט ווערען אויף איין געזעצ־ליכען באָדען. דיא רעגיערונג האט נעמליך בעטראכט, דאס דיא אידען האבען זיך אריין געשטופט אין אזעלכע געשעפטען וואס זיינען זייא לויט געזעטץ פערבאָטען. פיר וועלכע זיא האט דאס רעכט זייא צו בעשטראפען ; דארום איז בעשלאָססען געוואָרען צו גרינדען איינע קאָממיסיאָן וועגען דער יודען פראגע. דיעזע קאָממיסיאָן איז בעאויפטראגט איינינע בע־שטיממטע פונקטען צו ערקלערען.“

ארויס נעהמענדיג איין פאפיער פון דער טאש האט דער פאפ פאָלגענדעס געלעזען :

ערסטענס : וועלכע אידעשע געשעפטען דארפען אנערקענט ווערען אלס שעדליך פיר דיא קריסטליכע בעפעלקערונג פון לאנד ?

צווייטענס : פיללייכט וואָללט געוועזען פראַקטיש אונד ראטהזאם ארויס צו רופען אין קראפט דיא אלטע געזעטצען, נאך וועלכע אידען האבען ניט געטאָרט קויפען אונד דינגען לאנד אונד האנדלען מיט בערוישענדע משקאות.

דריטענס : וועלכע מיטטלען דארפען אן געווענדעט ווערען דיעזע געזעטצען אזוי צו פערשטערקען אז אידען זאָללען עס ניט קענען מעהר איבער טרעטען ?

פיערטענס : וויא ווייט בעשעפטיגען זיך אידען מיט נעהמען פראָצענט פון דיא קריסטען ?

פינפטענס : וויא פיעל שענק־הייזער האל־טען אידען, אונד וויא גרויס איז דער שאדען וואס קוממט צו ליעב דעם ארויס פיר דיא קריסטען ?

„דיעזע בעריכטען“ האט יאָהאן ווייטער ערקלערט. אריין שטעקענדיג דען פאפיער אין טאש „דארף דיא קאָממיסיאָן צו שטעללען צום מיניסטער זאָ שנעלל וויא מעגליך. איך האבע דיא עהרע צו זיין איינער פון דיא מיט־גליעדער דער קאָממיסיאָן אונד זאָבאלד וויא מיר וועללען בעקוממען אללע אנטוואָרטען וואס זיינען נייטהיג דיא פונקטען צו ערקלערען, וועללען מיר אנפאנגען אונזערע האנדלונגען געגען דיעזעס פערדאָממטעס פאָלק.“

„אבער קענט איהר דען יעצט וויססען אז דיא אַנטוואָרטען וועללען גראדע זיין שלעכט פיר אידען ?“ האט געפרעגט איינער פון דיא ראטהס־הערערען.

„דאס איז שוין מעהר וויא בעשטיממט“ האט דער פאפ מיט א בייזען שמייכעל גע־ענטפערט „אונזער קאָממיסיאָן איז נור צו דיעזען צוועק בעשטיממט געוואָרען.“

„קוממט, לאָמיר אריין געהען אין זאאל צו דיא געסט“ האט דער גענעראל דרענטעלל זיך אב גערופען, און נעהמענדיג יאָהאן׳ען אונטערן ארם.

"ענטשולדיגט מיר, עקסעלענץ" האט דיעזער געענטפערט "איך בין יעצט גראדע פון וועג, מיינע רייזע קליידער אונד אויך דער יעצטיגער צושטאנד פון מיינע געדאנקען פאססען ניט פיר א גלענצענדען פרעהליכען באלל."

"ווילט איהר זיך פילייכט זעהן מיט לאַרים'ן? ער איז דיעזע טעג צוריק נאך הויז געקוממען."

"דאס האט נאך צייט" האט יאהאן מיט א פערדריסליכע מינע געזאגט "איך וועלל מאָרגען וויעדער בייא אייך זיין."

מיט דיעזע ווערטער האט יאהאן זיך פערניינגט אונד איז ארויס געגאנגען.

"א זעלטענער מאן" האט דרענטעלל בייא זיך געטראכט אלס יאהאן האט דאס צימער פערלאססען, זיין ברענענדינער האסס געגען דיא אידען מאכט איהם אזוי פירכטערליך אז מיר אלליין נעהמט אן א שרעק איהם אין דיעזע מינוט צו בעטראכטען. יא, איהר פערפלוכטע אידען! באלד וועט אייך גענעראל דרענטעלל ציינען זיין נקמה אן אייער גאנצע שענדליכע נאציאָן."

## 28, קאַפּיטעל.

### דער פאפ אין שולל.

דער יונגער טהעטינער פאפ יאהאן האט קיין איבעריגע צייט פערלאָרען, אום זיין גע-שטעללטען ציעל צו ערררייכען. פערזיכערט מיט דיא מאכט פון דעם קייזערס בעווילינונג, אונד אויף נערעגט דורך גרויזאמע שנאה געגען אידען, האט ער ניט גערוהט אונד ניט גע-ראשט אום וואס שנעללער אויף צו זאממלען דיא פאקטען, וועלכע זיינען נייטהיג פיר דיא ארבייט דער קאָממיסיאן וועגען דער יודען פראגע.

דער געבילדעטער פאפ האט זיך ריכטיג בערעכענט, אז ביז יעצט איז ער נאך מיט אידען אין קיינע נעהערע בעריהרונג געקוממען. אללעס וואס ער ווייס פון דיעזעס פאלק איז בלויז פון הערען זאגען, פון דיא מעשה'עס וואס זיינע ערציעהער אין קלויסטער האבען איהם ערצעהלט. ער האט גוט פערשטאנען אז מיט אזעלכע פוסטע חלומות איז אונמעגליך אויף צו טרעטען עפענטליך אלס אנפיהרער פון איין אנטיסעמיטישע פארטייא; דאס אום זיין צוועק אויס צו פיהרען מוז ער האבען ווירקליכע לעבענדיגע פאקטען, וועלכע ער קען אויס גע-פינען נור דורך אייגענע פערזענליכע בעטראכ-טונגען אונד נאכפאָרשונגען וועגען דיא אידישע געשעפטען אונד זייער לעבענסארט. דיעזע אויפגאבע האט ער זיך געשטעללט אונד צוליעב דעם איז ער דיא לעצטע צייט גאנצע טעג ארום געגאנגען אין דעם אידעשען קווארטאל, זיך דורך גערעדט מיט פיעלע קריסטען וואס האבען דאָרט געוואָהנט, איבעראלל נאך זע-הענדיג, אומעטום זיך ערקונדינענדיג אונד מיט א שארפע אויג יעדע זאך בעטראכטענדיג.

שבת אין דער פריה, אכט-טאג נאך דיא בעגע-בענהייטען וואס מיר האבען פריהער ערצעהלט, וואר דער וועטער זעהר העלל אונד קאלט. דער שנעע וואס האט בעדעקט אללע סטרא-סען וואר שטארק געפראָרען אונד האט פאָר-געשטעללט א גוטע וועג פיר דיא פערשיעדענע שליטענס, וועלכע זיינען הין אונד צוריק גע-פלויגען, פרעהליך קלינגענדיג מיט זייערע גלעקליך. דיא לופט וואר ריין אונד קלאָר, דורך געדרונגען פון א גליממערדיגען פראָסט וועלכער האט ערוועגט דאס בלוט אונד געפארבט מיט א געזונדען רויטהען קאָלאָר דיא געזיכטער פון דיא פוסס-געהער. מיט האסטיגע שריט איז דער פאפ יאהאן געגאנגען איממער נעהענטער צום אידעשען קווארטאל. פלוצלינג

איז ער געבליעבען שטעהען; ער איז כמעט אַרויף געקראָכען אויף אַ מאַן וועלכער איז אויך זעהר שנעלל איהם ענטגעגען געקוממען.

„לאַרים!" האט יאָהאַן אויס גערופען מיט פערוואונדערונג „וואס טהוסטו דאָ, אין דעם אידעשען שטאָדט טהייל?"

„איך וואָללט דאס זעלבע אויך בייא דיר קענען פרעגען" האט דיעזער מיט אַ שאלק־האפטען שמייכעל געענטפערט „וויא קוממט אַ פּאָפּ. אין דיעזע געגענדען?"

יאָהאַן האט בייא דיעזע שפּאָט־ווערטער אַ פינסטערע מינע געמאַכט אונד געוואָרפען אויף דעם שפּרעכער אַ בליק פון פעראַכטונג.

„איך בין אפילו ניט מחויב דיר ערקלערונגען צו געבען, דענאָך, אויב דוא ווילסט עס אזוי נייטהיג וויססען, קען איך דיר זאגען דאס מיר האט אַהער געבראכט אַ רעגיערונגס געשעפט."

„אונד איך בין געקוממען צוליעב מיין איינענע אבזיכט, וועלכע איז פיעל מעהר אינטערעסאַנט. איך זאג דיר, יאָהאַן, אַז אַזא שענהייט האסטו נאך אין דיין לעבען ניט געזעהען. אַזא הויפט, אַזעלכע אויגען, אַזא פיגור, האט נאך קיין קינסטלער־בילד ניט פאַרגעשטעללט! איך בעדויער וויירקליך דיא צייט וואס איך האב פערבראכט אין דער פרעמד, וועהרענד אין קיעוו האט זאָ איין פּראַכטפאָללער שאַטץ געוואַהנט."

„איך פערשטעהע ניט וועגען וועמען דוא רעדסט." האט יאָהאַן טרוקען געענטפערט.

„נאַטירליך וועגען אַ יונגעס פריילין. זיא וואָהנט געוויס אירגענד וואו אין דיעזער געגענד. איך בין אַ רעכטע שטיק איהר פון וויטען נאך געגאַנגען, אבער דא איז זיא עבען יעצט פערשוואונדען געוואָרען. דוא קענסט זיך ניט פאָרשטעללען, יאָהאַן, וויא בעצויבערענד שעהן זיא איז! איך וועלל געוויס ניט רוהען ביז איך וועלל איהר אויס געפינען."

„דוא זוכסט צרות אויף זיך" האט דער פּאָפּ געענטפערט מיט כעס אונד פעראַכטונג „דער שטן שטעללט אימער אויס זיין נעטץ דורך אַ היבשע געזיכט, אום צו פאַנגען אַזעלכע שוואַכע לייכטזיניגע מענשען."

„פּאָפּישע פּלוידערייען!" האט לאָרים מיט ווידער ווילדען אויס גערופען „איך בין וויירקליך אַ נאַר אַז איך רייד מיט אַזא שטרענגען נייסטליכען וויא דוא ביסט וועגען אַ פרויענצימער. דענאָך בין איך שטאַרק אין צווייפעל אויב אפילו דוא וואָללסט געקענט בייא שטעהען בייא דעם נסיון, ווען דוא וואָללסט נור איין מאלל געזעהען דיעזעס הערליכעס גלענצענדעס מערכען."

יאָהאַן'ס געזיכט איז רויטה געוואָרען פון כעס איבער אַזעלכע עזות'קייט פון דעם יונגען גראף. ער האט איהם געוואָללט גאַנץ גוט אויס זידלען, אבער נאך איין קורצע בעדענקונג האט ער זיך פון איהם אבגעדרעהט אונד אוועקגעגאַנגען, אָהנע איין וואָרט צוגעטפערען.

„דער מיאוס'ער בער!" האט לאָרים צו זיך אלליין געזאגט, אלס יאָהאַן איז אוועק געגאַנגען. „אייביג ער ברוממט, שטעללט זיך אימער אַרויס מיט זיין פּאָפּישע מאָראל. דענאָך איז ער געוויס ניט בעססער פון זיין גאַנצע חברה — דיא היפּאָקריטישע נאַרען."

אונטערדעססען איז יאָהאַן אַריין געקוממען אין רעכטען צענטער פון דעם אידעשען קוואַרטאַל; דעם ערסטען מאָל אין זיין לעבען האט ער יעצט געזעהען אידעשע מענער, פרויען אונד קינדער, אויס געפוצט אין זייערע שעהנסטע קליידער; אללע זיינען אַריין געגאַנגען אין אַ גרויסע הויז, וועלכע איז דאָ ניט וויט געשטאַנען.

„היינט איז זייער שבת" האט דער פּאָפּ

ביי זיך געדאכט אונד דאס געהען זייא אין זייער באַרבארישע שולל׳׳ ביי דיעזען געדאַנ־קען האט ער זיך איבער געקרייצט.

געהענדיג וויטער אין דיא גאססען האט ער אימממער געזוכט אוים צו מיידען דיא פער־האסטע אידען, וועלכע ער האט בעגעגענט, ביז ער איז ענדליך אריין געקוממען אין א הויז וואס האט געהערט צו א קריסטליכע פרויא, בייא וועלכע עס האבען געוואהנט אידעשע שכנים. וואהרשיינליך האט ער געהאט עטוואס וויכטיגעס פון איהר צו ערפאהרען, דען עס האט געדויערט א רעכטע צייט איידער ער איז פון דאַרט ארויסגעגאנגען אונד האט זיך באלד צוריק בעגעבען נאך דער שטאדט. זיין וועג איז אוים געקוממען גראדע פארבייא דיא שולל אין וועלכע דער רב מענדעל האט גע־דאוונט. דורך דיא פענסטער האט ער גע־הערט דען געזאנג פון חזן מיט דעם קאָר משוררים אונד ער האט זיך אבגעשטעללט נאך דענקענדיג.

,,וואס קען מיר שאדען אז איך וועלל אריין געהען אין שולל?׳׳ האט יאָהאַן בייא זיך געדאכט׳׳ אויב איך ווילל אוים שטודירען גרינדליך דיעם לעבענסארט פון דיעזע נאציאָן איז דאך היער דיא בעסטע געלעגענהייט, זייא צו בעטראכטען ביי זייער גאָטעסדיענסט.׳׳

נאך א מאל זיך איבער קרייצענדיג האט ער געעפענט דיא טהיר אונד איז אריין געגאנגען.

דער שמש איז זעהר פערוואונדערט גע־וואָרען דערזעהענדיג דעם פּאָפּ אין שולל. א קורצע צייט איז ער געשטאנען וויא אין צווייפעל אונד דאן האט ער איהם אן געוויזען א פלאַטץ וואו זיך צו זעטצען, אויף איינעם פון דיא הינטערסטע ביינק.

יאָהאַן האט זיך אנידער געזעצט. דיא ערסטע אייניגע מינוטען איז ער געווען זעהר פערטויבט אונד צוטומעלט, דיא פרעמדע אומגעבונג האט אויף איהם א בעזונדערען איינדרוק געמאכט; באלד האט זיך אויף איהם בעמעכטיגט א וואונדערבארער געפיהל, א מין צויבער קראפט, פון וועלכע ער האט זיך אונ־מעגליך געקענט בעפרייען. ער ווייס ביי זיך זעהר גוט אז ער איז ניעמאלס אין זיין לעבען געווען אין א אידעשע שול, אבער דענאך קוממט איהם פאַר יעדע זאך אזוי בעקאַנט. יאַ ריכטיג, אזוי דארף זיין, דאַ דיא בימה, דארט דער אָרון קודש, אונד דיא פרויען גאללעריע דארט אויבען האט ער אויף איהגענד וואו געזעהען, אבער ווען אונד וואו?...

מערקווירדיג! ער קען בשום אופן אלליין ניט פארשטעהען וואס מיט איהם איז דאָ געוואָרען. אללעס וואס ער זעהט דא אונד הערט טראגט איהם איבער מיט געוואלט אין איין אנדער וועלט, א וועלט פולל מיט צערט־ליכע ליעבע, מיט הערליכקייט אונד פריעדען דער זעעלע. ער ערינערט זיך גאַנץ דייטליך אז א מאל האט ער אויך געלעבט אין דיעזער וועלט, פון וועלכע מען האט איהם אונבארמ־הערציג ארוים געריססען אונד פון דאן אָן, זינט ער איז פון דיעזען גן־עדן פערטריעבען געוואָרען, האט ער אויף אייביג פערלארען אללעס וואס א מענשען איז ליעב אונד טהייער אונד ער בלאָנדזעט ארום אין א יאממער טהאל, אין איין עולם התהו...

דער חזן האט אנגעפאנגען איין געבעט צו זינגען, ער ציעהט יעדעס וואָרט אזוי לאנג מיט בעזונדערע טאָנען, וועלכע קלינגען אזוי צויבעריש אבער אויך זעהר בעקאַנט. יאָהאַן ווייס שוין פאָראויס צו ענדיגען דיא ווערטער פון דעם געבעט איידער דער חזן האט עס אוים געזונגען... דער גאנצער עולם האט זיך אויף געהייבען אונד ווידערהאָלט דיא תפילה;

יאָהאַן האָט זיך ניט ווילליגענדיג אויף אויף נעהייבען אונד איהם דוכט זיך אז איין אונ־בעצווינגליכע קראַפט האט דיעזעלבע ווערטער בייא איהם אין מויל אריין געלעגט.

דער רב איז ארויף צום ארון־הקודש אונד ארויס גענומען א ספר תורה, אין א רויטע פערגאָלדעטע מענטעלע. יאָהאַן האט פון איהם דיא אויגען ניט געקענט אראָפּ נעהמען; מיט איין איינגעהאַלטענעם אטהעם האט ער בע־טראַכט יעדע איינציגע פון זיינע בעוועגונגען.

„שמע ישראל" האט דער רב אנגעפאַנ־גען גאַנץ הויך אונד לאַנגזאַם. א שוידער איז דעם פּאָפּ בעפאַללען בייא דעם אויסרוף פון דיעזע ווערטער, בייא דעם קול פון דעם שפרע־כער. "פאַרוואס ענדיגט ער ניט?" האט דער פּאָפּ וויא אין חלום געטראַכט, ווערהרענד דער רב האט זיך צו לאַנג אבגעשטעללט בייא דיא ווערטער „ד' אלהינו," אונד וויא מיט א גוואַלדיגע מאַכט איז ער בעגייסטערט גע־וואָרען. ער האט זיך לענגער ניט געקענט איין האלטען אונד מיט א הויכע שאַרפע שטיממע איבער דער גאַנצער שולל האט ער אויס געשריען „ד' אחד!"

דער גאַנצער עולם האט אויף איהם דיא אויגען אויס געשטעללט; אללע האבען זיך אן נעהויבען מיט גרויס פערוואונדערונג צו שוש־קענען, הערענדיג פון א פּאָפּ דעם אידעשען גלויבענס בעקענטניס; דיא פרויען פון דער גאַנצער גאַללעריע האבען איהם מיט גרויס בעשטירצונג בעטראַכט.

יאָהאַן איז רויטה געוואָרען פון שאַנדע. איהם האט זיך געדוכט אז ער דאַרף פון דאַנען ענטלויפען, ער מוז זיך שטאַרקען אום צו ברעכען דיא צויבער קראַפט וואס איז איהם בעפאַללען, אבער ער איז ניט אים שטאַנד געווען זיך פון אָרט צו בעוועגען, אזויא וויא צו געשמידט איז ער ווייטער געבליעבען זיטצען אויף זיין שטעללע.

אונטערדעססען איז דיא געוועהנליכע גאָטעס דיענסט ווייטער פאָרטגעזעצט גע־וואָרען. מען האט אויפגעוויקעלט דיא ספר תורה אונד אן געפאַנגען דאס לייענען. מיט יעדען איינעם וואס וואר אויף גערופען צו דער תורה האט יאָהאַן דיא ברכה נאך געדאַכט. יא, גראַדע אזוי וואר עס דאן... ווערהרענד ער האט נאך געלעבט אין יענע לענגסט פער־שוואונדענע זיססע היימאַטה.. אונבעשטיממטע געשטאַלטען, דונקעלע בילדער האבען אין זיין גע־דאַנקען געשוועבט אונד מאָמענטאַליש פער־שוואונדען; אין זיין הערצען האט געברויזט א שטורם פון פערשיעדענע געפיהלען, פון וועלכע ער האט זיך אליין קיין קלאַרען בעגריף ניט געקענט מאַכען אונד אין דיא אויגען פון דעם ערנסטען שטאָלצען פּאָפּ האבען זיך בעוויעזען טרערען, אבער ניט דיא יעניגע הייסע ביטערע טרערען וועלכע ער האט פער־גאָססען דאן אין זיינער יוגענד, ווען מען האט איהם אין קלויסטער געשלאגען, ניין, פון דיעזע טרערען איז דאס הערץ ערלייכטעט געוואָרען מיט איין אונבעוואוסטען געפיהל פון זאַנפטען פריעדען אונד אין זיין גייסט האט אריין גע־שיינט א שטראַהל פון איין ליעבליכען טרייסט. ער האט זיך געשפיערט וויא ער וואָלט וויינען אויף דיא ברוסט פון איין צערטליכע מוטער, וועלכע אומאַרמט איהם מיט איהרע זיססע קוססען אונד פערטרייבט מיט איהר היממלישען הויך אללע פינסטערע געדאַנקען וואס האבען איהם ביז יעצט בעהערשט... פּלוצלינג איז יאָהאַן וויא פון טרוים אויף געוואַכט געוואָרען, אזויא וויא א וואהנזיניגער איז ער אויף געשפּרונגען, האט זיך ארום געקוקט אונד מיט איין מאָל איז ער האַסטיג, כמעט לויפענדיג, ארויס

פון שולל, זיך איבער ווארפענדיג עטליכע מאל מיט דעם צייכען פון קרייץ. אין דיעזען צושטאנד איז ער געקומען אין פעטצערסקאי קלויסטער, וואו ער האט יעצט געוואהנט, אונד אהנע צו ענטפערען אויף דיא פערבייגונגען אונד בע־גריסונגען פון זיינע פאפעס איז ער גלייך אריין אין זיין צימער.

אין א שטונדע ארום האט איהם איינער פון זיינע פאפעס געפונען ליגענדיג אויף דיא קניע אונד וויינענדיג געגען דעם בילד פון דיא מוטער גאטעס.

„בעט פיר מיך, סערגייאיטש" האט יאהאן צו איהם מיט גרויס אויפרעגונג געזאגט „גאט אונד זיין הייליגע מוטער זאללען מיר העלפען צו פערטרייבען דען שרעקליכען גייסט וואס בעהערשט מיך מיט זיין אונריינע מאכט."

## 29. קאפיטעל.

### לאריס איז פערליעבט.

איינגעוויקעלט אין איהר דיקען ווינטער מאנטעל איז קאטהענקא געגאנגען נאך הויז. עס וואר שוין פאר נאכט אונד דיא דונקעלהייט האט זיך אן געהייבען צו פערשפרייטען איבער דיא גאססען, וועלכע ווארען שוין יעצט עטוואס לעער. דיא גוטהערציגע קאטהענקא האט דען גאנצען טאג פערבראכט בייא איינע ארמע קראנקע פרויא, אין איין ווייטען געגענד פון שטאדט, אונד יעצט האט זיא זיך בעהיילט שנעללער נאך הויז צו קוממען. פרעהליך אונד מונטער איז זיא איהר וועג געגאנגען; דיא גאנצע וועלט האט זיך איהר פארגעשטעללט אין איין ראזען פארביגען גלאנץ; איהרע שענסטע הערצליכסטע ווינשע זיינען בעפריעדיגט גע־ווארען אונד איהר בעסטעס פערלאנגען איז אין ערפיללונג געקוממען. אלס זיא וואר שוין ניט ווייט פון הויז האט זיא בעמערקט דאס איין אונבעקאנטער מאנס־פערזאן געהעט איהר פון ווייטען נאך אונד זוכט אימער וועהרענד צו איהר נעהענטער צו קוממען. דאס יונגע מעדכען האט אנגעפאנגען זעהר שנעלל צו גע־הען, אבער דער אונבעקאנטער האט וויא עס שיינט בעשלאססען איהר ניט צו פערליערען פון דיא אויגען אונד ער איז איהר מיט האס־טיגע שריט נאך געגאנגען. דאס מעדכען האט זיך יעצט ערינערט אז מיט אייניגע טעג צוריק איז איהר שוין דערזעלבער מאן נאך געגאנגען, נור דאמאלס האט זיא געגלויבט אז דאס איז בלויז א צופאלל, יעצט אבער איז איהר קלאר געווארען דאס דיעזער פערפאלגער האט האט עטוואס שלעכטעס אין געדאנקען. דיא צארטע קאטהענקא האט זיך נאך מעהר ערשראָ־קען, דען גראדע צו דיעזער צייט איז דיא געגענד רונד ארום געוועזן גאנץ לעער אונד עס איז איהר אונמעגליך געוועזן אירגענד וואו זיך פון איהם צו בעהאלטען. זיא האט דארום נאך שנעללער אן געפאנגען צו לויפען, אבער דער פרעמדער מאנספערזאן האט איהר באלד ער־רייכט אונד איהר אן גענוממען בייא דער האנד. קאטהענקא האט זיך ניט וויללענדיג אב געשטעללט אונד בעטראכט דען פרעכען פער־זאן מיט צארנדיגע בליקען.

„ליעבסטעס מעדכען" האט דיעזער זיך אב גערופען, נאכדעם וויא ער האט עטוואס זיין אטהעם ערהאלט „פארוואס ענטלויפט איהר פון מיר? זעהעט איהר דען ניט אז איך פערלאנג מיט אייך צו רעדען?"

„לאזט מיר געהען" האט דאס מעדכען מיט כעס אויס גערופען „איהר בעליידיגט מיך."

לאריס, דען דאס וואר דיעזער תכשיט, האט איהר האנד פרייא געלאזען, אבער ער האט זיך געשטעללט געגען איהר אונד פער־שטעללט דיא וועג דאס זיא זאלל ווייטער ניט קענען געהען. קאטהענקא איז אויף דיא

העכסטע שטופפע אויף גערעגט געוואָרען פון אזא מין עזות־קייט אונד מיט גליהענדען צאָרן האט זיא אויס גערופען.

„וואס זאָלל דאס בעדייטען, מיין הערר? האט איהר שוין פערלאָרען יעדעס מענשליכעס געפיהל, דאס איהר ערלויבט זיך צו בעלעסטיגען עפענטליך איין אונשולדיגע פרויען צייממער?"

„איך בעט אייך נור איין מינוט מיר אויס צו הערען" האט לאָרים מיט גרויס ליידענשאפט זיך אב גערופען „אונד דאן מעגט איהר זיך געהען אייער וועג. איך געהע אייך נאָך שוין זייט צוויא וואָכען אונד האב איממער מורא געהאט איך נעהער צו קוממען. פון דעם ערסטען טאג וויא איך האב אייך דער־זעהען איז מיין רוהע אונד מיין פריעדען פער־לאָרען. אין חלום אונד אויפ'ן וואהר שטעהעט מיר אייער שעהנעס געזיכט איממער פאָר דיא אויגען אונד איך קען וועגען קיין אנדער זאך ניט דענקען. איך בין גליקליך געוועזען אין דער מינוט ווען איך האב נור פון וויטען געקענט א קוק געבען אויף אייך; מיין גאנצעס לעבען, מיין פרייד אויף דער וועלט איז נור פון אייך אבהענגיג. אָה, ערבארעמט אייך, פרייליין, פערטרייבט מיר ניט."

קאטהענקא איז נאך מעהר אויף גערעגט געוואָרען הערענדיג דיעזע שטורמישע ווערטער, וועלכע זיינען אויס געשפראָכען געוואָרען מיט א פלאממענדע ליידענשאפט. מיט אונווילליגען האט זיך דאס מעדכען פון איהם אבגעווענדעט אונד געענטפערט.

„מיין הערר, איך קען אייך ניט ווער איהר זייט אונד וויל מיט אייך ניכטס צו טהון האבען. אויב איהר זייט ווירקליך איין אָרענט־ליכער מענש דארפט איהר מיר קיין שאנדע מייהר ניט מאכען אונד קינפטיג אויס מיידען מיין וועג."

„אָה, גאָט! איך קען אבער פון אייך ניט אוועק געהן וואו איך זאָלל ניט הערען וועניגס־טענס איין גוטעס וואָרט. קאטהענקא, איך ליעב אייך מעהר וויא מיין לעבען, ווען איהר זאָללט וויססען ווער איך בין וואָללט איהר מיר אָזוי גרויזאם ניט בעהאנדלען."

„איהר מעגט אייך זיין אפילו דער גענע־ראל גובערנאטאָר אלליין האב איך נור איין אנטוואָרט פיר אייך, דאס אזא מין בעטראגען פאסט פיר א מענשען וואס בעזיצט קיין שום עהרע געפיהל."

„אָה ניין, נור ניט מיט דיעזען טאָן פון פער־אכטונג!" האט לאָרים מיט דיא גרעסטע פערצווייפלונג אויס גערופען, ווידער אן נעהמענדיג דאס מעדכען בייא דער האנד. „איך בין לאָרים דרענטעלל, אייער גובערנאטאָרס איינציגער זאָהן. איך וויים אז איך דארף קיין אידעשעס מעדכען ניט ליעבען, אבער איך קען זיך אלליין ניט העלפען. אָה, קאטהענקא, איהר האט מיין הערץ בעצויבערט, איך מוז, איך בין געצוואונגען אייך צו ליעבען. איך בעט דאך נור א קליינינקייט, דענקט וועגען מיר עטוואס פריינדליכער, ערלויבט מיר אייך אָפטער צו זעהען אונד צו האָפפען אויף דעם זיססען גליק אז מיט דער צייט וועט איהר מיין ליעבע אנטוואָרטען, זאָנסט פערדאממט איהר מיין עלענדעס לעבען צום עוויגען טרויער."

„גראף דרענטעלל" האט קאטהענקא געענטפערט ארויס רייסענדיג איהר האנד פון איהם „איהר זייט פאָלקאממען גערעכט; איך בין נור איין איינפאכעס אידעשעס מעדכען אונד פיר אזא אריסטאָקראט וויא איהר זייט איז עס א גרויסער בזיון אין אירגענד וועלכע בעריהרונג מיט מיר צו קוממען. אויסער דעם מוזט איהר וויססען אז איך בין פערלאָבט מיט א אידעשען יונגען מאן אונד אבוואָהל איך

פיהל וואס פיר א גרויסע עהרע דאס איז פון אייך געליעבט צו ווערען, זאג איך אייך אויס־דריקליך, אז איך וויל אייך מעהר אין דיא אויגען ניט זעהען.״

„טרייבט מיר ניט צו פערצווייפלונג, קאטהענקא. איך קען ניט לעבען אהן אייך, אהן אייער ליעבע. וואס דארפט איהר האבען אייער אידעשען חתן? איך בין מעכטיג אונד רייך, איך קען אייך פערשאפען אללעס וואס אייער הערץ וועט געלוסטען, נור פיר איין גוטען בליק פון אייערע שעהנע אויגען, נור פיר איין זיססען שמייכעל פון אייערע רויזע ליפפען.״ מיט דיעזע ווערטער האט דער יונגער גראף איהר האנד ערגריפען אונד בעדעקט מיט זיינע ברענענדע קוססען.

קאטהענקא האט זיך אבגעשווידערט פון דיעזע צערטליכקייטען; זיא האט ריכטיג בע־אורטהיילט, דאס דער יונגער אריסטאקראט איז ניט פעהיג צו איינע ערהאבענע אידעאלע ליעבע, דאס איהם בעהערשט נור דיא ניעדער־דריגסטע לוסט פון א פייערדיגע תאוה. זיא האט אויף איהם געווארפען א בליק פון פאַ[illegible] פעראכטונג אונד זיך אב דרעהענדיג צו געהען האט זיא גאנץ קאלטבליטיג געזאגט.

„גראף דרענטעל דאס איז ווירקליך א שאנדע. איהר פערגעסט אייער הויבען צו שטאנד, אייער גלענצענדע טיטלען, אייער אריסטאקראטישעס געבורט. איהר פערגעסט אז איך געהער צו א פערפאלגטע אונד פער־שפאטעטע נאציאן.״

„איהר האט רעכט״ האט לאריס מיט א ביטערע שטיממע געענטפערט „אללעס אין דער וועלט האב איך פערגעססען, נור ניט מיין ליבע צו אייך.״

„פערגעסט שוין אלזא דיעזע ליעבע אויך. גענוג שוין ווירקליך שפיעלען דיעזע קאמעדיע. לאזט מיר געהען אדער איך וועלל אנפאנגען צו רופען אום הילף.״

לאריס האט זיך פון ערגערניס געביססען דיא ליפפען.

„ענטשיידעט ניט אזוי שנעלל, פריילין״ האט לאריס געזאגט „איבער אייערע אידען שוועבט יעצט דיא גרעסטע געפאהר. מיין פאטער, וועלכער פערהאסט אייער נאציאן, זוכט שוין מיטטלען וויא אייך אללעמען אין דען גרעסטען אונגליק צו שטירצען. איך וואללט פיללייכט געקענט פיעל עלענד אבווענדען, אללע זיינע גרויזאמע פראיעקטען פערניכטען, ווילט איהר מיר ערלויבען אייך צו דיענען? נור פיר איין גוטען ווארט פון אייך וועלל איך זיין אייער געהארכזאמסטער שקלאף.״

קאטהענקא איז געבליעבען שטעהען זעהר איבערראשט. איז דאס מעגליך אז דאס זאלל זיין אמת? האט דיא אידעשע נאציאן ווירקליך נייע צרות צו ערווארטען? פיללייכט האט עס דער יונגער גראף אויס געטראכט אום איהר איין צו שרעקען אונד דאדורך זיין אבזיכט בעססער צו עררייכען. וואהרשיינליך איז דאס בלויז איין ניעדערטרעכטיגער ליגען.

„אונזער איינציגע שטיטצע איז איממער געוועזן דער אלמעכטיגער גאט אין היממעל״ האט זיא מיט ענטשלאסענהייט געזאגט „אונד ער וועט אונז אויך ווייטער פון אונזערע שונאים אויס היטען. זאלל זיין וואס עס וויל, מיין עהרע אונד זעלבסט אכטונג וועלל איך ניעמאלס אויף געבען. זייט אזוי גוט, מיין הערר, פערשטעללט מיר ניט לענגער דען וועג אונד לאזט מיר געהען.״

„אונד דאס איז דער סוף פון אללע מיינע זיססע טרוימען? מוז איך אין גאנצען אויף געבען יעדע האפנונג אייך נאך א מאל צו זעהען?״ האט לאריס זעהר טרוריג געפרעגט.

„גראַף דרענטלל" האט דאס מעדכען געענטפערט ווארפענדיג אויף איהם א שטאָל־צען בליק „איך בעט אייך איהר זאָללט מיר מעהר ניט פערפאָלגען מיט אייער ליעבע, וועלכע איז פיר מיך בלויז א בעליידיגונג. איך וויל האָפפען אז מיר וועללען זיך מעהר ניט בעגעגנען."

לאָרים איז געבליעבען שטעהען וויא פער־שטיינערט אונד אין דיעזען מאָמענט האט דאס שטאָלצעס מעדכען איהר שעהנעס הויפט אבגעווענדעט אונד איז שנעלל אוועקגעגאנגען.

דער גרימנסטער צאָרן האט אויף גע־ברויזט אין דען יונגען גראַף'ס ברוסט, נאך בליקענדיג דיא שלאנקע פיגור פון דיא פאָרט־געהענדע קאטהענקא „זיא ענטזאגט מיין ליעבע, דיא שטאָלצע יודין! אבער איך וועלל איהר דאך בעזיעגען," האט ער זיך אלליין געטרייסט.

דיא אויפרעגונג פון דיעזער בעגעבענהייט האט אויף קאטהענקא געמאכט אזא שווערען איינדרוק דאס באלד נאך איהר אריין קוממען אין הויז איז זיא אנידער געפאללען אויף א שטולל אונד אן געפאנגען ביטערליך צו וויינען. דיא עלטערען האבען זיך זעהר דער־שראָקען אונד צו געפאללען איהר פראגען אונד בערוהיגען, אבער עס האט א רעכטע צייט געדויערט ביז זיא האט זיך ערהאָלט אונד איז אים שטאנד געווען צו ערקלערען דיא גאנצע געשיכטע פון איהר בעגעגניס מיט דעם גובער־נאטאָרס זוהן.

וועהרענד איהר ערצעהלונג איז דער רב ארום געגאנגען אין צימער מיט זעהר א בע־שטירצע מינע. דיעזער צופאלל איז געווען בע־דייטענד גענוג אום דאריבער נאך צודענקען.

„עס איז זעהר צו בעדויערן" האט ער געזאגט „דאס דיין שיינהייט האט דען יונגען גראַף אויף גערייצט. ער וועט געוויס זוכען זיך אן דיר נוקם צו זיין אונד מיר אללע וועללען פיעל ליידען פון זיין גרויזאמע שנאה, דאפיר וואס דוא האסט איהם ענטזאגט."

„האב איך דען געדארפט אנדערש געגען איהם האנדלען?" האט קאטהענקא געפרעגט.

„ניין, מיין קינד, דוא האסט געטהון וויא דיא עהרע אונד אנשטענדיגקייט בעפעהלען."

„אבער זאָלל דאסווירקליך אמת זיין וואס ער האט געזאגט וועגען אונזערע אידען?" האט רחל געפרעגט.

„פילייכט האט ער דיעזע דראָהונגען נור אויס געטראכט, אָבוואָהל מיר אידען קענען זיך אימער ריכטען אויף צרות, מיר האבען שוין גענוג מיט דען גרעסטען מוטה איבער געטראגען פערשידענע אונגליקען אונד מיר זיינען בערייט אויך וויטער צו ליידען פיר אונזער אמונה. העלפען קענען מיר זיך נאָך ניט, עס בלייבט נור איבעריג אב צו ווארטען אונד זעהן וואס דיא צייט וועט מיט בריינגען."

„וואס זאָלל איך אבער טהון ווען ער וועט מיר וויעדער בעגעגנען אונד צו שטעהען מיט זיינע שענדליכע ליעבעס ערקלערונגען?" האט קאטהענקא מיט א פערצאָגטע שטיממע זיך אבגעזיפצעט.

„פארלויפיג" האט דער פאטער געזאגט „דארפסטו אלליין אָהן מיר אדער יאָזעף'ן אין גאס ניט ארויס געהען. איבערהויפט מוז מען יאָזעף'ן אללעס ערקלערען אונד ער וועט וואהר־שיינליך שוין אויס געפינען מיטטלען וויא דיר צו שיטצען, דאס דער יונגער גראַף זאָלל דיר וויטער ניט בעלעסטיגען. עס קען איבעריגענס מעגליך זיין אז דרענטעלל בעזיצט נאך עטוואס עהרע געפיהל אונד וועט אלליין אב שטעהען פון דיר, ווען ער וועט זעהען דאס ער ווירד צוריק געשטויסען."

,,איך קען דאס ניט גלויבען, פאטער״ האט קאטהענקא זעהר אומעטיג געזאגט. ,,דוא וואָלסט נור געדארפט זעהען זיין געזיכט אונד הערען זיינע ווערטער אום צו פערשטעהען אויף וואס דיעזער מענש איז פעהיג. איך האב מורא אז ער וועט אונז ווערען דער ערגסטער שונא אונד מיר וועללען פון זיין פיינדשאפט ליידען פיעהל מער וויא פון זיין ליעבע.״

דער רב האט דאראויף גאר ניט געענטפערט, דען דאס הערץ האט איהם געזאגט אז זייא ערוואַרט א טרויריגע צוקונפט.

## 30. קאפיטעל,

### ליעבע אונד ראכע.

פון דיעזען טאג אן איז קאטהענקא ניעמאלס אלליין ארויס געגאנגען אין גאסס. איהר געליעבטער חתן יאָזעף האט איהר איממער בעגלייטעט איבעראלל, ווען זיא האט נור געדארפט אויס געהען. דיא געפאהר וועלכע דאס מעדכען איז אויס געשטאנען פון דעם יונגען גראף׳ס בעלעסטיגונגען האט געבראכט דאצו, דאס יעצט זיינען דיא הערצער פוןביידע ליעבענדע נאך מעהר צו געבונדען געוואָרען איינער צום אנדערן.

א קורצע צייט איז פון לאָריס׳ן ניט געוועזן צו זעהען אונד צו הערען; נור איין מאל, אלס קאטהענקא איז מיט יאָזעף׳ן ארויס פון שטוב, האט זיא בעמערקט איהר פערפאָלגער.

,,דוא זעהסט״ האט זיא צו איהר חתן געזאגט, זיך צו דריקענדיג צו זיין ארם ,,אָט געהעט ער אונז נאך.״

יאָזעף האט זיך שנעלל אום געדרעהט אונד דערזעהען דעם יונגען גראף בייא דער אנדערען ענדע פון גאסס. לאָריס איז באלד פערשוואונדען געוואָרען אונד פון דיעזער צייט אן האט דער פערליעבטער גראף צייט אייניגע מאַנאַטען אין דיעזער שטאדט טהייל זיך מעהר ניט בעוויעזען, זאָ דאס ביסלאך ווייז האט זיך קאטהענקא בערוהיגט אונד דיא גאנצע געשיכטע איז כמעט פערגעססען געוואָרען.

נאך פערלויף פון דיעזער צייט איז דאס מעדכען איין מאל נאכמיטאג געזעססען אין איהר ציממער אונד געלעזען. איהרע עלטערען זיינען געוועזן אויס געגאנגען אויף א גאנצען טאג אונד קאטהענקא איז געוועזן איינע אלליין אין גאנצען הויז, פערטיעפט אין דיא אינטערעסאנטע שילדערונגען וועלכע דאס בוך האט איהר פאָרגעשטעללט. פלוצלינג איז זיא איבעראשט געוואָרען הערענדיג דאס יעמאנד איז צום הויז צו געפאהרען אונד איידער זיא האט זיך נאך געקענט ארום זעהען וואר שוין דיא טהיר געעפענט אונד לאָריס דרענטעלל איז אריין געקוממען. אָהנע איין וואָרט צו זאגען האט ער דיא טהיר צו געמאכט אונד אוועק געלעגט זיין הוט אונד מאנטעל אויף דען נעכסט שטעהענדען שטוהל. קאטהענקא איז פון ערשטוינונג ניט אים שטאנד געוועזן זיך פון אָרט צו בעוועגען אונד אויך לאָריס איז געשטאנען אייניגע מינוטען איהר שטילל בעטראכטענדיג.

,,קאטהענקא״ האט ער ענדליך זיך אב גערופען ,,איך האב זיך ערלויבט וויעדער צו קוממען אום אייך צו וויעדערהאָללען דיא ערקלערונג פון מיין ליעבע. וועט איהר אויך יעצט זיך געפינען בעליידיגט פון מיינע ווערטער? וויללט איהר מיר וויעדער פון זיך אוועק טרייבען וויא בייא אונזער ערסטער בעגעגנונג?״

קאטהענקא האט זיך פון שטוהל אויף געהייבען אונד מיט דיא שטאָלצעסטע בעוועגונג ציינענדיג צום טהיר האט זיא אויס גערופען.

,,ארויס! אדער איך וועלל רופען מיינע עלטערען.״

לאָרים האט האלב שפּאָטענדיג אן געפאנגען צו שמייכלען.

„איהר דארפט ניט ווערען אזוי אויף גערעגט, פריילין“ האט ער זיך אב גערופען „איך ווייס דאס איהר זייט יעצט גאנץ אלליין אין הויז, איך האב א לאנגע צייט אב געהיט ביז אייערע עלטערען זיינען אוועק געגאנגען אונד קיינער וועט אייך אלזאָ צו הילפע ניט קוממען. איך בעט אייך בערוהיגט זיך אונד הערט מיר אויס.“

זעהענדיג איהר הילפלאָזע געפעהרליכע לאגע איז דאס מעדכען מיט א פערצווייפעלטע מינע אין איהר שטולל אנידער געפאללען אונד בעדעקט איהר שעהנעס געזיכט מיט איהרע הענד.

„פריילין“ האט לאָרים וויעדער אן געפאנגען מיט א שטיממע פון דיא גרעסטע ליידענשאפט, „זייט ניט אין כעס אויף מיר, דאס איך האב אן געווענדעט דיעזע מיטטלען אום זיך מיט אייך צו זעהען, דען איך האב קיין אנדער וועג ניט געקענט געפינען. דיא לעצטע פּאאר מאָנאטען האב איך מיט זיך אלליין געקעמפּפט יעדע ערינערונג פון מיין הערצען ארויס צו רייסען. איך האב מיט אללע מיינע קרעפטען געשטרעבט, דיא פייערדיגע ליעבע פון מיין ברענענדע ברוסט אויס צו לעשען, אבער אומזאָנסט! אייער שעהנעס געזיכט שטעהעט מיר איממער געגען דיא אויגען אונד איך געה ארום וויא א וואהנזיניגער, וויא א פערצווייפעלטער. אָה, ווענדעט זיך פון מיר ניט אב מיט דיעזע מינע פון פעראכטונג וויא פון איין ניכטס ווירדיגען, גלויבט ניט אז איך בין איין אייגעננוטציגער מענש, וואס זוכט נור זיין לוסט צו בעפריעדיגען. קיין מעדכען אין דער וועלט האט נאך ניט געהאט אזא געהאָרזאָמען ליעבהאָבער וויא איך וועלל זיין צו אייך; איך וועלל ערפיללען אייער קלענסטען וואונש, איך וועלל אייך איבער טראגען אין א וועלט פון לוקסוס אונד רייכטהום אונד מיין גאנצען לעבען וועלל איך אפּפערען אום אייך גליקליך צו מאכען. אָה, קאטהענקא! קענסטו דען נאך צווייפלען אין מיין וואהרע איננינגסטע ליעבע ווען איך, וועלכער וואָללט געקענט בעזיטצען דיא שטאָלצעסטע דאמע אין גאנצען לאנד, איך ליעג יעצט בייא דיינע פיס אונד בעט נור אום איין גוטען וואָרט, איין זיססען שמייכעל.“

אזוי ריידענדיג איז דער גראף געפאללען אויף דיא קניע אונד מיט טרערען אין דיא אויגען צו געלענט זיינע ברענענדע ליפּפּען צו דעם מעדכען׳ס אויס געשטרעקטע האנד.

פערשיעדענע געפיהלען האבען אין דיעזען מאָמענט בעוועגט קאטהענקאס שטורמענדע ברוסט; עטוואס וויא ערבארעמען האט זיא געשפירט צו דעם מאן וואס איז יעצט געלעגען בייא איהרע פיס אונד א שרעק איז איהר בעפאללען בעטראכטענדיג אז זיא געפינט זיך אלליין מיט איין מאנס פערזאָן, וועלכער איז בעהערשט מיט דיא ווילדעסטע ליידענשאפט, זאָ דאס זיא איז ניט אים שטאנדע געוועזען איין וואָרט צו ענטפערען אונד געקוקט אויפ׳ן יונגען גראף מיט גרויס פערצווייפלונג.

לאָרים, וועלכער האט זיינע אויגען ניט אראָפּגעלאָזען פון דאס מעדכען׳ס געזיכט האט גוט בעטראכט וואס אין איהר הערצען געהט פאָר אין דיעזען אויגענבליק; ער האט געגלויבט דאס יעצט איז ער שוין גאנץ נאָהענט צו זיין געווינשטען ציעל. מיט איין אויסרוף פון פרייד איז ער אויף געשפּרונגען אונד געשלאָססען דאס ערשטוינטע מעדכען אין זיינע אומארמונגען.

„אָה, דו וויללסט זיין מיינע, טהייערע

הערצליכע קאטהענקא ! דוא וועסט מיין ליעבע מעהר ניט ענטזאגען. צייג מיר מיט דיינע היממלישע בליקען אז איך בין דער גליקליכס־טער מענש אין דער וועלט ; רייס זיך ניט פון מיין אומארמונג אונד זאג אז איך האב דיין ליעבע ערוואָרבען.״

מיט דיא העפטיגסטע אנשטרענגונג האט זיך קאטהענקא ארויס געריססען פון לאָרים׳עס הענד אונד זיך איהם ענטגעגען געשטעללט ; פון איהרע אויגען האבען געשפריצט פלאממען פון צאָרן אלס זיא האט מיט דיא גרעסטע אויפרעגונג אויס גערופען.

,,איך מוז אייך זאגען, גראף דרענטעלל, אז אייערע בעהאנדלונגען נעגען מיר ביז יעצט זיינען וויים פון אָרענטליכקייט. ניט נור איין אנשטענדינער עדעלמאן, זאָגאר דער ניעדער־רינסטער פון אייער פאטערס שקלאפען וואָללט זיך ניט ערלויבט אריין צו קריכען אין דאס צימער פון איין פרעמדעס מעדכען אונד מיט אזעלכע צו דרינגליכקייטען איהר צו בעליידינען. אבער איך וויל איין פיר אללע מאל זיך מיט אייך ערקלערען, איהר זאגט אז אבוואָהל איך האב אייך אבגעשטויסען קענט איהר ניט אויף הערען מיר צו ליעבען.״

,,אָה, יא, מיט מיין גאנצע זעעלע.״

,,גוט. לאָמיר אן נעהמען ווען איך זאלל נאך נעבען אייערע שטורמישע ביטטען, אייער הייסען פערלאנגען אונד אנטוואָרטען אייער ליעבע, וועט איהר מיט מיר הייראטהען? וועט איהר מיר פאָרשטעללען דער גאנצער וועלט אלס גרעפין דרענטעלל? ענטפערט מיר, מיין הערר.״

,,איך וואָללט אייך מיט דען פרעכטיגסטען לוקסוס אונד הערדליכסטען גלאנץ אום גע־געבען, אללעס וואס נור מעגליך איז צו בע־קוממען פיר געלד וואָללט געשטאנען צו אייער בעפעהל אונד איהר וואָללט געוועזען דיא גליק־ליכסטע פון אללע פרויען.״

,,איך וויל ניט הערען קיין צווייד־ייטיגע ווערטער, זאגט מיר קלאָר אונד בעשטיממט ווילט איהר מיט מיר הייראטהען?״

,,אין גאָט׳ס אויגען וואָללטען מיר געווים געוועזען מאן אונד פרויא.״

,,גראף דרענטעלל, איך פרעג אייך אויב איהר וואָללט זיך אונטערשטעהען געגען אייער פאטערס גרימטינען כעס, געגען דיא עפענט־ליכע מיינונג פון דעם גאנצען אריסטאָקראַ־טישען הויף פאָר צו שטעללען מיר, דיא יודין, אלס אייער געזעצטליכע פרויא?״

לאָרים איז געצוואונגען געוועזען אראָפ צו לאָזען דיא אויגען געגען דיא צאָרן־שפריטצענדע בליקען פון דאס שטאָלצע מעדכען.

,,איך מוז אייך מודה זיין״ האט ער זיך אבגערופען ,,אז דאס וואָללט פיר מיר געוועזען איין זעהר ריזיקאלישער שריט. דער אדעל וועט ניעמאלס וועללען אן ערקענען איינע יודין אלס גרעפין דרענטעלל, אבער וואס מאכט עס אויס? דיא גאנצע געשיכטע פון הייראטהען איז דאך בלויז איינע פוסטע צערעמאָניע, אבוואָהל דיא וועלט וואָללט ניט וויססען פון אונזערע בעציהונגען וועללען מיר דענאך זיין פעראייניגט אלס מאן אונד פרויא, מיט דעם הייליגסטען בונד דער ליעבע.״

,,דאס הייסט איהר ווילט איך זאלל זיין אייער שפיעל צאצקע, איך זאלל אייער ניעדער־ריגע לוסט בעפריעדיגען ביז וואנען איך וועלל אייך מיאוס ווערען אונד איהר וועט מיר אוועק ווארפען. איהר ווילט איך זאלל זיך ענטזאגען פון מיין פאָלק, פון מיינע עלטערען, פון מיין חתן, פון מיין רעליגיאָן אונד מיין עהרע אום אייך צו דיענען אלס פערגניגונגס פופע ביז איך וועלל אייך איבערדריסיג ווערען!

שענדליכער מענש! איהר זייט נאך מעהר פערדארבען וויא איך האב אייך גערעכענט. ארויס! אונד ניעמאלס זאללט איהר זיך אונטערשטעהען אין מיין אנגעזיכט צו קוממען.״

איין פערצווייפעלטער אויסרוף פון וואוטה האט זיך בייא דיעזע ווערטער ארויס גריססען פון לאריס׳עס ברוסט. ער האט דא גערעכענט דאס אידעשע מעדכען גאנץ לייכט צו עראבערען אונד מיט איינמאלל זעהעט ער אז אללע זיינע ניעדערטרעכטיגע אבזיכטען זיינען פערניכטעט געווארען. מיט איין שפרונג איז ער צו דיא ערשראקענע קאטהענקא צו געלאפען אונד אן געפאנגען מיט געוואלט איהר צו שלעפען.

„מיינסטו ווירקליך מיר זיך ענטגעגען צו שטעללען, נארישעס מעדכען?״ האט ער מיט א ווילדע שטיממע אויס געשריען „גלויבסטו אז מען קען מיר אזוי לייכט אוועק יאגען? איך וויל דיר בעזיטצען אונד דוא מוזט זיין מיינע. איך וועלל אויף דיינע עקשנות ניט קוקען אונד אויב דוא ווילסט ניט געהען צו מיר מיט גוטען וועלל איך דיר נעהמען מיט בייזען, אבער מיינע ועסטו זיין!״

ער האט דאס ציטטערנדע שוואכע מעדכען ארום געחאפט מיט ביידע הענד אונד אויף הייבענדיג אין זיינע אומארמאנגען האט ער איהר אנגעפאנגען צו שלעפען צום טהיר. דיא שרעקליכע געפאהר אונד דיא פערצווייפלונג האט קאטהענקא׳ן געגעבען צעהן מאל אזוי פיעל קראפט. מיט איין אויסרוף אום הילפע האט זיא אין זיינע ארמען זיך געצאפפעלט אונד מיט דיא מעכטיגסטע אנשטרענגונג זיך דאן פון איהם ארויס געריססען אונד זיך צר נעטוללעט אין דען וייטעסטען ווינקעל פון ציממער.

וויא איין גרויזאמער טיגער האט איהר דער שארלאטאנישער גראף נאך געיאגט אונד וויעדער אן געגריפען. דאס ארמע מעדכען האט געזעהען אז זיא איז פערלארען אונד מיט א געשרייא „געוואלד רעטעט!״ איז זיא געבליעבען ליעגען אין טיעפען אהנמאכט.

אין דיעזען אויגענבליק איז דיא טהיר אויף געריססען געווארען אונד יאזעף קיערסאן איז אריין געקוממען אין ציממער. ער האט נאך אויף׳ן גאס געהערט קאטהענקא׳ס געשרייא אונד איז מיט דיא גרעסטע האסט געלויפען איהר רעטען. מיט איין זעטץ האט ער דען יונגען גראף אנידער געווארפען, אבער דיעזער איז באלד אויף איהם אויף געשפרונגען אונד אין רענזעלבען מאמענט האבען זיך ביידע געקייקעלט אויף דער ערד, האלטענדיג איינער דעם אנדערן ביי׳ן גארגעל.

דער קאמפף צווישען זייא איז געפיהרט געווארען מיט גלייכע קרעפטען; זייא זיינען ביידע געוועזן שטארקע אונד מוטהיגע יונגע מענשען אונד א קורצע צייט איז אונבעשטיממט געוועזן ווער פון זייא ביידען וועט גובר זיין. קיערסאן האט אבער אין דיעזען געפעהרליכען מאמענט בערעכענט אז פון דעם ערפאלג איז אבהענגיג דיא עהרע פון זיין צערטליכע כלה אונד זיין אייגענער לעבענסגליק. ער האט גוט געוואוסט אז אויב דרענטעלל זאלל איהם צו שטייער קוממען וועט ער איהם געוויס אויף דער שטעללע ערמארדען אונד דאס מעדכען אוועק שלעפען. נאך א ווייל ע האבען זיך ביידע געראנגעלט, ענדליך האט קיערסאן זיין העכסטע אנשטרענגונג אן געווענדעט, מיט א געוואלדיגען שפרונג האט ער זיך ארויס געריססען פון זיין שונא׳ס הענד אונד איהם דערלאנגט אין געזיכט אזא קרעפטיגען זעטץ מיט דיא פויסטען אז ער איז באלד מיט בלוט אבגעגאססען געווארען אונד געבליעבען ליעגען האלב טויט.

נאכדעם וויא ער האט נור עטוואס דעם אטהעם אבגעצויגען איז קיערסאַן אויגענבליק־ליך צו געלויפען צו קאטהענקא אונד אנגע־פאנגען איהר אויף צו מינטערען. צו זיין גרויסע פרייד האט ער גלייך בעמערקט אז זיא ער־האַלט זיך. מיט א שווערען זיפץ האט זיא איהרע שעהנע אויגען אויף געשלאגען אונד געריכטעט איהרע בליקען מיט דאנקבארקייט אויף איהר רעטער. בעטראכטענדיג דאס צימער אונד דערזעהענדיג דען אָהנמעכטיגען יונגען גראף ליגענדיג אויף דער ערד האט זיא זיך אבגעשוידערט אונד אויס געשטרעקט איהרע הענד צו יאָזעף'ן, וועלכער האט איהר געהאָלפען אויף שטעהען אונד צו געפיהרט צו א זאָפא. אין איינגע קורצע ווערטער האט זיא איהר געליעבטען חתן ערצעהלט אללעס וואס דאָ איז פאָרגעפאללען איידער ער איז געקומען.

יעצט האט זיך פאָרגעשטעללט דיא שוויע־ריגע פראגע וויא פטור צו ווערען פון דעם יונגען דרענטעלל. עס איז געווען קלאָר צו זעהען דאס ער איז נאך ניט טויט, דענאך האט גע־דויערט א רעכטע צייט ביז ער איז צו זיך גע־קוממען, זיין גאנצעס געזיכט איז געווען פער־וואונדעט אונד צורריסען, אונד איין אויג צו געמאכט. קיערסאַן איז צו געגאנגען אונד גע־וואָללט איהם העלפען זיך אויף הייבען, אבער לאָריס האט מיט א שימפפליכטען פלוך זיין הילף עטזאגט אונד אויף שטעהענדיג האט ער אן געפאנגען פון צימער ארויס צו געהען.

„איהר וועט פון מיר הערען א גרוס" האט ער געזאגט „איך וועל זיך מיט אייך ביידען אב רעכענען."

ער איז באלד ארויין געשפרונגען אין זיין קאראַט, אין וועלכע ער האט געוואָלט אוועק פיהרען קאטהענקא'ן, אונד אוועק געפאהרען. אלס דער רב איז נאך הויז צוריק געקומען אונד ערפאהרען פון דיעזער געשיכטע איז ער זעהר אויף גערעגט געוואָרען. יעצט האט ער זיך איין קלאָרען בעגריף געקענט מאכען אין וואס פיר אי ן שרעקליכעס געפאהר זיין איינ־ציגעס געליעבטעס קינד איז געשטאַנען, אונד ער האט מיט דיא גריממיגסטע ווערטער אויס־גערריקט זיין כעס געגען דעם ניעדערטרעכ־טיגען שופט, וואס האט זיך זאָ וואס ערלויבט. צו דערזעלבער צייט איז איהם אויך קלאָר געווען דאס דער געשלאגענער גראף וועט יעצט זיין ברענענדיגען צאָרן אן ווענדען ניט נור גע־גען קאטהענקא אלליין, זאָנדערען געגען דיא גאנצע אידעשע בעפעלקערונג.

„מיר דארפען זיך ניט איין רעדען" האט ער געזאגט „דאס דרענטעלל וועט דיא זאכע נאך לאָזען. א מענש וואס בעזיצט קיין פונק עהרע געפיהל, וויא דיעזער יונגער טיראן, וועט געוויס טהון אללע זיינע מעגליכקייטען זיין וויללען אויס צו פיהרען, אדער גרויזאמע ראכע צו נעהמען פון דיעניגע וואס שטעהען איהם אין וועג. איבערהויפט בין איך זעהר אונרוהיג וועגען דיין זיכערהייט, יאָזעף, אונד מיין עצה וואָללט געווען, אז דוא זאָללסט אוועק פאָהרען פון קיעוו, וועניגסטענס אויף א קורצע צייט, ביז דיא געשיכטע וועט זיך אביסעל איין שטיללען."

„ניעמאַגס!" האט יאָזעף אויס גערופען מיט פיעל מוטה „איך האב געטהון וואס מענשליך אונד רעכט איז אונד איך האב גאָר קיין מורא ניט וואס דאפון וועט ארויס קומען. פארוואס זאָלל איך אוועק פאָהרען, פערלאס־סען דעם אוניווערזיטעט אונד פערליערען מיין גאנצען שטודיום? אויסערדעם מוז איך אימממער בערייט זיין מיין כלה צו שיטצען. איך פערבלייב היער."

„אבער דוא ריזיקירסט דאמיט זעהר

פיעל, יאָזעף״ האט דער רב איין געווענדעט.
„ניין, זאָלל זיין וואס עס וויל, איך בין בערייט געגען יעדע געפאהר אונד וויל ניט ענטלויפען.״

נאכדעם וויא מען האט זיך ביי׳ן רב אין הויז עטוואס בערוהיגט איז יאָזעף אוועק א היים צו זיינע עלטערן, וועלכע האבען פון איהם ערפאהרען אללע בעגעבענהייטען וואס דאָרט האט היינט פאססירט. זעהר אונרוהיג איבער דיעזע געשיכטע האבען דיא ארמע אַלטע לייטע געבעטען בייא גאט ער זאָלל זייער קינד מציל זיין פון דיא גרויסע סכנה אין וועלכע ער שטעהעט יעצט; אויך יאָזעף׳ן האט זיך געפיהלט גאנץ אונמוטהיג.

זייער מורא איז ניט געווען אומזיסט. אום 8 אוהר דעם אבענדס זיינען אין צימער אריין געקוממען צוויא זשענדארמען אונד דיא גאנצע פאמיליע איז געבליעבען זיטצען ערשטאַרט פון שרעק.

„ווער איז יאָזעף קיערסאָן?״ האט איינער פון זייא געפרעגט.

„איך״ האט יאָזעף געענטפערט, אזוי מוטהיג וויא ווייט עס איז איהם מעגליך געוועזן.

„איהר זייט אררעסטירט אין נאמען זיינער מאיעסטעט, דעם קייזערס״ האט דער אפפי־ציער געזאגט ארויף לעגענדיג זיין האנד אויף דעם ארמען יונגען מענשען.

„פיר וועלכע שולד?״

„דאס ווייס איך ניט, פיללייכט וועט מען אייך דאס קירצליך ערקלערען.״

שטעללען זיך ענטגעגען דיא זשענדארמען וואָללט נאטירליך נאך ערגער געוועזן. יאָזעף האט אבשייד גענוממען פון זיינע וויינענדע עלטערן אונד איז ארויס געגאנגען אין דיא בעגלייטונג פון דיא זשענדארמען, וועלכע האבען איהם באלד אין געפענגניס אוועק געפיהרט.

דענזעלבען אבענד האט דיא גאנצע אידעשע בעפעלקערונג פון שטאדט ערפאה־רען וואס דיעזען טאג איז פאָרגעפאללען. אללע האבען בעקלאגט דעם אונגליק פון דעם אונשולדיגען יאָזעף קיערסאָן אונד יעדער איינער האט געציטערט פיר זיין אייגענע צו־קונפט, דען דיא עלענדע אידען האבען גוט געוואוסט דאס דער מעכטיגער גראף וועט זוכען זיך נוקם צו זיין אן דיא גאנצע אידעשע נאציאָן.

## 31. קאפיטעל.

### דער אנטלאפענער אררעסטאנט.

לאנגע אונענדליכע וואכען איז יאָזעף גע־לעגען אין טורמע, ניט וויססענדיג וואס פיר א גורל פיר איהם איז בעשטיממט אונד וועלכע טרויריגע צוקונפט איהם ערווארטעט. בייא דער ערסטע צייט איז גענעראל דרענטעלל געוועזן צו פיעל בעשעפטיגט, אום זיך וועגען איין אררעס־טירטען אידען צו קימערען אונד נאכהער האט ער דיא גאנצע מעשה פערגעססען. לאָרים האט איהם נאטירליך וועגען דעם ניט ערינערט; ער האט נור אזוי ווייט געבראכט אז מען זאָלל דעם אידעשען סטודענט אררעטירען. ער־קלערענדיג דעם פאטער דאס בייא א פער־זאממלונג פון סטודענטען, וועהרענד מען האט זיך אן געטרונקען, איז ארויס געקוממען איין אללגעמיינעס געשלעג אונד קיערסאָן האט איהם אן געגריפען. דיא אמת׳ע אורזאכע האט ער דעם פאטער ניט געקענט ערקלערען; ווען דער אלטער גענעראל דרענטעלל זאָלל ער־פאהרען, אז זיין זוהן האט זיך אזוי פיעל ער־ניעדריגט איין אידעשעם מעדכען צו ליעבען, וואָללט לאָרים פון איהם דיא גרעסטע מפלה געהאט.

דיא געזעטצליכע בעשטראפונג פיר אזא מין פערברעכען אלס קריגע אונד געשלעג צווישען סטודענטען איז געווען זעהר לייכט,

דער בעשולדיגטער האט דאפיר געדארפט בלויז א קליינע געלד שטראפע צאהלען; אבער אין דען יעצטיגען פאלל איז דיא זאך געגען ק׳ערסאָן אן גענוממען געוואָרען שטרענגער, ווייל ער האט אן געגריפען דעם גובערנאַטאָרס זוהן אונד לאָרים האט אן געווענדעט זיין גאַנ־צען איינפלוס בייא דיא בעאמטע אז מען זאָלל יאָזעפ׳ן האלטען אין טורמע וואס לענגער.

אונטערדעססען האבען אויך דיא אידען פון שטאדט געטהון זייער מעגליכקייט, יעדער איז געווען איבערצייגט אז יאָזעף האט גע־האנדעלט וויא זיין פפליכט איז געווען אונד האט קיין פערברעכען בעגאנגען. זייא האבען אויס געשטעללט א ביטשריפט צום גובער־נאַטאָר, אונד געבעטען ער זאָלל בעווייזען גענאָדע צו דעם אונשולדיגען יונגען מענשען. דער רב האט מיט דיעזען פאפיער זיך אלליין בעגעבען אין פאלאַץ, האפפענדיג דאס ער וועט מיט זיינע ווערטער עטוואס פויעל׳ן. אבער ליידער איז שוין יענע צייט לאנג פערשוואונ־דען, ווען אונזער מענדעל האט היער געהאט א מאַכט, דער יעצטיגער נייער הערשער האט זאָגאר ניט געקענט דעם רב אונד ניט געוואוסט פון זיינע גוטע טהאטען פיר דיא שטאדט; אונזער רב האט יעצט זאָגאר ניט געהאט דיא עהרע דעם גובערנאַטאָר פערזענליך צו זעהען: ער האט איהם בלויז ארויס געשיקט זאגען דאס מענדעל זאָלל מיט דיעזע ביטשריפט זיך ווענדען צום פאָליצייא מייסטער, פון וועלכען דיא זאך איז אין גאנצען אבהענגיג.

מיט א ווייטאג אין הערצען איז דער רב געגאנגען צו דיעזען בעאמטען, וועלכער האט דיא ביטשריפט דורך געלעזען אונד עס אריין גערוקט אין טאש, זאָגענדיג אז ער וועט דיא זאכע נאך זעהען אונד פאָרשטעללען וועגען דעם א בעריכט צום גובערנאַטאָר.

אזא מין טרויעריגע תשובה האט דער רב געבראכט צו זיין געמיינדע. זייער ביטשריפט האט קיין ווירקונג געמאכט, עס איז זאָגאר ניט מעגליך געווען צו ערפאהרען וואוהין מען האט דעם אונגליקליכען יאָזעף אוועק געשלעפט אונד אויב מען האט איהם שוין פעראורטהיילט אדער ניט. דיא ארמע קאטהענקא איז ארום געגאנגען מיט איין צובראכענעם הערץ; זיא האט פון צרות זיך קיין אָרט געקענט געפינען אונד קיין עצה געקענט געבען וואס צו טהון אונד וויא איהר חתן צו רעטטען. אנפאנגס האט זיא געוועסט בעשלאָססען אלליין צו געהען צום גובערנאַטאָר אונד איהם מיט א געוויין צו ערקלערען דיא ניעדערטרעכטיגע האנדלונ־גען פון זיין בן יחיד, אבער איהר האט אב־געהאלטען דער געדאנקען, אז דער שענדליכער לאָרים וועט דאדורך האבען דען פערגנינגען צו זעהען איהר ערניעדערונג אונד ער וועט געוויס בענוטצען זיין מאכט אז מען זאָלל איהר ניט אויס הערען אונד ניט גלויבען.

נאכדעם וויא עס זיינען אזעלכע אייניגע טרויעריגע וואָכען פארבייא געגאנגען האט דאס מעדכען ערהאלטען א בריעף. דיא האנדשריפט פון דיא אדרעססע וואר איהר פאָלקאממען אונבעקאנט. אלס זיא האט דען קאנווערט געעפינט אונד בעטראכט דיא אונטער שריפט, איז זיא אזוי ערשראָקען געוואָרען דאס דער בריעף איז איהר פון דיא הענד ארויס געפאללען.

„וואס איז דער מעהר, קאטהענקא?“ האט דער פאטער געפרעגט, וועלכער איז גראדע דאן דאבייא געזעססען.

„לעז עס, פאטער; עס איז פון דרענטעלל.“ האט קאטהענקא מיט א שוידער געזאגט.

דער רב האט גענוממען דען בריעף אונד אן געפאנגען אויפמערקזאם צו לעזען, קאט־הענקא האט בעטראכט דאס איהר פאטערס

נעזיכט איז באלד בעדעקט געוואָרען מיט א שרעקליכע בלייכקייט; זיינע ליפּפען האבען אן געפאנגען צו ציטטערן אונד זיינע אויגען האבען אויס געדריקט פיעל פערצווייפלונג. ענדליך האט ער דען בריעף צוזאממען גע־קנייטש אין האנד אונד איז אנידער געפאללען אויפ'ן זאָפא מיט איין ביטטערן יאממערליכען קרעכץ. קאטהענקא, וועלכע האט ניעמאלס געזעהען איהר שטאנד־האפטען פאטער אזוי אויפגערעגט, איז זעהר אונרוהיג געוואָרען.

„וואס איז מיט דיר, פאטער? וואס שרייבט ער?"

„לעז עס, מיין קינד," האט דער ארמער מאן זיך שווער אב געזיפצעט „דער בריעף איז צו דיר, לעז אונד ענטשייד אלליין וואס דוא זאָללסט טהון." מיט דיעזע ווערטער האט ער איהר דען בריעף איבער געגעבען, וועה־רענד פון זיינע אויגען האבען זיך געגאָססען טרערען.

מיט פערשיעדענע ביטטערע געפיהלען האט דאס מעדכען דען בריעף געעפענט אין וועלכען זיא האט פאָלגענדעס געלעזען.

„טהייערע פיעל געליעבטע קאטהענקא!"

„דוא האסט פאָלקאממען רעכט מיר דיא גרעסטע פאָרווירפע צו מאכען פארוואס איך האב דיר ביז יעצט ניט געשריעבען, אבער גלויב ניט אז איך האב אָן דיר פערגעססען איך ליעב דיר יעצט נאך פיעל צערטליכער אונד הערצליכער וויא אימּמער. דיין גרויזאמ־קייט צו מיר בייא אונזער לעצטען געשפרעך האט גראדע פערקעהרט אויף מיר געווירקט, דאס דיא פלאם פון ליעבע האט זיך אין מיין ברוסט נאך מעהר פאנאנדער געברענט. פון יענער צייט אן האב איך ניט איין מינוט גע־קענט אויף הערען צו דענקען וועגען דיר. איך ווייס אז דוא טראגסט אויף מיר א כעס אין הערצען פארוואס איך האב געלאָזט ארעס־טירען דיין חתן. אבער גלויב מיר, קאטהענקא, דאס איך האב דארין קיין שולד. דאס געזעטץ פון אונזער לאנד איז זעהר שטרענג איז אזעלכע צופאללען, אונד אבוואָהל איך האב אנגעווענ־דעט מיין גאנצען איינפלוס דיא זאך צו פער־שטיקען, וואר מיר דענאך אונמעגליך דאס אויס צו פיהרען. וואס אן בעטריפט דעם קיערסאָן מוז איך דיר ליידער דיא טרויריגע נאכריכט בריינגען אז ער איז שוין פעראורט־טהיילט פערשיקט צו ווערען נאך סיביר אויף אייביג. דאס איז פיר איהם איין פּירטערליכעס אונגליק; אזא מין לעבען איז פיעל ערגער וויא דער טויט; אבער נור דוא אלליין קענסט איהם רעטטען פון זיין שרעקליכען גורל. אויב דוא וועסט איין שטיממען צו קוממען צו מיר, מיין ליעבע צו אנטוואָרטען, דאן בין איך דער גליקליכסטער אין דער גאנצער וועלט אונד קיערסאָן איז פרייא; איך וועל אן ווענדען מיין גאנצע מאכט אונד מען וועט איהם פערצייהען זיין שולד. דען זעלבען טאג ווען דוא וועסט שטעהען בייא מיינער זייטע איז קיערסאָן בעג־נאדיגט אונד ענטלאססען נאך הויז. זאָג ניט, ליעבע קאטהענקא, אז איך שטעלל גרויזאמע בעדינגונגען; איך וויל דיר דאך יא געהארכ־זאם זיין אונד אללעס טהון וואס דוא וועסט פערלאנגען, גיעב מיר נאר דאס רעכט דיר צו דיענען. איך האף אז דוא וועסט מיר שנעלל אנטוואָרטען.

לאָרים

אזוי וויא פון דונער ערשלאגען איז קאט־הענקא געבליעבען זיטצען נאכדעם וויא זיא האט דיעזען בריעף איבער געלעזען. איהר גאנצער קערפער האט געציטטערט פון יאממער אונד פערצווייפלונג אונד שטילל וויינענדיג האט זיא איהר ברענענדעס געזיכט מיט דיא הענד בעדעקט. דער פאטער האט איהר מיט

גרויס מיטלייד בעטראכט אונד ניט איין ווארט געזאגט.

„אָה, וועה איז מיר! וואס זאָלל איך טהון?״ האט דאס מעדכען מיט זיך אלליין גערעדט „וויא וואללט יאָזעף מיר געהייסען זיך בענעהען? ער, דער עדלער שטאנד־האפ־טער מאן, ער וואללט געוויס בעסער טויזענד מאל שטארבען איידער צו ערווערבען פרייהייט דורך מיין שאנדע. ניין! מיין פפליכט איז מיר דייטליך קלאָר. יאָזעף איז אונשולדיג, ער האט קיין פערברעכען געטהון אונד איך, יא, איך וויל אימער ווירדיג בלייבען זיין עהרענהאפ־טען נאמען צו ערינערען.״

„גאט זאָלל דיר בעלאָהנען פיר דיעזען בעשלוס, מיין ליעבע טאכטער״ האט דער רב זיך אב גערופען „ועסטו שיקען אנטוואָרט אויף דיעזען בריעף?״

„ניין, פאטער״ האט דאס מעדכען גע־ענטפערט „אזעלכע בריעפע פערדיענען נור מיט פעראכטונג בעהאנדעלט צו ווערען, אונד מיין שווייגען וועט ריכטיג צייגען דעם שרייבער וואס איך דענק וועגען איהם.״

בייא דעם רב אין הויז אונד אויך אין דער פאמיליע קיערסאָן איז דיעזער טאג געוועזען העכסט טרויעריג. אבוואָהל יאָזעף׳ס עלטערן האבען זעהר גליעבט זייער איינציגען זוהן זיינען זייא דענאך געווען פאָלקאממען איין שטימיג מיט קאנטהענקא׳ס בעשלוס.

„אויב ער מוז געהן נאך סיביר״ האבען זייא מיט א ביטערן זיפץ געזאגט „וועט ער ווע־ניגסטענס ניט האבען צו טראגען אזעלכע זינד אויף זיין נשמה. מיר זיינען אללע אין דעם אויבערסטענס הענד.״

פון דאן אן פלעגט דער אלטער קיערסאָן טאג טעגליך געהען נאך דער פאליציייא, אום אירגענד וועלכע ידיעה פון זיין זוהן צו בע־קוממען, אבער אומזאָנסט; קיינער האט איהם אפילו ניט געוואָללט ענטפערען וואס מיט יאָזעף׳ען איז געוואָרען אונד וועלכער שיקזאל איהם ערוואַרטעט אין דער צוקונפט. מיט טרערען אין דיא אויגען אונד א צובראָכענעם הערצען פלעגט דער אלטער דאן צוריק נאך הויז געהען.

אין א וואָך ארום האט קאטהענקא ער־האלטען א צווייטען בריעף פון איהר פער־פאָלגער. לאָרים האט יעצט געשריעבען דאס דורך זיין איינפלוס איז קיערסאָן נאך ניט פער־שיקט געוואָרען; דאס אויסערדעם איז שוין פערטיג א פראָיעקט אללע אידען פון קיעוו ארויס צו טרייבען, נור ער קען דיעזען אונגליק אבווענדען, אונד אויך יאָזעף׳ן בעפרייען, אויב זיא וועט טהון זיין פערלאנגען.

אזא מין בריעף איז נייטהיג געווען פאָר־צולעגען דער גאנצער געמיינדע אום וועגען דער זאך זיך מישב צו זיין. דאס ארמע מעדכען איז כמעט קראנק געוואָרען פון פערדרוס אונד קיממער. איבערהויפט דיא שאנדע דאס אזא זאך זאָלל עפענטליך בעשפראָכען ווערען האט איהר עלעלעם געמיטה זעהר שטארק צוגעדריקט.

דעם רב האט דענאך דיעזע בעטראכטונג ניט אבגעהאלטען; ער האט געפונען אלס זיין פפליכט וועגען אזא געשיכטע זיך מיט דער געמיינדע מישב צו זיין אונד אויס צו הערען זייער מיינונג אין דיעזע זאך וואס איז נוגע דער גאנצער אידעשער בעפעלקערונג. אללע זיינען זעהר בעשטירצט געוואָרען הערענדיג פון דיא נייע געפאהר וואס שוועבט יעצט אויף זייא, אבער עס האט זיך ניט איינער געפונען וואס זאָלל ניט פערטיג זיין צו ליידען דיא גרוזאמסטע צרות איידער צו זוכען רעטטונג דורך דיא שאנדע פון דער אללגעמיין

געאכטעטען רב׳ס טאכטער. פארלויפיג איז אונמעגליך געווען אירגענד וועלכען טהעטיגען פלאן צו אונטערנעהמען אום דיא אידען צו שיטצען, אללעס וואס מען האט געקענט טהון נאך דעם רב׳ס עצה איז בעשטאנען דארין, אז דיא אידען זאללען זיך אויף זא איין אופן אויף פיהרען, דאס דיא קריסטען זאללען ניט האבען וואס געגען זייא אויס צו זעטצען.

דעם גובערנאטארס שנאה געגען דיא אידען האט יעצט ביסלאך ווייז זיך אן געפאנגען צו בעווייזען, עס האט זיך נאך פארלויפיג געהאנדעלט וועגען קלייניגקייטען, אבער דיא אידען האבען שוין געשפירט דיא בעדריקונג; זייער לעבענס הימעל האט זיך שוין בעצויגען מיט שווארצע געדיכטע חמארעס אונד זייא האבען גוט געזעהען אז דער שרעקליכער געוויטער שטורם קוממט איממער נעהענטער אונד נעהענטער.

דער גובערנאטאר האט אן געפאנגען מיט ארויס געבען א בעפעהל, דאס מען זאלל אללע אידעשע שטודענטען ארויס טרייבען פון קיעווער אוניווערזיטעט, בלויז דאריבער וויל איינער פון זייא, יאזעף קיערסאן, האט אן געשלאגען זיין שארלאטאנישען זוהן. א קורצע צייט נאכדעם האט מען אב געשאפט אללע אידעשע שרייבערס, וועלכע זיינען געווען בעשעפטיגט אין פערשיעדענע שטעללען, נור אויס דריקליך דאריבער וויל זייא זיינען אידען. דער צאהל פון דיא אידעשע שיללער אין דיא עפענטליכע שולען איז אויך באלד זעהר שטארק אבגעגרענעצט געווארען; נור דיעניגע עלטערן, וועלכע ווארען שוין מעהר וויא 10 יאהר בעשטענדיגע איינוואהנער פון קיעוו, האבען געמעגט שיקען זייערע קינדער אין דיעזע שולען, פיר בעזאנדערע גרויסע אבגאבען, וועלכע נור דיא רייכע זיינען אים שטאנדע געווען צו צאהלען. אללע איבעריגע קינדער האט מען פון דארט ארויס געטריעבען. אזעלכע אונד עהנליכע קליינע גזרות האבען בעוויעזען קלאר, אז דיא קורצע צייט פון איין פריעדליכען לעבען פיר דיא אידען אין רוסלאנד איז שוין פערפלויגען, אונד יעצט פאנגט זיך אן אין אנדערע צייט פון אכזריות אונד פערפאלגונגען.

איין טאג איז דער רב מענדעל געזעססען זעהר אומעטיג בייא זיך אין שטודיר צימער. אין דרויסען האט דער רעגען געגאססען עמערוויז, זא דאס דיא גאנצע געגענד ארום איז געווען אזוי וויא מיט א מבול פערטרונקען. דער רב האט זיך שווער אבגעזיפצעט, בעטראכטענדיג דיעזע טרויעריגע סצענע, וויא דיא נאטור האט זיך פערוואנדעלט אין פינסטערניס אונד שטורם, גראדע אזוי וויא דער יעצטיגער עלענדער צושטאנד פון דיא אונגליקליכע אידען.

פלוצלונג איז דיא טהיר האסטיג געעפענט געווארען אונד אין צימער איז אריין געלאפפען יאזעף קיערסאן. זיין געזיכט וואר בלייך אונד אב געצעהרט אזוי וויא בייא א טויטען, זיינע קליידער זיינען אויף איהם געהאנגען שטיקער וויא צוריססען, פון וועלכע עס האט זיך געגאססען טייכען רעגען וואססער. זיין גאנצער צושטאנד איז געווען יאממערליך אן צו זעהען אונד דער אויסדרוק פון זיין ערשיינונג האט בעוויעזען טרויער אונד עלענד. דער רב איז כמעט ערשראקען געווארען אונד אויף געשפרונגען וויא ער האט איהם דערזעהען. אבער באלד האט ער בעמערקט אז דער יונגער מענש קען זיך קוים אויף זיינע פיסס האלטען פון פיעל מידיגקייט אונד אויפרעגונג. ער האט איהם צו געפיהרט צו א שטוהל אויס רופענדיג: ,,יאזעף?! גאט צו דאנקען! קאטהענקא, רחל, קוממט שנעללער אהער!“

קאטהענקא איז אריין געלאָפען אין צימער אונד מיט איין אויסרוף פון בעגייסטערטע פריידע איז זיא ארויף געפאללען יאָזעף'ן קוססען אונד האלזען.

„אָה, ליעבער יאָזעף! וויא גליקליך איך בין! ביסטו שוין פרייא, אין גאנצען בעפרייט?"

יאָזעף האט זעהר שווער דעם אטהעם געצאגען אונד איז ניט איהם שטאנד געווען איין וואָרט אויס צו שפּרעכען. מענדעל האט אָן געגאָססען א גלאָז ליקער וועלכעס רחל האט אריין געטראָגען אונד געגעבען יאָזעף'ן טרינקען; דער ערמידעטער יונגער מענש האט אָן געפאנגען ביסלאך וויז צו זיך צו קוממען.

„שנעלל" האט ער מיט א שוואכע שטיממע געזאגט „בעהאלט מיר אירגענד וואו איידער זייא וועללען קוממען מיר זוכען."

„ביסטו אלזאָ ניט פרייא געשפּראָכען?" האט דער רב געפרעגט מיט איין האלב אר־צופריעדענע מינע.

„ניין, איך בין ענטלאָפען געוואָרען. איך וועלל אייך אללעס ערצעהלען, אבער ניט יעצט אונד ניט היער, בעהאלט מיר פריהער אירגענד וואו אין א זיכערען אָרט. שיקט רופען מיינע עלטערען. געהען יעצט צו זייא איז פיר מיך געפעהרליך, אבער איך וויל זיך מיט זייא זעהען פאר מיין אברייזע."

„וויא, דוא וויללסט פעררייזען?" האט קאטהענקא געפרעגט.

„געווים, איך מוז. זאָנסט ריזיקיר איך מיט מיין לעבען אויב איך זאָלל דא בלייבען."

דער רב האט ארויף געפיהרט דען יונגען מענשען אין א בעזונדערע צימער אויפ'ן צווייטען פלאָאר, וואו ער האט איהם געלאָזען מיט דיא פרויען; אלליין איז ער ווידער ארונ־טער געגאנגען אונד געשיקט צו יאָזעף'ס עלטערן אָן זאגען אז זייא זאָללען אויגענבליקליך קוממען.

ביז וואנען אללע האבען זיך פערזאממעלט איז יאָזעף שוין פאָלשטענדיג צו זיך געקוממען אונד זאָגאר עטוואס פרעהליכער געוואָרען.

„אבער וואו האט מען דיר געהאַלטען אונד וואס האט מען מיט דיר געטהון?" ווארען דיא פראגען מיט וועלכע מען האט דען יונגען מענשען בעשטורמט, נאך דיא ערסטע בעגריסונגען פון פרייד אונד ענטציקונג.

„אָה, איך בין געווען אין א פירכטערליכען פלאטץ" האט זיך יאָזעף אבגעזיפצעט בייא דיא איינציגע ערינערונג וואס ער איז ביז יעצט אויס געשטאנען „פון דער היים בין איך אוועק געפיהרט געוואָרען אין דיא טורמע וואס שטעהעט נעבען דיא גרויסע קאזארמעס, אין פעצערסקאָי קווארטאל. איך האב קיין אונ־טערזוכונגס ריכטער אין דיא אויגען געזעהען, עס איז קיין שום פראָצעס וועגען מיר ניט פאָרגעקוממען; מען האט מיר בלויז אריין געוואָרפען אונד איינגעשלאָססען אין א מין פינסטערע גרוב, אין וועלכע עס איז קיין פלאטץ געווען צו שטעהען אונד צו ליעגען. אלס מיינע אויגען זיינען עטוואס איין געוואהנט געוואָרען צו דיא פינסטערניס האב איך זיך ארום גע־קוקט אונד בעטראכט דאס אין א ווינקעלע איז געלעגען א בינטעל שטרויא, דערבייא א צובראָכענער ביינקעל אונד א הילצערנער עמער, דאס איז געווען דאס גאנצע מעבעל. דיא פייכטע עיפּוש'דיגע לופט, דיא שרעקליכע שמוטץ פון דיעזער גרויזאמען געפענגניס איז געווען אונמעגליך צו ערטראגען. פון דיא שטינ־קענדע עססען וואס מען האט מיר געבראכט האב איך קיין זאך אין מויל געקענט נעהמען, אויסער א שטיקעל גראבע ברויט, מיין לעבען צו ערהאלטען. אין דיעזען עלענדען געפענגניס בין איך געלעגען וויא לאנג ווייס איך אלליין ניט, דען איך האב פערלארען דיא צייט

רעכנונג. איך האב זיך געוואונשען אז מען יאָלל מיר שוין ענדליך פערשיקען אין סיביר, נור פטור צו ווערען פון דיעזע געפעהרליכע גרוב, אבער צום אונגליק האט מען וועגען מיר קיין שום אנטערזוכונג אן געפאנגען, אונד דער געדאנקען אז איך וויים ניט וואס פיר א פינס־טערע צוקונפט מיר ערווארטעט האט מיר אין גאנצען צו געדריקט."

„מיין ארמער, ארמער זוהן!" האט דער אלטער קיערםאן מיט טרערען פון רחמנות אויס גערופען „אָה, וואס פיר שרעקליכע צרות דוא ביסט געבאך אויסגעשטאנען! אבער ער־צעהל אונז וויא איז דיר געלונגען פון דאָרט צו ענטלויפען?"

„גאנץ צופעללינ. מיט א קורצע צייט צוריק האט מען אראָפּ געשיקט אין געפענגנים איין נייעם אינספעקטאָר, וועלכער איז געוועזען פיעל גוטהערציגער וויא דער ערסטער. גלייך בייא זיין אריין קוממען האט ער בעזוכט אללע קאממערען אונד אויס געפרעגט בייא יעדען געפאנגענעם דיא אורזאכע פארוואס ער זיצט. אלס איך האב איהם ערצעהלט מיין געשיכטע איז ער זעהר ערשטוינט געוואָרען אונד נאך איין קורצען נאכדענקען האט ער מיר ערקלערט, דאס וואהרשיינליך האט מען זיך וועגען מיר אין גאנצען פערגעססען, דען עס איז אונמעגליך אז פיר אזא קליינעם פערברעכען זאָלל מען מיר האלטען ארעסטירט אזוי לאנג אונד אויף זאָ איין גרויזאמען אופן. אין אלגעמיין האט זיך דיעזער אינספעקטאָר צו מיר זעהר פריינדליך בעוויעזען אונד אין מיין צושטאנד א גרויסען אנטהייל גענוממען. ער האט זיך באלד וועגען מיין פראצעס אן געפאנגען צו ערקונדיגען אונד איז ערפאהרען אז איך מוז פערבלייבען אין טורמע ביז זייא וועללען זיך מישב זיין וואס מיט מיר צו מאכען. דענאך האט מען איהם קיין אויס דריקליכען בעפעהל געגעבען אז ער זאָלל מיר האלטען איינזאם אבגעשלאָססען, דארום האט ער מיר פון דאן אן ערלויבט פרייא אין הויף פון טורמע ארום צו געהען אונד איך האב געזוכט מיט אללעם וואס איז מעגליך געוועזן איהם נוטצבאר צו זיין. איך האב דאן געוואָללט שרייבען צו אייך אבער דאס האט מען מיר בשום אופן ניט ערלויבט. היינט האט זיך מיר פאָרגעשטעללט דער גליקליכער צופאלל צו ענטלויפען: דער אינס־פעקטאָר איז ארויס געגאנגען אין דיא ניעדערע אבטהיילונג פון קארידאָר, אום נייע געפאנ־גענע אן צו נעהמען אונד האט פערגעססען דיא שליעסלען אויפ'ן טיש. דיעזען אויגענבליק האב איך בענוצט אום זיך צו בעפרייען; שנעלל האב איך געכאפט דיא שליעסלען, גע־עפענט דיא אויסערע טהיר אונד ארויס גע־לאָפען. געהן דורך'ן שטאדט גראדע אהער האב איך מורא געהאט, טאמער וועט מען מיר נאך יאָגען אונד געפינען, דארום האב איך געמוזט לויפען אויסען שטאדט, מיט ארומיגע וועגען, אונד אזוי בין איך געלאָפען גאנצע צווייא שטונדען, דורך שטורעם אונד רעגען, דורך זומפּף אונד טהאל, זאָ דאס איך האב שוין קיין קרעפטען מעהר געהאט אויף דיא פיסס צו שטעהען. מיט דיא לעצטע כוחות האב איך זיך קוים ביז אהער דערשלעפט."

„אונד וואס וואָללט זיין אז מען זאָלל דיר יעצט געפינען?" האט דער רב געפרעגט.

„דאן וואָללטען זייא מיר צוריק אוועק גע־שלעפט אין געפענגניס אונד בעהאנדעלט נאך גרויזאמער וויא פריהער. עס איז שוין גלייכער פיר מיר דער טויט איידער דאָרט אין דעם שרעקליכען גהינום ווידער אריין צו פאלען. פיר אייך איז אויך זעהר געפעהרליך מיר צו האל־טען; איך מוז אלזאָ נאך דיעזען אבענד אבריייזען."

„וואוהין ווילסטו געהען?" האט קאט־הענקא געפרעגט, וועלכע איז דיא גאנצע צייט געזעססען נעבען איהר געליעבטען חתן, איהם יעדע מינוט אב ווישענדיג זיין ברענענדע געזיכט.

„איך וויים אלליין ניט. אירגענדוואו! נאך דען ערסטען בעסטען ארט וואו איך וועלל קענען געפינען גוטע פריינדע וואס זאללען מיר שטיטצען, אונד וואו איך זאלל האבען דיא מעגליכקייט עפטער פון אייך ידיעות צו בעקוממען."

דער רב האט א וויילע נאכגעדענקט.

„דוא ווייסט וואס איך וועלל דיר ראטהען, יאזעף" האט ער זיך אב גערופען „געה נאך בארדיטשוב, דער דארטיגער רב איז מיט מיר זעהר גוט בעפריינדעט, איך וועלל דיר געבען צו איהם איין רעקאמענדאציאנס בריעף אונד ער וועט טהון אללעס וואס מעגליך איז דיר בעהילפיג צו זיין. דאצו איז בערדיטשוב ניט ווייט, ווען דוא זאללסט יעצט ארויס געהען וועסטו דאהין קוממען מארגען גאנץ פריה."

„אה, מיין גאט, וויא איז דאס מעגליך אז יאזעף זאלל געהען יעצט, בייא אזא שלעכטען וועטער, אין אזא פינסטערע נאכט?" האט האט דאס מערכען אויס גערופען. „פערלאז אונז ניט, מיין טהייערער: פערבלייב היער, מיר וועללען דיר בעהאלטען."

„ניין, ליעבע קאטהענקא, מאך מיר ניט אזוי שווער פון אייך אבשייד צו נעהמען. איך מוז אוועק, אום זיך צו רעטטען אונד אייך פון אונגליק צו פערהיטען. זאגאר יעצט ציטטער איך איבער יעדע מינוט דאס מען וועט דאס הויז בעפאללען. איך געהע באלד נאך בערדיטשוב."

„אונד דיינע פראיעקטען וועגען דאקטאר שטודירען? וואס וועט יעצט דאפון ווערען?" האט דער אלטער קיערסאן נעפרעגט.

יאזעף האט זיך שווער אבגעזיפצעט, אין זיינע אויגען האבען זיך בעוויזען טרערען.

„יא, עס איז זעהר ביטטער פון אללע זיססע האפנונגען זיך צו ענטזאגען, אבער וואס קען איך זיך העלפען?"

„זייא ניט אומעטיג, מיין קינד" האט דער רב איהם געטרייסט „פיר איין ארענט־ליכען יונגען מענשען גיעבט עס נאך פיעלע וועגען אים לעבען. מיט עהרליכקייט, געדולד אונד מוטה וועסטו נאך אים שטאנדע זיין דען בעסטען ערפאלג אויף איין אנדער אופן צו עררייכען, מענסט זיין דאקטאר, אדער שוסטער ביסטו בייא אונז דערזעלבער געליעב־טער יאזעף אונד איך גלויב אז קאטהענקא וועט דיר אויך אין יעדער לאגע בלייבען טרייא מיט איהר ליעבע."

דאס מערכען האט מיט פיעל צערטליכ־קייט אום געארמט אונד געקוסט איהר טרויריגען יאזעף, וועלכער איז דאפון מוטהיג אונד ענטציקט געווארען.

„ברייננגט מיר עטוואס צו עססען" האט דער יונגער מענש מיט איין ערלייכטערטען הערצען געזאגט „איך בין אויס געהונגערט אונד מוז זיך שטארקען דען לאנגען וועג צו פוסס צו מאכען."

קאטהענקא האט אויגענבליקליך פערפער־טיגט א געשמאק־האפטען מאהלצייט אונד געבראכט יאזעף׳ן. דאס מוטהיגע מערכען האט איהם מיט איהרע גוטע ווערטער איהם אויף נעמונטערט אונד נעקרעפטיגט פיר זיין איינ־זאמע רייזע.

עס איז ענדליך נאכט געווארען. דער שטורם האט נאך אימטער געברויזט אונד דער רעגען האט ניט אויף געהערט צו פלייצען. פיר א פוסס געהער איז דיזע נאכט געוועזן

זעהר שרעקליך יאָזעף'ס מוטער איז יעצט צו געשטאנען ער זאָלל אבווארטען ביז דער רעגען וועט איבער געהען, אבער ער האט מיט טרויי־ערינען ענטשלוס איהר ביטטע ענטזאגט.

„אויב איך וועלל נאך לענגער ווארטען וועט מען מיר געוויס ווידער געפאנגען נעה־מען. איך דארף מעהר קיין צייט פערליערען, יעדעס אויגענבליק איז יעצט טהייער. זייט אללע געזונד מיינע טהייערע אונד ליעבע. אויב עס וועט מעגליך זיין וועלל איך מיט דער צייט צוריק קוממען נאך קיעוו אונד ביז דאהין מוז איך בלייבען פון אייך געשיידעט."

נאך איין ריהרענדען אונד טרערען פאָללען אבשייד האט יאָזעף זיך איין געהילעט אין א ריקען רייזע מאנטעל, וואס מען האט איהם יעצט פערשאפט, אונד איז ארויס אין דיא פינסטערע גאסס.

א קורצע צייט זיינען אללע געזעססען אין צימער, יעדער ווייגענדיג שטיללערהייט מיט א צובראָכענעם הערצען, ענדליך האט מענדעל געזאגט צו דיא קיערסאנס אז זייא זאָללען וואס שנעללער געהען אהיים.

„דיא זשענדארמען וועללען געוויס צום ערסטען קוממען אין אייער הויז זוכען יאָזעף'ן, אויב זייא וועללען אייך ניט געפינען קען אויף אייך פאללען א גרויסער חשד אונד צו ליעב דעם וועט זיך ענטדעקען א שפור איהם צו פערפאלגען. בעססער געהט באלד נאך הויז."

דעם רב'ס רעכנונג האט זיך אין דער טהאט בעוויזען פאלקאָממען ריכטיג. קוים זיינען דיא אלטע אריין אין שטוב וואר שוין דאס הויז אין א פּאאר מינוטען נאכדעם ארום גערינגעלט; דיא זשענדארמען זיינען אריין געקאממען אונד אן געפאנגען איבעראלל צו זוכען. אויף זייערע פראגען האבען דיא אלטע וויקליך געקענט זאגען אז יאָזעף איז זאָגאר בייא זייא ניט געוועזען מיט פלוכען אונד פער־ווינשונגען איז דיא פאליציייא ארויס געגאנגען אונד זייא האבען זיך באלד בעגעבען צום רב. דאָרט האט דיא אונטערזוכונג אויך צו קיין ערפאָלג געבראכט אונד עבען דאסזעלבע וואר אין דעם גאנצען אידעשען קווארטאלל אונ־מעגליך עטוואס וועגען דעם ענטלאפענעם ארעסטאנט צו דערגעהען. דיא זשענדארמען האבען צוריק געקעהרט אין פעסטונג אונד ערקלערט דעם אינספּעקטאָר, אז נאך אללע אונטערזוכונגען איז זייא ניט געלונגען אירגענד וועלכע שפור וועגען יאָזעף'ן צו ענטדעקען. אנפאנגס איז דער אינספעקטאר אפילו גע־וואָרען זעהר בייז, אבער ענדליך האט ער א מאך געטהון מיט'ן האנד זאגענדיג צו זיך אלליין.

„זאָלל ער איבעריגענס געהען, דער ארמער יונגע! ווען ער וואָללט אפילו דעם גובערנא־טאָר אלליין אן געקלאפּט דיא זייטען איז ער דאָ שוין גענוג אב געקוממען צייט דיא צווייא מאָנאט."

אין אייניגע טעג ארום האט קאטהענקא ערהאַלטען צווייא בריעף. דער ערסטער וואס זיא האט געעפענט וואר פון יאָזעף'ן, מיט דיא גוטע נאכריכט דאס ער איז זיכער אן גע־קוממען אין בערדיטשוב, וואו רער רב האט איהם זעהר פריינדליך אן גענוממען אונד דורך זיין איינפלוס האט ער גוטע בעשעפטיגונג בעקוממען. דער גאנצער בריעף האט געאט־העמט מיט וואהרע ליעבע אונד עווינע טריי־הייט; דאס ענטציקטע מעדכען האט מיט טרערען פון פריידע דען פאפיער געקוסט אונד צו איהר שטורמענדען הערצען געדריקט.

דער צווייטער בריעף וואר פון לאָריסען. אויף דיעזער האט געשריבען פון זיין פער־צווייפעלטע ליידענשאפט אונד ברענענדע

ליעבע, אבער זיינע בלומען־פראזען האבען אין דעם מערבענ'ס ברוסט ערוועקט א געפיהל פון אבשויא אונד עקעל. לאַריס האט וואהר־שיינליך נאך ניט געוואוסט אז יאזעף איז ענטלאפען, דארום האט ער געענדיגט זיין שרייבען מיט דיא פאָרדערונג, אז קאטהענקא זאָלל ניט אנדערס נאך היינט קוממען צו איהם, זאָנסט וועט יאזעף מאָרגען פערשיקט ווערען נאך סיביר.

קאטהענקא האט דיעזען שרייבען אריין געוואָרפען אין פייער.

## 31. קאפיטעל.

### א מארד־פערזוך אויפ'ן צאר.

פון דיעזער צייט אָן איז קאטהענקא פאָל־קאממען בעפרייט געוואָרען פון דעם יונגען גראף'ס פערפאָלגונגען. ניט דארום וויל ער האט זיין ליעבע צו איהר אויף געגעבען, נור גאנץ איינפאך, וויל ער האט ווידער געמוזט זיין א גאנצעס יאהר אבוועזענד פון קיעוו, איבער דיא פאָלגענדע אורזאכע:

דיא ניהיליסטישע בעוועגונג האט זיך צו יענער צייט זעהר שטארק ענטוויקעלט אין דער ארמעע. פיער אפפיציערען פון לאַריס'עס רעגימענט זיינען שוין פערשיקט געוואָרען, דא־פיר וואס זייא האבען פערברייטעט ניהיליסטישע שריפטען. נאך איינער האט געשמאכטעט אין געהיימען געפענגנים, וויל ער האט אנ־טהייל גענוממען צו בעפרייען אכט ניהיליס־טישע פערברעכער, וואס זיינען פון טורמע ענטלאפען געוואָרען. אין אנדערע רעגימענטען זיינען אויך פיעלע אזעלכע געשיכטעס ענט־דעקט געוואָרען. דער גענעראל־גובערנאטאָר דרענטעלל האט דארום ערקלערט איבער אללע זיינע פראָווינצען דיא שטרענגע געזעטצען פון קריעגס צושטאנד־

אבוואהל דיעזעס מאלל איז אויף לאַריס'ן קיין שולד ניט דערגאנגען געוואָרען האט איהם דער אלטער דרענטעלל דענאך זעהר שטארק חושד געוועזן, אז ער שטעקט אין אירגענד וועלכער ניהיליסטישער אינטריגע. עס איז צווישען זייא א שטורמישע אונטערערדונג פאָרגעקוממען, אלס דער פאטער האט איהם וועגען דעם געפרעגט; לאַריס האט זיך יעצט געפונען זאָגאר בעליידיגט ווייסענדיג אז ער איז גאנץ אונשולדיג.

,,הער נור צו, לאַריס!'' האט דער אלטער גענעראל אויס גערופען ברענענדיג פון כעס ,,איך האב דיר איינמאל גערעטעט דאס לעבען אונד זיך אללײן רעזיקירט. אבער איך שווער בייא דעם הייליגען ניקאָלייא, דאס ווען איך זאָלל יעצט דערגעהען אויף דיר עטוואס פון דיעזע שאנדטהאטען, וועסטו בייא מיר קיין נאכזיכט, קיין שום רחמנות ניט געפינען. איך וועלל דיר בעהאנדלען נאך ערגער וויא א פרעמדען, נאך שטרענגער וויא דען ניעדעריג־סטען פון דעם קייזערס אונטערטהאנען.''

לאַריס איז אב געשפרונגען פון שרעק הע־רענדיג דיעזע ווערטער אונד איז בלויז אים שטאנד געוועזן צו ווידערהאָללען אז ער ווייס ניט פון וואס צו זאגען.

דיא לעצטע בעגעבענהייטען אין לאַריס'עס רעגימענט האט דעם גענעראל דרענטעלל בעוויעזען, אז עס עקסיסטירט וואהרשיינליך איינע פערבינדונג צווישען פיעלע אָפפיציערען מיט דעם געהיימען רעוואָלוציאָן'ס קאָמיטעט. אום איין פיר אללע מאָל דיעזע פערבינדונג אב צו האקען האט דער גענעראלל בעשלאָסען, דיא גאנצע דיוויזיאָן ארויס צו שיקען פון קיעוו נאך איין גאנץ וויטען געגענד. לאַריס האט נאטירליך אויך געמוזט מיט געהען אונד אויף דיעזען ארט איז ער פערבליעבען א גאנצעס יאהר אין דיא ווייטע סטעפעס פון גרויס רוססלאנד.

בייא אללעם דעם איז אונמעגליך געווען דיא רעוואָלוציאָנערע אגיטאציאָן אין גאנצען צו פערניכטען. דיא בעוועגונג האט זיך פער־שפרייט צווישען אללע קלאסען אונד שטאנדען דער געזעללשאפט אונד דער צאהל פון איהרע אנהענגער האט געשטיעגען פון טאג צו טאג. אללע דעספאָטישע מיטטלען, דיא גרויזאמסטע בעשטראפונגען האבען ניט געקענט דערשטיקען דיא פרייהייטס אידעע, וועלכע האט אימכער־וועהרענד מעהר אונד מעהר אין פאלק דורך־געדרונגען, אונד פיר דיעזע העררליכע אידעע האבען טויזענדע מענשען זיך מיט פריידען געלאָזט שלאכטען אונד זייער ביישפיעל האט נאך טויזענדע אנדערע בעגייסטערט זיך פיר דיעזע הייליגע זאך אויף צו אָפפערען.

איין אונד צוואנציג פערזאָן זיינען דאן אין קיעוו ארעסטירט געוואָרען, דאס זעלבע אויך אין חארקאוו אונד פיעלע אנדערע שטעדט. דער טויט אונד דיא פערבאנונג פון דיעזע פרייהייטס מארטירער האט דיא רעוואָלוציאָן נאך מעהר אויף געקאָכט.

דען 17 טען פעברואר פון דעם יאהר 1880, אלס דיא קייזערליכע פאמיליא וואר אין ווינטער פאלאטץ אונד האט זיך פערזאממעלט אין שפייזע צימער צו מיטאג, איז דיא גאנצע געביידע ערשיטערט געוואָרען, אזוי וויא פון א שרעקליכען דאָננער קראך. איינע דינאמי־טישע־מינע האט געפלאצט אונד צערשמע־טערט אויף שטיקלאך א גרויסע טהייל פון פאלאטץ. צעהן סאָלדאטען זיינען אויף דער שטעללע געהרג׳עט געוואָרען אונד 45 פער־וואונדעט; נור דיא קייזערליכע פאמיליע האט ניט געשאדעט.

איינע העכסט שטארקע אויפרעגונג איז איבער דיעזען צופאלל אין דער גאנצער מדינה ענטשטאנדען. עס איז באלד געגרינדעט געוואָרען איינע קאָממיסיאָן, מיט אונבעשרענקטע רעכטען דיא פורכטבארסטע מיטטלען אן צו ווענדען, אום דיא ניהיליסטישע טהעטיגקייט אויס צו ראָטען. אלס פרעזידענט פון דיעזער שרעקליכער קאָממיסיאָן איז גענעראל מעליקאָף בעשטיממט געווארען.

אין א קורצע צייט נאכדעם, דען 2 טען מערץ, האט איינער געשאָססען אויף גענעראל מעליקאָף, אין דען מאָמענט ווען ער איז פון זיין קאראָט ארויס געשטיעגען. דער פערברע־כער איז אזוי נאָהענט נעבען איהם געשטאנען אז דער גענעראל האט איהם אייגענבליקליך געגעבען א פאטש אונד באלד וואר ער ארעסטירט.

ביי׳ן פראצעס האט זיך ערקלערט אז דיעזער אונגליקליכער וואר א געטויפטער איד, א געוויסער ווארעטסקי. פון דעם ריכטער׳ס פראגע, ווארום ער האט זיך פון אידעשען גלויבען ענטזאגט, איז דער בעשולדיגטער זעהר אויפגערייצט געווארען.

„עס וואר מיר שוין לענגער אונמעגליך אלס איד צו עקסיסטירען״ האט ער מיט א ביטערע שטיממע אויס גערופען „איהר האט פון מיר אוועק גערויבט מיינע קינדער פיר סאָלדאטען; איהר האט דאס לאנד, וועלכע איך האב מיט שוויס בעארבייט, בייא מיר צו גענוממען; מיט פעראכטונג אונד פער־פאָלגונג האט איהר מיר געדריקט, אז אללע נערווען פון מיין הערצען האבען שיעור ניט געפלאצט אונד דאן, אז איך האב שוין לענגער דיעזע גרויזאמע יסורים ניט געקענט ערטראגען, דאן האט איהר מיר געצייגט דיא איינציגע וועג פון רעטונג, איך זאָלל אייער קריסטליכען גלויבען אן נעהמען. ניט האבענדיג מעהר קיין ברירה האב איך זיך געלאזט אן ריידען אונד בין געצוואונגען געווען זיך צו טויפען.

,,יא איך בין געוואָרען א קריסט'' האט וואדעטסקי מיט פערצווייפלונג וויטער ער־קלערט ,,אדער ריכטיגער צו זאגען, א פער־דאממטער היפאקריט, וועלכער האט פער־לאָרען יעדעס מענשליכעס געפיהל אונד דיא אכטונג בייא זיין געבארענע נאציאָן. אבער וויא האט איהר, מיינע נייע גלויבענס גענאָססען, מיר בעהאַנדעלט? איהר האט מיר בערעקט מיט שפּאָט אונד שאנדע אונד איך האב פון אייך געליטען נאך גרעסערע צרות אלס איך וואר א איד. צוריק קעהרען איז שוין געוועזן צו שפעט אונד איך האב ניט ווילקענדיג גע־מוזט בלייבען בייא אייער גלויבען, מיט וועלכען איהר בעריהמט זיך אז ער האט געבראכט פריעדען אויף דער וועלט. אין מיין גרעסטע פערצווייפלונג האב איך זיך אן געשלאָססען צו דיא פּאַרטייא, וועלכע שטרעבט ניעדער צו שטירצען אייער טיראנישע רעגיערונג אונד דורך צו ברעכען א וועג צור פרייהייט.''

וואדעטסקי איז דיא גאנצע צייט פון פּראצעס געבליעבען פאָלקאממען מוטהיג. ער האט זאָגאר ניט געזוכט זיך צו פערטהיידיגען אונד אין דרייא טעג ארום, אלס ער האט בעשטיענען דען שאפאט, האט ער הויך אויס געשריען:

,,איך האב מיין אבזיכט ניט אויס גע־פיהרט, אבער מיינט ניט אז גענעראל מעליקאָף איז שוין זיכער. נאך מיר וועט קוממען א צוויי־טער אונד א דריטער. מעליקאָף מוז פאללען אונד אייער צאר וועט איהם אויך ניט לאנג איבער לעבען.''

דער אידעשער צושטאנד האט זיך צו יענער צייט איממער וועהרענד מעהר אונד מעהר פערפינסטערט. דיא אלגעמיינע אויפ־רעגונג האט ארויס גערופען שווארצע געוויטער וואָלקענס פון רעליגיאָן'ס האסס אונד פאנא־טיזם אונד דיא אבשייליכע שטיממען פון פערשיעדענע יודען פיינדע האבען דאס גאנצע לאנד פערהילכט. פיר דען פּאָפּ יאָהאַן איז יעצט געקוממען דיא צייט פון דיא גרעסטע טהעטיגקייט. פון זיינע פאלשע אונטערזוכונגען וועלכע ער האט אויף געזאממעלט וועגען דעם אידעשען לעבענסארט אונד פערהעלטניסען האט ער פערפאסט א בוך, אונטער דעם טיטעל ,,דיא פערניכטונג פון דיא אידען.'' יעדע שורה, יעדעס ווארט פון דיעזען בוך האט געאָטהעמט מיט ברענענדיגע שנאה אונד גרויזאמען האסס. ער האט אין דיעזען ווערק מיט א זעלטענעם טאלאנט פערדרעהעט דיא פאקטען אונד פאַרגעשטעללט אין א לעב־האפטע שפראכע אזעלכע שרעקליכע בילדער, וואס האבען אויף יעדען לעזער דען טיעפסטען איינדרוק געמאכט. ער האט בעוויעזען אז דיא גאנצע אונצופריעדענהייט אין לאנד שטאממט נור דאריבער ווייל דיא אידען האבען צו גע־נוממען דיא בעסטע ערפאָלגרייכסטע געשעפ־טען אונד האבען דאמיט דער קריסטליכען בעפעלקערונג דען גרעסטען שאדען געבראכט; דאס פריהער אדער שפעטער מוז דאריבער ענטשטעהען א קאמפף צווישען דיעזע נאצ־יאָנען אונד דארום וואָללט דיא גלייכסטע זאך געוועזן אז מען זאָלל אללע אידען פון רוססלאנד ארויס טרייבען. מיט פאלשע סטאטיסטישע בעווייזען האט ער אויף געצייגט, אז דיא גרעסטע טהייל פון דער אידעשער נאציאָן בעשעפטיגט זיך נור מיט פראצענט נעהמען אונד בראנפען האנדעל. דאדורך פערארמען זייא דיא קריסטען אונד פערפלאנצען אין זייא דיא שענדליכסטע מדות; דאס זייער גאנצען רייכטהום האבען אידען נור פון דיא קריסטען אוועק גענוממען, דאדורך האבען זייא געבראכט אונד ברייגנען יעצט פיר רוססלאנד דען

גרעסטען אונגליק: דארום איז פאָלקאָממען רעכט אז איידער מען וועט פון זייא פטור ווערען זאָלל דיא רעגיערונג קאָנפיסקירען דען גאנצען אידעשען איינענטהום.

דיא ווירקונג פון דיעזער המן׳ס מסירה איז געוועזען שרעקליך; אזוי וויא מיט א פייער בראנד האט זיא דאס גאנצע לאנד אן געצונ־דען. דיא פערזאָן פון דעם פערפאססער, וועלכער וואר א מיטגליעד פון דער קאָמיסיאָן וועגען דער יודען פראגע, איז געוועזען הויך גע־אכטעט בייא דער קריסטליכען געזעללשאפט אונד דארום האט זיין בוך נאך א גרעסערען איינדרוק אויף אללעמען געמאכט, ווייל יעדער איז געוועזען איבערצייגט אז דער קייזער אלליין איז פאָלקאָממען איין שטיממיג מיט דיעזע מיינונגען. דיא צייטונגען האבען גאנצע אר־טיקלען פון דיעזען בוך פּובליצירט, אונד נאך צוגעלייגט איינענע בעטראכטונגען, איבער דיא וואהרהייט פון דעם פערפאססערס בעהויפטונגען. אין גאנץ רוססלאנד האט זיך באלד אויף גע־הויבען איין אלגעמיינער געשרייא „ניעדער מיט דיא פערפלוכטע אידען!" זאָ דאס קיינער האט זיך מעהר ניט געקענט ערלויבען אויס צו שפרעכען דיא קלענסטע פערטהיידיגונג פיר דיעזעס אונגליקליכעס פאלק. דאס פער־ברעכען פון דעם אונגליקליכען ווארעטסקי געגען גענעראל מעליקאָף האט געדיענט דען פייער נאך מעהר צו פערגרעסערען. אבוואָהל דער פערברעכער איז שוין יאהרענלאנג געוועזען געטויפט, האט דיא גאנצע רוססישע פרעססע געשריען אז אידען זיינען מורדים געגען דיא רעגיערונג אונד טהוען אָפּ אללע מערדערייען אונד רציחות.

דענאך איז ביז יענע צייט נאך ניט גע־קוממען צו אללגעמיינע עפענטליכע אנגריפען געגען אידען. דאס גרעסטע טהייל פון דיא רוססישע לאנד ארבייטער אונד פויערים האבען פון דיעזע אנטיסעמיטישע בעוועגונג כמעט נאך גאר ניט געוואוסט, פשוט דארום ווייל זייא האבען אין זייער לעבען קיין צייטונ־גען ניט אן געזעהען אונד אויף דיא צופעלליגע געשפרעכען פון דיעזער אגיטאציאָן האבען זייא גאנץ וועניג געקוקט. דיא געוועהנליכע גע־זעללשאפטליכע פערבינדונגען צווישען אידען אונד קריסטען זיינען נאך ביז יעצט ניט גע־שטערט געוואָרען, אבער דאך זיינען שוין אָפט פאָרגעקוממען מאנכע סקאנדאלען אונד גע־שלעג, וועלכע האבען זיך איממער פיר דעם אידען זעהר טרויעריג געענדיגט.

פאָלגענדער צופאלל וועט בעווייזען דעם צושטאנד פון דאמאלס, ווען עס האט זיך שוין אנגעפאנגען דיא אויפרעגונג צווישען אידען אונד קריסטען; אונד צו גלייכער צייט וועט עס אויך דיענען אלס ביישפיעל פון דיא רוססישע גערעכטיגקייט.

צו א געוויססען איטציקאָוו אין קראָם איז אריין געקוממען א קריסט עטוואס קויפען; וועהרענד דער קרעמער האט זיך אב געדרעהעט אום דען פערלאנגטען ארטיקעל צו דערלאנ־גען, האט דער קריסט געכאפּט דען קעסטעל מיט דאס געלד אונד געוואָללט אנטלויפען. איטציקאָוו האט עס אבער צור רעכטען צייט בעמערקט, געפּאקט דעם גנב ביי׳ן האלז אונד איהם אריין געלעגט איינינע גוטע קלעפּ. אויף זיין געשרייא האבען זיך באלד צוזאממען גע־קליבען א גאנצע באנדע קריסטען, וועלכע זיינען שרעקליך אויף געקאָכט געוואָרען זע־הענדיג דאס א איד האט זיך ערלויבט צו שלאגען א קריסט. עס איז געוואָרען א רעש, א מהומה; דער אויפלויף האט זיך יעדע מינוט פערמעהרט אונד אויגענבליקליך האבען זייא דיא גאנצע קראָם סחורה ארויס געוואָרפען

אויפ'ן נאסס אונד שנעלל פאנאנדער גע־
שלעפט. דיא פאליציייא איז דאן אונטער גע־
קוממען אונד איטציקאָוו וואר אררעסטירט
אלס איין עפענטליכער רוהע שטערער. אללע
טענות אונד פערטהיידיגונגען האבען איהם
גאר ניט געהאלפען; ער איז אוועק געשלעפט
געוואָרען אין געפענגניס אונד דאס געריכט
האט איהם פעראורטהיילט 200 רובעל שטראף
צו בעצאָהלען.

ענדליך איז אן געקוממען דער דענקוויר־
דיגער טאג פון 8 טען מארטץ 1881. דורך
דיא גאנצע וויטע רוססלאנד האט אויס גע־
דונערט דיא געוואלדיגע נאכריכט אז דער
קייזער אלכסנדער דער צווייטער איז אויפ'ן
נאסס ערמאָרדעט געוואָרען. דיעזע פירכטער־
ליכע בעגעבענהייט האט אפּ געשטופּט אללע
אנדערע פראגען. איד אונד קריסט, אללע
רוססישע אונטערטהאנען אהן אויסנאהמע,
האבען זיך פעראייניגט צו טרויערן איבער
זייער הערשער. דער נייער קייזער אלכסנדער
דער דריטער האט בעשטייגען דיא טראָהן אונד
יעדער איינער האט ערווארט פון זיין רעגיערונג
אז אללעס וועט זיך צו בעססערען ענדערען.
זאָגאר דיא ניהיליסטען האבען אויף געגעבען
זייער טהעטיגקייט, אין דער האָפנונג דאס דיא
נייע רעגיערונג וועט זייערע פאָרדערונגען בע־
פריעדיגען. דיא באנדע אנטיסעמיטען, וועלכע
האבען געגלויבט אב צו ווענדען דיא פאלקס
אויפרעגונג דורך העטצערייען צווישען קריסטען
אונד אידען, האבען ענדליך איין געזעהען אז
פאָרלויפיג איז זייער ציעל ניט ערערייכט גע־
וואָרען; דאצו וואָרען זייא יעצט שטארק בע־
שעפטיגט זיך איין צו שמייכלען בייא דעם
נייעם הערשער, אום דיא דעספּאָטישע אָרד־
נונג אין רוססלאנד אויף צו האלטען; זאָ דאס
דיא אללגעמיינע בעוועגונג געגען אידען איז
אויף א קורצע צייט עטוואס שטילער געוואָרען.

## 33. קאַפּיטעל.

### דער פּאָגראָם אין יעליסאוועטגראד.

דער אונגליקליכער יאהר פון 1881 האט
זיך אן געפאנגען, דער יאהר אין וועלכען דיא
ווילדע חיות רעות, דיא רוססישע קאצאפּעס,
זיינען בעפאללען דעם עלענדען אידען וויא
רייסענדע טהיערע. מיט איין בלוטדורסטיגען
געשרייא פון רויב אונד מאָרד זיינען זייא אריין
געדרונגען אין דיא אידעשע קווארטאלען.
מיללּיאָנען אייגענטהומען וואָרען פערניכטעט;
מענער אונבארמהערציג געמאָרדעט, ערלע
פרויען אונד צארטע מעדכען אויף דער גרוי־
זאמסטע וויזע עפענטליך געשענדעט אונד
אונשולדיגע קינדער אָפּפער אויף דער ברו־
טאלסטען ארט אן דיא שטיינער צערשמעט־
טערט. דיא ניעדערטרעכטיגע באנדיטישע
רעגיערונג פון דעם מערדערישען צאר, האט
דאס אללעס קאלטבליטהיג צו געזעהען אונד
האט נאך ענדליך בעשטראפט מיט טרייבען
אונד יאָגען דיא יעניגע אידען, וואס זיינען דורך
אירגענד וועלכען צו פאלל ענטרונען פון זיינע
ווילדע קאצאפּעס.

דיא פּאסקווילּלען שריפטען פון דעם צורר
היהודים יאָהאן דעם פּאָפּ אונד זיינע חברים
האבען ענדליך זייער ציעל ערערייכט. זייערע
שענדליכע ווערטער זיינען פערברייטעט גע־
וואָרען צווישען דעם פּראָסטען המון אונד אין
יעדער קרעטשמע וואָרען זייא וויעדערהאָלט
מיט דיא גרעבסטע אונד דוממסטע איבער־
טרייבונגען. אבער פיר דיא פערדאממטע
אנטיסעמיטען איז דאס אללעס נאך ווניג
געווען; זייא האבען דאס גאנצע קופּט פון דער
רוססישער מדינה פערגיפטעט מיט מענשען
האסס אונד פערפעסטעט מיט ברודער מאָרד,
דענאָך האט דאס פאלק ביז יעצט זיך נאך

ניט אויף געהייבען אונד דאס אידעשע בלוט, נאך ועלכע זייא זיינען אַזוי דורסטיג געווען, האט זיך נאך ניט געגאָססען אין דיא גאַססען. עס זיינען דאָרום אַרוים געשיקט געוואָרען, וויא מען זאגט פון דיא רעגיערונג אַלליין, ספּעציעללע אַגענטען איבעראַלל, אין יעדען דאָרף, אין יעדע שטעדטיל, דיא פּויערים אויף צו העטצען, אויף צו בלאָזען דעם פלאַם פון שנאה, אום וואס שנעללער דיא מאָרדבערע־נערייא צו ענטוויקלען.

עליזאַבעטגראַד איז א גרויסע שטאדט אין דרום רוססלאַנד, אין וועלכע עס האבען געוואָהנט ביז צעהן טויזענד אידען אונד דאָרט איז געוועזען דער ערסטער פונקט וואו דיא פּאָגראָמען האבען אוים געבראָכען. מיט אייניגע וואכען איידער דיעזער פירכטערליכער אונגליק האט פּאססירט, וואָרען שוין אָן געקלעפּט איבעראַלל, אין דעם גאַנצען אַרומיגען געגענד עפּענטליכע פּראָקלאַמאַציאָנען צו אַללע קריסט־ליכע איינוואָהנער, אַז ענדליך איז שוין פיר זייא געקוממען דיא צייט אַראָפּ צו וואַרפען דעם אידעשען יאָך אונד דאס צו דיעזען צוועק איז בעשטיממט א טאג, דען 27 טען אפּריל, פיר איין אללגעמיינעם אויפשטאַנד. עס זיינען אוים געשטעללט אונד פּערברייטעט געוואָרען קאָפּיעס פון קייזערליכע אוקאַזען, וועלכע בע־פעהלען דאס דיא גאַנצע אייגענטהום פון אַללע אידעשע בירגער איז קאָנפיסקירט אונד הפקר פיר יעדען קריסטען דאס אוועק צו נעהמען. יעדע פאַלשע בעשולדיגונג, אַללע אונפּערשעהמטע בילבולים זיינען געגען דיא אידען ערפונדען אונד אוים געטראַכט גע־וואָרען, אום דאָדורך וואס מעהר דיא קאַצאַפּעס אויף צו קאָכען. דיא אידעשע רעליגיאָן וואר געשענדעט אונד פּערדאַממט מיט דיא ניע־דערטרעכטיגסטע אויסדריקע אונד דער אַלטער שרעקליכער עלילות דם, אַז אידען געברויכען אין זייערע מצה אויף פּסח בלוט פון קריסט־ליכע קינדער, דיעזע העללישע ערפינדונג פון דעם קריסטענטהום, האבען דיא אַנטיסעמי־טישע אַגענטען עפּענטליך געפּרעדיגט, אום דיא געמיטהער פון דיא פאַנאַטישע חמורים צו ענטצינדען.

א פינסטערע שרעקענים איז בעפאַללען דיא אונגליקליכע הילפלאָזע אידען בעטראַכ־טענדיג דען פירכטערליכען געוויטער שטורם וואס קוממט אויף זייא אָן. דיא אידעשע פאָר־שטעהער פון דער שטאדט האבען זיך בעגע־בען צום גובערנאַטאָר, אום געזעטצליכע הילף אונד בעשיטצונג צו בעטען. עס האט לאַנג געדויערט איידער זייא זיינען צו איהם צו גע־לאָזען געוואָרען, ענדליך האט ער געהייסען זייא אריין קוממען אונד האלב אוים געהערט זייערע ערקלערונגען, אַז אידען, וויא ער אַלליין ווייס, זיינען אימממער געוועזען טרייע בירגער צו דער רעגיערונג אונד דאס אַללע בעשולדיגונגען געגען זייא זיינען פאַלש. דער גובערנאַטאָר האט מיט א שמייכעל פון שפּאָט אונד פערן־אַכטונג אלס אוים געהערט אונד בלויז גע־אַנטוואָרט דאס אַללע זיינען אין גאָטס הענד; דאמיט האט ער זייא ענטלאַססען אונד זיך מעהר וועגען זייער ביטטע ניט געקיממערט.

דער בעשטיממטער אונגליקס טאג, דער 27 טער אפּריל, איז אָן געקוממען, דער אנפאַנג פון דיא צרות האט שטאַטגעפונען אין א שענק בייא א געוויססען קירסאַנאָף, וואו עס איז געוואָרען א קריעג צווישען דיא בעזוכער. באַלד זיינען צוזאַממען געלויפען א מחנה לעדיג געהער, וועלכע האבען יעדע מינוט זיך פּערמעהרט אין צאָהל. אין א קורצע צייט האבען זייא אוים געראַבירט אונד אוים געטרונקען דאס גאַנצע שנאַפּס וואס דאָרט איז געוועזען צו געפינען אונד

יעצט איז דער המון, צו היצט פון שיכרות געווען פערטיג אונד בערייט צו אללע שאנדטהאטען. איין אונבעוואוסטער פערזאָן, וועלכער האט זיך דיא לעצטע אייניגע וואָכען ארום געטריעבען אין יענע געגענדען אויף העטצענדיג דיא פויערים געגען דיא אידען, איז יעצט ארויף געשפרונגען אויף א פאַסס אונד מיט א פייערדיגע שטיממע אויס געשריען:

„פריינדע, יעצט איז אייער צייט געקוממען! מארש צום אידעשען קווארטאל! מאָרדעט, פערניכטעט, צערשטערט אונד נעהמט אוועק אללעס וואס איהר קענט! דער צאר האט זייא אב געגעבען אין אייערע הענד אונד זייער איינענטהום געהערט צו אייך.“

טויזענדע פערשיכור׳טע שטיממען האבען וויעדערהאלט דען אויסרוף „ניעדער מיט דיא אידען!“ אונד דיא גאנצע ווילדע מחנה, אונטער דיא אנפיהרונג פון יענעם אונבעקאנטען אויף העטצער, האט פערלאָזען דען צערשטערטען שענק אונד זיך בעגעבען אין דאס אידעשע שטאדט טהייל.

דאָרט האט יעצט א שרעקליכער חורבן זיך אן געפאנגען. מען איז בעפאללען דיא רייכסטע מאגאזינען אונד דיא גרעסטע פאבריקען, אונד אַרויס געשלעפט פון דאָרט דיא טהייערסטע סחורות אונד דיא קאָסטבארסטע ארטיקלען, וועלכע זיינען אין איין מאָמענט פערשוואונדען געווארען. דיא עפענטליכע רויבער האבען זיך ניט בעגניגעט דאמיט וואס זייא האבען אין מיטטען העללען טאג אוועק גענוממען, פיר זייא איז נאך וועניג געווען זיך צו בענוטצען מיט דעם אידען׳ס בלוטיגען איינענטהום, זייא האבען נאך צערשטערט אונד פערניכטעט אללעס וואס עס איז געווען צו שווער אוועק צו שלעפען. דיא פראכטפאָללסטע מעבעל אונד דיא שעהנסטע הויז

ווירטשאפט איז צוהאקט אונד פערברענט געוואָרען אונד באלד זיינען אין פערשיעדענע פונקטען פון דעם אידעשען קווארטאל אויף געשטיגען שרעקליכע פלאממען אונד וואָלקענס פון רויך האבען פערפינסטערט דאס גאנצע שטאדט טהייל.

אייניגע פון דיא אידען מיט מעהר מוטה אונד קראַפט האבען זיך פעראייניגט אום געגען דיא רויבער באנדע זיך צו שטעללען. א געוויססער קויפמאן זאָלעטוועוסקי, האט צוזאממען געקליעבען ארום זיך יונגע לייטע, בעוואפענט מיט שטעקענס אונד נאך אזעלכע איינפאכע געוועהר, אום זייער אייגענטהום צו פערטהיידיגען. אבער לײדער האבען דיעזע אייניגע מענשען גאר ניט געקענט מאכען געגען דען טויזענדען המון, אין איין אויגענבליק ווארען זייא צערשלאָגען אונד פעריאָגט, זייער וויעדערשטאנד האט בלויז געבראכט דאצו אז דיא מערדער זיינען נאך מעהר אויף געקאָכט געוואָרען, וועלכע האבען יעצט זיך געווענדעט צו דיא אידעשע פריוואט וואָהנונגען, נאכדעם וויא זייא האבען שוין חרוב געמאכט דיא האנדעלס הייזער אונד דיא מאגאזינען.

דערזעלבער זאלאטאוועוסקי איז געווען דער ערסטער אפפער. הונדערטע פון דיא ווילדע פויערים זיינען בעפאלען זיין הויז אונד אויס געבראָכען דיא צו געשלאָססענע טהיער. זיין פרויא איז געלעגען קראנק אין בעט, פון איין קלאַפּ איז זיא גבליעבען אין חלשות אונד אין דיעזען צושטאנד וואר זיא אויפ׳ן גאסס ארויס געשלעפט. זיינע צווייא טעכטער האבען זיך בעהאלטען אין א צימּמער אויפ׳ן צווייטען עטאזש. דיא באנדיטען האבען זיך באלד דאפון ערקונדיגט אונד אויס געבראכען דיא טהיר, מיט דער אבזיכט דיא אונשולדיגע

מערבענס עפענטליך צו שענדען. דיא אונגליק־ליכע האבען זיך אראפ געווארפען דורך׳ן פענסטער אונד זיינען געבליעבען ליעגען צער־שמעטערט אויף דיא שטיינער. דאס גאנצע הויז איז דאן פערניכטעט אונד אויס געריבט געווארען.

דער רב פון שטאדט, אין דער בעגלייטונג פון פיעלע אידעשע איינוואהנער, זיינען וויעדער אוועק געלאפען צום גובערנאטאר, בעטענדיג ער זאלל זיך ערבארמען וועניגסטענס זייערע אונשולדיגע פרויען אונד קינדער צו בעשיטצען. דיעזעס מאלל האט זייער ביטטע געווירקט אונד אין א שטונדע ארום האט דער גובער־נאטאר ארויס געשיקט איין רעגימענט סאל־דאטען, אין דיא פונקטען וואו דער פאגראם איז פארגעגאנגען. אנפאנגס זיינען דיא סאל־דאטען געשטאנען דאבייא לאכענדיג איבער דיא גרויזאמע סצענעס וואס האבען זיך פאר זייערע אויגען אב געשפיעלט, יעדעס מאל ווען דיא באנדע האט איין געבראכען א טהיר פון א הויז, אונד ארויס געשלעפט דיא אונגליק־ליכע איינוואהנער, האבען דיא סאלדאטען ארויס געפלאצט מיט א געלעכטער, אויפגע־מונטערט דיא פערפאלגער אונד געהאלפען יאגען דיא פרויען, וועלכע זיינען אזוי וויא וואהנזיניג פון שרעק געלויפען הין אונד צוריק, אהנע צו געפינען איין ארט וואו זיך צו בע־האלטען; אבער אין א קורצע צייט נאכדעם האבען דיא סאלדאטען, אונד זייערע אנפיהר־רער דיא אפפיציערען, אן געפאנגען איין טהעטיגען אנטהייל צו נעהמען אין דען רויב אונד מארד, צוזאממען מיט דעם פעבעל. יעצט זיינען שוין דיא געוואלד טהאטען גע־שטויגען ביז דיא העכסטע שטופע פון ווילדהייט אונד אכזריות. דיא אפפיציערען האבען זיך אלליין געשטעללט אז דער שפיטצע פון דיא שיכורע פויערים אונד מיט אונערהערטע גרויזאמקייט אויף געריצט יעדען א ינעם, צו בעפריעדיגען זייער טהיערישע לוסט מיט דיא אונגליקליכע פרויען צימער.

א מחנה פון סאלדאטען אונד פויערים האבען אויף געבראכען א הויז פון איין אלטען מאן מיט דעם נאמען פעליקאף. זיינע איין 16 יעהריגע טאכטער האט ער איין געשלאססען אין א בעזונדערע צימער, געגען וועלכע ער האט זיך אלליין געשטעלט. אין איין אויגענ־בליק וואר דער אלטער אוועק געשליידערט, דיא טהיר אויף געבראכען אונד א צוואנציג פון דיעזע באנדיטישע מערדער האבען דאס ציטטערנדע קינד ארויס געשלעפט.

„מארדעט מיך!“ האט דער עלענדער פאטער זיך געבעטען „נור האט רחמנות אויף מיין אונשולדיגעס קינד.“

„לאז אייך ביידען דער טייוועל נעהמען!“ האט דער אנפיהרער זיך אויס געלאכט.

דיא שרעקליכע פערצווייפלונג האט דעם אלטען געגעבען איין אונגעהויערע קראפט; מיט דיא הוילע פויסטען האט ער צווייא פון דיא ווילדע סאלדאטען אוועק געליינט. אבער ניט לאנג איז ער אים שטאנד געווען צו קעמפפען; פון אללע זייטען איז מען איהם בע־פאללען, ארויף געשלעפט אויפ׳ן דאך אונד אראפ געווארפען, וועהרענד א צעהנדליג אנ־דערע האבען אוועק געשלעפט זיין טאכטער. אויף מארגען האט מען דאס אונגליקליכע מעד־כען געפונען ליעגענדיג טויט אויפ׳ן גאסס אונד נעבען איהר איז געזעססען דער פערקריפעלטער אלטער פאטער, לאכענדיג מיט א מורא׳דיגע שטיממע, דער עלענדער האט זיין מענשליכען פערשטאנד אויף אייביג פערלארען.

דיא קאממענדרע נאכט האט מיט איהר שווארצען שלייער בעדעקט דיעזע אללע מער־

דערישע טהאטען, אבער קיין שטראהל פון האפנונג האט ניט דורך געדרונגגען אין דיעזע פינסטערניס פיר דיא עלענדע אידען.

דער פאגראם האט זיך אויף מארגען גאנץ פריה פון דאס נייע אן געפאנגען. יעצט זיינען דיא באנדיטען בעפאללען דיא שול, אין וועלכע פיעלע פרויען אונד קינדער האבען זיך פון דער גרויזאמען פערפאלגונג בעהאלטען. דער פעבעל בעהערשט פון מארדלוסט אונד שאנדזוכט האט דיא שולל פון אללע זייטען אונטער געצונדען. דיא אונגליקליכע פרויען שפרינגענדיג פון פייער זיינען אריין געפאללען אין העללישען פלאמם, אין דיא גרויזאמע הענד פון דיא טהיערישע באנדיטען. דען גאנצען טאג אונד אויך אויף מארגען האבען דיא ווילדע באנדעס אהן א שום הינדערניס אונד אונ־בעגרענצט געהעררשט אין דעם אידעשען קווארטאל. וואס דיא האק האט ניט צער־בראכען האט דער פייער פערברענט. פינף הונדערט הייזער אונד מעהר וויא א הונדערט פון דיא גרעססטע מאגאזינען זיינען געוועזן אויס גערויבט אונד צערשטערט; גאנצע גאססען זיינען געבליעבען שטעהען חרוב. מעהר וויא צוויא מילליאן איינגעטהום איז פערניכטעט געווארען אונד העבער וויא צוואנציג פערזאן פון דיא אידען זיינען ערמארדעט געווארען, וועהרענד זייא האבען פערטהיידיגט זייער פערמעגען אדער זייער עהרע.

דיא אנטיסעמיטען האבען זייער ניעדער־טרעכטיגען ציעל עררייכט; דיא ערסטע שענדליכע דראמא האט זיך אב געשפיעלט אונד יעצט זיינען דיא גרויזאמע יודען פיינדע, וויא גענעראל דרענטעלל אונד יאהאן דער פאפ, בעשעפטיגט געוועזן, מיט דיא הילף פון זייער בארבארישע רעגיערונג, דיעזען בלוטיגען שפיעל וויטער צו פיהרען.

## 34. קאפיטעל.

### דער רב אונד דער פאפ.

דער ערסטער גרויזאמער ערפאלג האט דיא יודען פיינדע נאך מעהר אויף גערייצט זייערע מערדערישע טהאטען געגען דיא אונ־גליקליכע אידען פארט צו זעטצען. אללעס וואר צו דיעזען צוועק אנגעווענדעט: דיא אללגעמיינע פינסטערע אונוויסענהייט פון דעם רוססישען פעבעל, קנאה איבער האנדעל, שנאה איבער רעליגיאן אונד אללע פערדאר־בענע ניערערינגע געפיהלען, זיינען בייא דעם המון אויף געוועקט אונד פערשטארקט גע־ווארען, אום דעם אן געצונדענעם פייער אין א העללישע פערניכטענדע פלאמם צו פער־וואנדלען. דיא מערדערישע באנדעס זיינען באלד רעגעלמעסיג איין געארדענט געווארען; יעדע פון זייא האט בעקוממען א שטענדיגען אנפיהרער, מיט דעם איינפאכען ציעל פון רויב אונד מארד.

דיא אידעשע בעפעלקערונג פון קיעוו איז יעצט געשטאנען אין דען גרעסטען געפאהר. דיא פערצווייפלונג איז געוועזן זעהר גרויס, אבוואהל דער רב מענדעל אונד איינינע אנ־דערע געאכטעטע מענער האבען אללעס מעג־ליכעס געטהאן, אום זייערע ארמע ברידער אויף צו מונטערען. טויזענדע אונגליקליכע אידען, וועלכע זיינען ענטלאפען פון דעם שרעקליכען חורבן אין יעליסאוועטגראד, זיינען געקוממען נאך קיעוו, אום היער, בייא דיערע גלויבענסגענאססען, הילף אונד שטיטצע צו געפינען. דאס גרעסטע טהייל פון דיעזע עלענ־דע זיינען געוועזן אזוי בערויבט, אז זייא האבען פשוט ניט געהאט מיט וואס א טאג איבער צו קוממען. דיא געוויינען אונד דיא יללות פון דיעזע אונשולדיג בערויבטע האבען ערוועקט ערבארמען נור אין דיא הערצער פון

זייערע ברידער, וועלכע האבען אלליין יעצט געשוועבט אין די גרעסטע סכנה. יעדעס אידעשעס הויז וואר געעפענט מיט טרערען פון רחמנות, אום איינע אדער איינינע פערד אונגליקטע פאמיליען אויף צו נעהמען. אבער דענאך איז נייטהיג געווען אויף צו טהון דיא וויכטיגסטע אונד גרעסטע מיטטלען, אום זאָ איין איין אללגעמיינעם יאממער אונד גרויסען טרויער עטוואס צו שטילען.

דער רב האט באלד צוזאממען גערופען דיא רייכסטע אידעשע פּאָרשטעהער אונד נאך איינער קורצען בעראטהונג איז בעשלאָססען געוואָרען, צו בעשטיממען א קאממיטע, וועלכע זאָלל זיך ספּעציאל בעשעפטיגען אוים צו העלפען דיעזע פּאמיליען מיט הוצאות אויף דיא רייזע נאך דיא וויטע אמעריקא, אום דאָרט זיך איינע נייע היימאטה צו גרינדען.

דער גענעראל דרענטעלל, וועלכער האט בעקוממען צו וויססען פון דיעזע וואָהלטהעטיגע אונטערנעהמונג איז איננערליך זעהר צופריעדען געוועזן, אז אידען זאָללען ארויס פון לאנד; דענאך האט ער זיך בעטראַכט אז אזא וויכטיגער פּראָיעקט וויא עמיגראציאָן דאַרף שטעהן אונטער דער קאָנטראָל פון דיא רעגיערונג; דארום האט ער געשיקט אן זאגען דעם רב, אז ער וועט דיא טהעטיגקייט פון פון דער קאָממיטע ניט שטערען, מיט דער בעדינגונג דאס מען זאָלל איהם בעריכטען אונד רעכנונגען פאָרשטעללען, אונד צו דיעזען צוועק פערלאַנגט ער אז זיין פרויא, גרעפין לואיזע דרענטעל, זאָלל אויף גענוממען ווערען אלס עהרען פּרעזידענטען פון דיעזער וואָהלטהעטיגען אנשטאלט.

דיא אידעשע פערזאממלונג האט אוים געהערט דעם גובערנאטאָרס פערלאַנגען מיט איין נעפּיהל פון אבשויא אונד פעראכטונג.

דער רב האט עפּענטליך ערקלערט דאס עס איז איינע וואהרע שענדליכקייט פון אזא צורר היהודים, וועלכער האט אימער בעוויעזען צו זייא דיא גרעסטע רשעות, יעצט צו וועללען נעהמען אויף זיך דיא ראָללע פון איין אידעשען וואָהלטהעטער. זייא האבען דארום דעם גענעראל דרענטעלל געשיקט א בעריכט, דאס זיין פרויא לואיזע קען ניט אויף גענוממען ווערען אלס פּרעזידענטין פון זייער קאממיטע.

יעצט איז דיא שנאה בייא דעם אנטיסעמיטישען הערישער נאך מעהר אויף געברענט געוואָרען אונד באלד האט ער אללע מעגליכקייטען אן געווענדעט דיא אידען אין אונגליק צו שטירצען. גלייך אויף מאָרגען וואָרען אוים געשטעללט אונד פערברייטעט בעקאנטמאַכונגען אין דער שטאדט קיעוו אונד אין דיא ארומיגע געגענדען, דאס עס עקסיסטירט איין קייזערליכע בעפעהל אללע אידעשע גיטער אונד איינענטהומען צו קאָנפיסקירען, אונד עס איבער צו געבען אן זיינע געטרייע קריסטליכע בירגער. אום דיא אויפרעגונג נאך מעהר צו ערוועקען, איז דער פּאָפּ יאהאַן אלליין ארום געפאהרען איבער אללע דערפער פון דער פּראווינץ, אומעטום האלטענדיג שענדליכע רעדעס וועגען דיא אידען, אונד פּערזענליך אויף רייצענדיג דיא קריסטליכע בעפעלקערונג, אז זייא זאָללען וואס שנעללער זיך נוקם זיין אן דיעזען פאָלק, וועלכעס איז זייער גרעסטער שונא אונד דיא איינציגע אורזאכע פון אללע אונגליקען אין לאנד.

דען 6 מאי איז וויעדער געווען א שרעקליכער פּאָגראָם אין דער שטאדט סמיעלאַ, ניט ווייט פון קיעוו. 13 אידען זיינען ערמאָרדעט געוואָרען, איינינע צעהנדליג פערוואונדעט אונד העכער וויא 600 נפשות זיינען געבליעבען ליענגען אויפ׳ן פעלד, אהן לעבענסמיטעל אונד

אָהן איין אָרט וואו זייער קאפף אוועק צו לעגען. דאן איז אין אללגעמיין בעוואוסט געוואָרען אז אויף דעם נעכסטען זונטאג, דען 8 מאי איז בעשטיממט דאס אין קיעוו זאָלל איין פאָגראָם געמאכט ווערען.

שבת דען 7 טען מאי איז געוועזען איינער פון דיא טרויעריגסטע טעג וואס אידען האבען איבער געלעבט אין דער בארבארישער רוס־לאנד. יעדער האט געציטערט, ניט וויססענדיג אויב ער וועט שוין דען נעכסטען שבת פערלעבען. דיא פול געפאקטע שוללען זיינען געוועזען פערקלונגען מיט געוויינען פון פרויען אונד קינדער. קיין האפנונג איז ניט געוועזען צו זעהען, קיין טרייסט צו געפינען, יעדער האט זיך גע־שפירט אזוי וויא זיין לעצטע מינוט קוממט שוין אן. זאגאר דיא ווערטער פון זייער בע־ליעבטען רב, מענדעל, וועלכער האט מיט זיין רעדע געוואללט דעם עולם עטוואס אויף מונטערען, האבען אויך אויף זייערע צובראכענע הערצער ניט געווירקט. דיא מורא פיר דען נאהען אונגליק האט אויף אללע געמיטהער א שרעקליכע פינסטערנים ארויף געוואָרפען.

נאך מיטאג האט דער רב מיט נאך איינינע געאכטעטע פערזאָנען זיך בעגעבען צום גובער־נאטאָרס פאלאטץ אונד פערלאנגט מען זאָלל זייא צו איהם אן מעלדען. נאך א קורצער צייט ווארען זייא אריין געלאָזען אין קאבינעט, וואו גענעראל דרענטעלל, זיין פרויא לואיזע אונד יאָהאן דער פאפ האבען זייא ערווארטעט. דיע־זער לעצטערער איז געזעססען אונד געשריעבען.

„וואס פערלאנגט איהר?" האט דער גובערנאטאר מיט רוגז געפרעגט, אלס דיא אידעשע דעפוטאציאָן אין אריין געקוממען.

„אייער עקסעלענץ ווייסט זעהר גוט" האט מענדעל געזאָגט „דאס מיר אידען האבען קיין פערברעכען נעגען דער רעגיערונג בע־גאנגען; מיר זיינען איממער געוועזען טרייע אונ־טערטהאנען, מיט האנדעל אונד פערשיעדענע געווערקשאפטען האבען מיר דעם לאנד פיעל נוטצען געבראכט. איינע שרעקליכע געפאהר שטעהעט אונז יעצט ענטגעגען, איינע געפאהר בערייטעט צו ווערען פון אונזער האב אונד גוט אונד, וועה וויים, פיללייכט אויך צו פערשפיע־לען אונזער עהרע אונד דען לעבען. אייער עקסעלענץ וועט געוויס ניט ערלויבען אזעלכע געוואלד טהאטען געגען אונז. עס ליעגט פאָלקאָממען אין אייער מאכט דאס צו פער־הינדערען אונד אין דען נאמען פון צוואנציג טויזענד אידעשע געטרייע בירגער, וועלכע וואָהנען אין דיעזער שטאדט, בעטטען מיר אייך איהר זאָללט אונז פערזיכערען אייער גנעדיגע בעשיטצונג."

דער גובערנאטאָר האט דיא איינינע ווערטער מיט אונגעדולד אויס געהערט אונד דאן געענטפערט:

„איך זעהע ניט איין מיט וואס איך קען אייך העלפען. דער צאר האט אוועק געגעבען אייער איינענטהום דעם רוססישען פאלק, וועלכעס וועט געוויס פאָדערען זיינע רעכטען."

„אבער דער אוקאז איז דאך פאלש!" האָט מענדעל אויס גערופען „ניעמאלס האט דער קייזער זאָ איין בעפעהל ארויס געגעבען, אונד אייער עקסעלענץ איז בעוואוסט, אז דאס האבען נור אויס געטראכט א באנדע רויבער, וועלכע וויללען רייך ווערען פון אונזער בלוט. איהר קענט ניט ערלויבען אז דיעזער שענד־ליכער ציעל זאָלל אויסגעפיהרט ווערען!"

„האלט אייער מויל, מענש!" האט דער גובערנאטאָר אויס געשריען מיט כעס אויף שטעהענדיג פון זיין שטוהל „אויב ניט וועלל איך אייך באלד הייסען פון דאנען ארויס ווארפען."

„איך בעט אייער עקסעלענץ אום ענט־שולדיגונג" האט מענדעל געענטפערט „דער שרעקליכער יאממער האט מיר געבראכט דאצו אויף א ווייל זיך צו פערגעססען; אבער ערלויבט מיר אין דען נאמען פון מיינע עלענדע ברידער אייך פאלגענדעס פאר צו שטעללען: אויב דער צאר האט ווירקליך אונזער איינגע־טהום קאנפיסקירט, דארף מען דאך ניט ערלויבען דעם רוססישען פעבעל צו פערניכ־טען אונד רויבען וואס עס געהערט צו דער קרוין. מיר קענען אייך בריינגען דיא שליסלען פון אונזערע הייזער, פון אונזערע מאגאזינען אונד זאלל דיא רעגיערונג צו נעהמען אללעס אין גאנצען. איז אבער דער אוקאז ניט ריכטיג וועט אייער עקסעלענץ דאך געוויס אזוי פיעל מענשען פריינדליך זיין אונזערע בירגער־רעכ־טען צו בעשיטצען."

דער גובערנאטאר האט זא איין לאגישען פארשלאג ניט ערווארטעט אונד ניט געוואוסט וואס דאגעגען צו אנטווארטען.

„וואס זאגט איהר דארויף, יאהאן?" האט ער זיך אב גערופען צום פאפ, וועלכער האט וועהרענד דיא גאנצע צייט פון דיעזען געשפרעך געשריעבען אונד דענאך ניט איין ווארט פערלארען פון אללעס וואס דא איז גערעדט געווארען.

„דער אוקאז איז ריכטיג" האט ער מיט זיין טיעפע וואהל־קלינגענדע שטיממע געענט־פערט," אונד מיר האבען קיין רעכט דארין עטוואס צו ענדערען. צייט צוואנציג יאהר האבען דיא אידען גענאססען גלייכע רעכט מיט דיא קריסטען אונד דיא רעגיערונג האט אללע מיטלען אנגעווענדעט דיעזעס פאלק מיט אללע בירגער צו פערגלייכען. אומזאנסט! דיא אידען האבען בענוצט דיא געשאנקענע פרייהייט פיר זייערע ניעדערטרעכטיגע ציעלען אונד דאריבער איז דאס גאנצע לאנד אויף זייא אויף געקאכט. מיר ווייסען גענוג דיא גרויזאמקייטען וואס זייא האבען געטהון געגען דיא קריסטען, זייער פאלשקייט אונד שאנד־טהאטען, זייערע אונגעהויערע פראצענטען, מיט וועלכע זייא האבען דיא קריסטען בדלות גע־שטעללט. דיעזע אונד נאך עהנליכע בעטרי־גערייען האבען געבראכט דאצו, אז זייא זיינען געווארען בייא אללעמען פערדאממט אונד פערהאסט. יעצט וועט אייער עקסעלענץ גאר ניט קענען מאכען געגען דעם אויפגערייצטען פאלק, וועלכעס דיא אידען אלליין מיט זייערע שלעכטע טהאטען, האבען געטריעבען צו פערצווייפלונג."

וועהרענד יאהאן האט גערעדט איז מענ־דעל געשטאנען וויא בעצויבערט. ער האט פון דעם יונגען פאפ דיא אויגען ניט געקענט אראפ נעהמען; זיין שעהנעס געזיכט אונד זיין בעפעהלענדע ערשיינונג קוממט איהם פאר זעהר בעקאנט; ער האט איהם וואהרשיינליך שוין אירגענד וואו געזעהען, אבער וואו? פלוצלינג איז איהם אויפגעפאללען זיין מערק־ווירדיגער אנבליק, וועלכעס איז זעהר עהנליך צו זיין אייגענעם פאטער, דעם אלטען מרדכי ווינענקי. פערשיעדענע געפיהלען פון שרעק אונד וואונדער האבען געשטורמט אין דעם רב'ס הערצען ווען ער האט אן געפאנגען נאך צו דענקען. איז דאס מעגליך? יא, ווירקליך, ער בעמערקט אז בייא איהם איז דער אייער אב געריססען אונד דיא לינקע האנד איז אין עללענבויגען גאנץ שטייף. עס איז מעהר קיין צווייפעל ניט „דאס איז ער" האט מענדעל געדאכט וועהרענד א הערץ רייסענדער געשרייא האט זיך פון זיין ברוסט ארויס געריססען.

„יאקאב!" האט דער רב וויא ניט מיט זיין קול א געשרייא געטהון „מיין ברודער־

יאקאָב איז געוואָרען אזא צורר געגען זיין איינענעם פאלק!"

דער פּאָפּ איז אבגעשפּרונגען בעטראכ־טענדיג דעם אידען מיט גרויס ערשטוינונג.

„דער מאן איז וואהרשיינליך משוגע?" האט ער געזאגט זיך ווענדענדיג צום גובערנאטאָר.

„ניין, מיין יאקאָב, איך בין ניט וואהנ־זיניג. אזוי וואהר וויא א גאָט איז דא אין הימעל איז ריכטיג אז דוא ביסט מיין לייבליכער ברודער יאקאָב!"

דער פּאָפּ איז געבליעבען שטעהען וויא פערשטיינערט פון גרויס שרעק, וועהרענד דער גובערנאטאָר מיט זיין פרויא האבען זיך מיט פערשטעללטע בליקען בעטראכטעט.

„אבער, יאקאָב, מיין ליעבער ברודער" האט מענדעל אויס גערופען מיט א פערצוויי־פעלטערס הערץ „געדענקסטו שוין מעהר גאר ניט מיר, דיין ברודער מענדעל? האסטו שוין פערגעססען אונזערע עלטערען, אונזער הויז אין טאגאראָג? קענסטו זיך שוין מעהר ניט ערי־נערען וויא די קאָזאקען האבען אונז ביידען אוועק געשלעפּט אין די נאכט פון מיין בר־מצוה; וויא מען האָט אונז אוועק געפיהרט נאך חארקאָוו אונד וויא מיר זיינען פון דאָרט ענטלאָפען? דערמאָן זיך וועלכע צרות מיר זיינען דאן ביידע אויס געשטאנען אין וועג, ביז דוא ביסט געפאללען אין אָזנמאכט, אונד איך בין געלאפען אין נעכסטען דאָרף אום רעטטונג צו זוכען אונד דאן, קוממענדיג צו־ריק, האב איך דיר שוין ניט געפונען. פון דאמאלס אן האבען מיר ניט אויף געהערט וועגען דיר צו טרויערען."

אזוי וויא פערשטיינערט איז יאָהאן אויף זיין אָרט געבליעבען שטעהען, הערענדיג דיעזע ווערטער, וועלכע האבען אין זיין געדאנקען ארויס גערופען אונבעשטיממטע ערינערונגען; דאן האט ער זיך מיט איין מאל געווענדעט צו דער גרעפין. ערשטוינונג, כעס אונד גרויס ליידענשאפט זיינען אין דיעזען מאָמענט קלאָר אויס געמאָלט געווען אויף זיין געזיכט, זאָ דאס קואיזע איז מיט שרעק אב געשפרונגען אלס ער צו איז איהר נעהענטער צו געגאנגען.

„ערקלערט מיר, מאדאם, וואס האט דאס אללעס צו בעדייטען?" האט ער מיט א פער־שטיקטע שטיממע צו איהר געזאגט „איהר זייט געוועזען מיין בעשיטצערין פון קינדהייט אן, זאגט יעצט דיעזען מאן אז ער איז א ליגנער, אז איך בין ניט קיין אידען'ס א ברודער."

די גרעפין איז ניט אים שטאנד געווען אפילו איין וואָרט צו ריידען.

„זעהסטו דען ניט יאקאָב אז זייא קענען געגען מיינע אמת'ע ווערטער קיין וואָרט זאָגען?" האט מענדעל ווייטער אויס גערופען „אָה ברודער, דיין ליעבעס געזיכט האב איך דאָך וועהרענד דיעזע לאנגע יאהרען ניט אויף איין מינוט פערגעססען, אונד יעצט האב איך דיר באלד דערקענט נאך דיין אנבליק, וואס איז עהנליך צו אונזער פאטער, אונד נאך דיינע סימנים, דען אב געריססענעם אייער מיט די שטייפע האנד."

„דאס האב איך אויך צו פערדאנקען אייערע פערפלוכטע אידען!" האט יאָהאן מיט גרימצאָרן זיך אב גערופען.

„אָה, ניין יאקאָב, בעשולדיג ניט אומזיסט דיינע ברידער. דיעזע סימנים האסטו ערהאל־טען פון א קריסט, וועלכער האט דיך שיעור ניט צו געהרג'עט, אונד ווער עס האט דיר די געשיכטע אנדערס ערקלערט איז א ליגנער."

„איך בעט אייך נאך א מאל, מאדאם, זאגט מיר אויב דיעזער איד שפּריכט די וואהרהייט, אדער ניט?" האט יאָהאן זיך געווענדעט צו דער גרעפין.

„יא, דאס איז ריכטיג" האט לואיזע ענדליך זיך אב גערופען. „דוא ביסט געוועזען א איד אלס איך האב דיר געפונען אין אָהנ־מאכט, אויפ'ן וועג נעבען פאלטאווא אונד אום דיין זעעלע צו רעטטען אונד איין בעססערע צושטאנד אין לעבען צו פערשאפען האב איך געלאזט דיך ערציעהען אין א קלויסטער אונד פיר דיין אייגענעם לעבענסגליק האב איך גע־האלטען בסוד דיין אידעשעס געבורט."

„אונד דיעזע צייכענס אז מען האט מיר געמאטערט אונד געפייניגט ווער האט עס מיר געמאכט?"

„דאס ווייס איך ניט" האט דיא גרעפין אונגעדולדיג געענטפערט „דיעזער מאן קען דיר עס בעססער ערקלערען."

יאָהאן'ס געזיכט איז בעדעקט געוואָרען וויא מיט א בלייכקייט פון טויט.

„אלזאָ בין איך ווירקליך א געבאָרענער איד!" האט ער מיט א שרעקליכען קרעכץ אויס געשריען, וועהרענד א שוידער האט דורך געדרונגען זיין גאנצען קערפער „אָה, גאט! פארוואס האסטו אויף מיר אזא פורעניות ארויף געשיקט. איך א איד! ? מיין גאנצעס לעבען איז אלזאָ געוועזען א הוילער ליגען. מען האט מיר געלערענט פערדאממען מיין אייגענע רעליגיאָן אונד פערפאָלגען מיין פאטערס פאָלק. איהר זייט ווירקליך גערעכט, גרעפין, דיא אידען זיינען טאקע אונגליקליכע מענשען!" אונד אזוי ריידענדיג האט יאָהאן וויא וואהנ־זיניג זיך פאנאנדער געלאכט אונד ארויס געלאָפען פון צימממער.

גענעראל דרענטעלל איז איבער דיעזע געשיכטע זעהר בייז געוואָרען „ארויס פון דאנען!" האט ער מיט כעס זיך אב גערופען „איהר האט שוין גענוג צרות אן געמאכט!" מענדעל האט זיך וויא א קינד פאנאנדער געוויינט זעהענדיג זיין ברודערס שרעקליכען צושטאנד, אונד בייא דעם גובערנאטאָרס ווערטער האט ער זיך וויא מעגליך געשטארקט אונד נאך א מאל געבעטען אום ערבארמען, ער זאָלל שיקען סאָלדאטען אום דאס אידעשע גוט אונד בלוט צו בעשיטצען.

„וואס קיממערט מיך אייער גאנצער יודען פאק אונד אייער ניעדערטרעכטיגער לעבען? איך וועלל ניט בעמיהען מיינע סאָלדאטען איבער אייערע פערדאממטע אידען."

זעהענדיג אז זייער לעצטע האפנונג איז פערלאָרען זיינען דיא אידען באלד פון פאלאטץ ארויס געגאנגען מיט א טרויריגען הערצען.

„אָה, גאָט!" האט מענדעל געקלאגט „ווער האט דאס געקענט גלויבען אז מיין ברודער איז געוואָרען א פאפּ אונד א שרעק־ליכער פערפאָלגער געגען זיין אייגענעם פאָלק? איך וויל אייך בעטען א טובה, מיינע פריינדע" האט ער געזאגט זיך ווענדענדיג צו זיינע בעגלייטער" ערצעהלט קיינעם ניט פון דיעזען אונגליק, זאָנסט ווען מיינע עלטערן זאָללען זיך דאס ערקונדיגען וועט זיא דיא געשיכטע דען לעבען קאָסטען."

דיא לייטע האבען איהם דאס געגען פער־שפראכען אונד יעדער איז אוועק נאך זיין הויז פערזאָרגט אונד פערקיממערט.

## 35. קאַפּיטעל.

### דעם פאפ'ס ענדע.

רענזעלבען טרויעריגען שבת זיינען הונדער־טע בערויבטע אידען געקוממען נאך קיעוו, אין דער האפנונג דאס היער, אין דיעזער גרויסען רעגיערונגס שטאדט, איז זייער זיכער־הייט ניט אזוי פיעל אין געפאהר. דיא עלענדע אידען האבען דען גאנצען טאג מורא געהאט פון טהיר ארויס צו געהען אונד אין אללע הייזער האט זיך געהערט געוויינען אונד קלאגען

פון דיא ארמע פרויען אונד קינדער, וועלכע האבען געציטערט פיר זייער לעבען אונד עהרע.

געגען אבענד איז דיא טהיר פון דעם רב'ס קאבינעט האסטיג געעפענט געוואָרען אונד אין צימממער איז אריין געלאפען יאָזעף קיערסאָן, כמעט אָהן אטהעם פון מידיגקייט.

,,יאָזעף!" האבען מענדעל אונד קאַט־הענקא אויס גערופען אין גרויס פערוואונדע־רונג ,,וויא קומסטו אהער? איז אין בערדיט־שוב אויך געווען א פאָגראָם?"

,,ניין" האט יאָזעף געענטפערט פאללענ־דיג אויף א שטוהל ,,דערוויילע ניט; אבער איך האב געהערט אין וואס פיר א סכנה איהר שטעהט, דארום בין איך געקומממען צוזאממען מיט אייך לעבען אָדער שטארבען."

,,אונגליקליכער!" האט קאטהענקא אויס גערופען אין פערצווייפלונג ,,פערגעסס ניט אז דוא ריזיקירסט יעדע מינוט אריין צו פאללען אין טורמע, אויב מען וועט דיר דערקענען."

,,זאָלל זיין וואס עס ווילל" האט יאָזעף געענטפערט ,,איך קען ניט פערבלייבען רוהיג אין בערדיטשוב, וויססענדיג אז איהר אונד מיינע עלטערען זייט אין געפאהר."

,,דוא ביסט איין עדעלמוטהיגער יונגער מאן ,,האט דער רב זיך אב גערופען איהם רייכענדיג דיא האנד" קאטהענקא, בריינג יאָזעף'ן וואס צו עססען, ער איז געוויס הונגעריג."

,,איהר האט פאָלקאָממען רעכט" האט יאָזעף געענטפערט ,,איך בין מיעד פון דער רייזע אונד זעהר אויס געהונגערט, אבער דענאך בין איך גליקליך מיין כלה וויעדער צו זעהען."

דיא גאנצע פאָלגענדע נאכט האט דיא אידעשע בעפעלקערונג פון קיעוו פערבראכט אין טיעפען טרויער אונד גרויס פורכט. קיינער האט זיך ניט פערגונגען צו לעגען שלאפען. קריסטען האבען צו געשלאגען צלמים צו זייערע טהירען, אלס צייכען אז דיא איינוואָהנער דארפען ניט אטאקירט ווערען; אידען האבען געשלעפט זייער ביססעל ארעמקייט אירגענד וואו אין דער שטילל צו פערגראָבען.

דען 8 טען מאי, זונטאג פון פריה מאָרגען האבען זיך שוין בעוויעזען באנדעס אין פער־שיעדענע פונקטען, וועלכע זיינען אנפאנגס ארום געגאנגען הין אונד צוריק, אָהן א בע־שטיממטען פלאַן, אבער באלד האבען זיך געפונגען אנפיהרער אונד זיך געשטעללט אן דער שפיטצע פון דיעזע בלוטדורסטיגע קאַ־צאפעס. וויא געוועהנליך האבען זייא זיך דיא ערסטע זאך גענומממען צו דיא שענקען. טהירען אונד פענסטער ווארען באלד אויס געבראכען אונד דיא פעסער שנאפס אונד וויין ארויס געקייקעלט אין גאסס, וואו דיא אונמענשען האבען אנגעפאנגען צו שיכור'ן אונד בוכשטעב־ליך זיך באדען אין בראנפען, וועלכעס איז געפלאססען אין דיא רינעס וויא וואססער. קריסטליכע פרויען האבען געשלעפט עמער וויין דיא בעססטע משקאות אונד וואס מעהר דער פעבעל האט זיך אן געזופט איז דער המון אימממער וועהרענד פערגרעססערט געוואָרען אונד מיט ווילדע קולות געשריען ,,געוונג האבען שוין דיא אידען אויף אונז געוועלטיגט, יעצט איז אונזער צייט געקוממען, ניעדער מיט דעם פערפלוכטען פאָלק!"

נור אין איין שענק האט מען זיך זייא ענטגעגען געשטעללט. א געוויססער ריקעלמאן האט פערריגעלט דיא טהיר פון זיין האנדעל אונד זיך געשטעללט מיט א רעוואָלווער אום זיין פאמיליע צו בעשיטצען, אבער זיין סוף איז געווען שוידערהאפט. דיא קאצאפעס האבען זיך אריין געבראכען דורך א הינטער טהיר

אונד ער אלליין האט זייא געמוזט א אָפּ
פיהרען אין קעללער, וואו אללע פעססער זיינען
אוינגעבליקליך געעפענט געוואָרען, וועהרענד
איין אַנדער מחנה מערדער האבען געקוילעט
זיין פרויא מיט 6 קליינע קינדער. צום ערסטען
מאל האט דיעזען טאג אידעשעס בלוט גע־
פלאססען אין קיעוו אונד דיעזעס בלוט האט
דיא קאצאפישע רוצחים נאך מעהר אויף
גערייצט צו הרג׳נען אונד מאָרדען זייערע
הילפלאָזע אָפּפער. דיא מערדער האבען זיך
באלד צוטהיילט אין פיעלע באנדעס, יעדע
מיט א בעזאָנדערען אנפיהרער, וועלכע האבען
זיך צו שפרייט איבער דיא שטאדט וויא
א שרעקליכע מגפה. אין פערשיעדענע ערטער
זיינען אויף געשטויגען פייערען פון דיא אונטער־
געצונדענע הייזער, אונד דאס קראכען פון
דיא פלאממען, צומישט מיט דיא פערצווייי־
פעלטע געשרייען פון דיא ברענענדע פרויען
אונד קינדער, האט פערהילכט דיא געגענד מיט
שוידערהאפטע קולות.

א רעגימענט סאָלדאטען האבען זיך יעצט
בעוויעזען אין דיעזע ערטער. דער אנפיהרער
איז געוועזן לאָרים דרענטעלל, וועלכען דער
פאטער האט צוריק גערופען נאך קיעוו, באלד
נאך דעם וויא דער קייזער איז ערמאָרדעט
געוואָרען. אנפאנגס זיינען זייא געשטאנען אונד
זיך אמוזירט בעטראכטענדיג דיא גרויזאמע
פערפאָלגונג אונד דען שרעקליכען חורבן,
אבער באלד האבען זייא זיך צומישט מיט דיא
באנדעס אונד געהאָלפען רויבען אונד מאָרדען.

דאס הויז פון אונזער אלטען בעקאנטען
הירש בן־זאב איז פאָלשטענדיג אויסגערויבט
געוואָרען. ער אלליין מיט זיין פרויא האבען
בעוויעזען אין דיא רעכטע צייט צו ענטלויפען
אונד זיך צו בעהאלטען בייא א בעקאנטען
קריסטליכען שכן, חיים גאָלדהיים, דער רייכער
באנקיער, איז כמעט אין גאנצען פעראונגליקט
געוואָרען; אללעס וואס מען האט נור געקענט
פון הויז ארויס נעהמען האט מען אוינגעבליק־
ליך אוועק געשלעפט אונד דאן האבען זייא
דיא פראכטפאָללע געביידע אונטער געצונדען,
אונד דיא פלאממען האבען באלד פערניכטעט
דאס לעצטע וואס עס איז פון דיא מערדערס
הענד איבער געבליעבען. ניט ווייט פון דאָרט,
אין דערזעלבער גאסס, האט געוואָהנט א גע־
וויססער ווינארסקי, וועלכער האט געשפיעלט
דיא ראָללע אלס רייכער בעל־הבית, אבער
באמת איז איהם דיא לעצטע צייטען געגאנגען
זעהר שלעכט, זאָ דאס ער האט כמעט זיין
גאנצען אייגענס פערלאָרען. דיא באנדיטען
האבען זיך צו איהם אריין געהאָפּט אין דער
האָפנונג זיך צו בענוצען מיט דעם אידענס
גרויסען רייכטהום. נאכדעם וויא זייא האבען
אללעס פערניכטעט אונד צערבראָכען אונד
איבעראלל אויס געקערט האט זיך נאטירליך
קיין געלד אונד קיין ווערטהפאָללע זאכען גע־
פונען, פון כעס האבען דיא ווילדע גזלנים
ארויס געשלעפט ווינארסקי׳ס דרייא יעהריגעס
קינד אונד איהר ארויס געווארפען דורך׳ן
פענסטער אויפען גאס. דאס קינד איז גע־
בליעבען ליעגען מיט א צובראָכענעם מוח טויט,
נעבען לאָרים׳עס פיסס, אונד דיעזער גרויזאמער
מערדער מיט זיינע אונמענשליכע סאָלדאטען
האבען דען טויטען קערפער אריין געבריקט
אין רינע.

ווייטער איז דיא ווילדע מחנה געגאנגען!
צערשטערונג אונד פערניכטונג האט זייער
וועג בעצייכענט, רויב אונד מאָרד האט זייא
איבעראלל בעגלייטעט, קלאגען אונד יללות
פון דיא פעראונגליקטע אונד בערויבטע האט
פערקלונגען דיא לופט וואו זייא האבען זיך
נור בעוויעזען. דיא ניעדערטרעכטיגע אנפיהרער

האבען יעדע מינוט זייערע באנדעס איממער מעהר אונד מעהר אויף געררייצט אונד זייער מאָרדלוסט איז ביז דיא העכסטע שטופפע ערוואכט געוואָרען.

„לאָזט קיין זאך ניט איבער!" האבען דיא באנדיטען געשריען „דער צאר האט דיא אידען אונד זייער עשירות אייך אוועק געשאָנ־קען, אללעס געהערט יעצט צו אייך, נעהמט עס צו! לאָזט קיין איינציגען אידען ענטלויפען!"

דיעזע העטצערייען האבען געווירקט וויא א פייער, זאָגאר אויף דיא יעניגע קריסטען וועלכע האבען ביז יעצט געלעבט מיט דיא אידען אויף דען בעסטען אונד פריינדליכסטען ארט; זייא וואָלטען ניעמאלס געדענקט דעם אידען עטוואס שלעכטעס צו טהון, אבער דיא פערזיכערונג אז דער קייזער האט ארויס גע־געבען זאָ איין אוקאז, אז ער הייסט אונד פערלאנגט מען זאָלל דיא אונגליקליכע אידען רויבען אונד הרג׳נען, דיעזע ניעדערטרעכטיגע ערפינדונג פון דיא רוסישע אַנטיסעמיטען, האט אפילו דיא איינפאכע שטיללע קריסטען פערוואנדעלט אין גרויזאמע רייסענדע טהיע־רען, וועלכע זיינען מיט דער גרעסטער אויפ־רעגונג נאך געלאָפען זייערע בלוטדורסטיגע אנפיהרער. וואס וויטער איז דיעזער צו היטצ־טער פעבעל שטארקער אויף געקאָכט געוואָ־רען, דען דיא בראנפען האט דעם לעצטען פונק פון רחמנות אונד מענשליכקייט אין זייערע הערצער אויס געלאָססען, זאָ דאס דיא שרעקליכע רציחות פון דיעזען בלוטיגען טאג, דיא אבשוילי׳כע מערדערייען פון דיא רוססישע פויערים אונד סאָלדאטען אונד דעם עלענדען טרויער פון דיא אונגליקליכע אידען איז אונ־מעגליך מיט א פעדער אויס צו שרייבען.

אין פערשיעדענע פונקטען האבען דענאָך דיא אידעשע איינוואָהנער בעוויעזען וואונדער־בארע העלדען טהאטען. יעדער איינער האט זיך בעוואפענט מיט וואס מעגליך איז געוועזן, אום דען לעבען אונד דען אייגענטהום פון זיך אונד זיינע נעכסטע׳ צו שיטצען, אבער דיעזער וויעדערשטאנד האט געקענט עטוואס נוטצען ברייננגען נור אין דיא ערטער וואס זיינען ניט געוועזן אזוי שטארק אן נעגריפען אונד וואו דיא באנדע רויבער איז געוועזן וועניגער צאהלרייך.

עטוואס אבגעלעגען פון אידעשען קוואר־טאל, ניט ווייט פון טייך דניעפער, איז גע־שטאנען דאס הויז פון דוד קיערסאָן. גלייך אין דער פריה זיינען דאָרט בעפאללען איניגע שיכורע פויערים, אבער דער אלטער דוד אונד זיין זוהן יאָזעף האבען זייער הויז גוט בעוואכט אונד צו קיין שאדען צו געלאָזען. דער מוטהיגער יאָזעף האט זיך איינער אליין געגען דרייא באנדיטען געשטעללט, וועהרענד זיין פאטער האט פעריאָגט איינעם נאך דעם אנדערן פון דיא פערבייגעהענדע אנגעטרונ־קענע קאַצאפעס, ביז עס איז אין דיעזען פונקט פון זייא עטוואס שטיללער געוואָרען.

פלוצלינג האט זיך דערהערט א געשרייא פון פיעלע אויפגערעגטע שטיממען; אללע זיינען געשטאנען אונד געקוקט אויפ׳ן טייך מיט גרויס בעשטירצונג.

„א מענש טרינקט זיך!" האבען איניגע אויס געריפען.

„זאָלל ער דערטרונקען ווערען" האט דער קאַצאַפּישער פעבעל דארויף מיט שפּאָט גע־אנטוואָרט „דאס איז נור א איד."

יאָזעף איז צו דערזעלבער צייט געשטאנען בעוואכענדיג דיא טיהר פון זיין פאטערס הויז אונד וויא ער האט נור בעטראכט אז דער אונגליקליכער צאפפעלט זיך אין דיא וועללע פון טייך איז ער האסטיג צו געשפרונגען; אין איין אויגענבליק האט ער זיך דורך געבראָכען

א וועג דורך דיא געדיכטע רייהע פון דיא צוּ־
שויער, געשווינד אראָפּ געוואָרפען פון זיך דיא
קליידער אונד אין דען נעכסטען מאָמענט איז
ער שוין געשוואוּמען דעם אונבעקאַנטען מציל
צוּ זיין פון טויט. מיט אייניגע קרעפטיגע בע־
וועגוּנגען איז ער צוּ געשוואוּמען דעם מענשען
וואס האט שוין געהאלטען ביים אונטערגעהען,
איהם געפּאקט ביי'ן קראַגען פון זיין ראָק אונד
א קורצע צייט איהם געהאלטען איבער'ן
וואססער, אום עטוואס דעם אטהעם אב צוּ
האַלען, דאן האט ער זיך ביסלאַך ווייז צוּ
געארבייט שווימענדיג, ביז ער איז געקוממען
צוריק צום ברעג טייך אונד האט בייא דער
אללגעמיינען שטיללער בעוואונדערונג דען
גערעטעטען מענשען אויף דער יבשה אוועק
געלעגט. יעצט האט עס זיך ערקלערט אז דאס
איז ניט קיין איד פיר וועלכען יאָזעף האט
אזוי פיעל זיינע קרעפטען אן געשטרענגט;
אז דער גערעטעטער איז איינער פון דיא באנדע
אַנפיהרער, וועלכער איז שיכור'ערהייט אריין
געפאללען אין וואססער.

אייניגע אויגענבליקען איז דער גאַנצער
פעבעל געשטאַנען אזוי וויא בעצויבערט פון
דעם אידענס העלדישע אויפאָפּפערונג, אום
איינעם פון זיינע ערגסטע שונאים צוּ רעטטען,
אבער דער איינדרוק האט בלויז א קורצע צייט
געדויערט אונד גלייך זיינען דיא בעזאָפענע
פויערים פאנאנדער געגאנגען, אום זיך פער־
שיעדענע רויבער באַנדעס אן צוּ שליעסען.

„פאָרווערטס, מיר פערליערען דיא צייט!"
האט איינער פון זייא אויס גערופען אונד באלד
זיינען זייא שוין געווען טהעטיג בייא דער
אנדערען ענדע פון גאסס, אום זייער פערניכ־
טונגס ווערק פאָרט צוּ זעטצען.

אין דיעזען מאָמענט איז געקוממען צוּ
לויפען א פּאָפּ יאז דען גרעסטען אויף גערעג־
טען צושטאנד; זיין גאַנצעס געזיכט איז געווען
בעדעקט מיט א בלייכקייט פון טויט אונד
זיינע ארויס געשטארצטע אויגען האבען גע־
קאָכט וויא מיט פייער.

„הערט אויף!" האט ער מיט א דאָנער
שטיממע געשריען „אין דעם נאָמען דער
הייליגען יונג פרויא זאָג איך אייך איהר זאָללט
אויף הערען!"

אין דעם ערסטען אויגענבליק איז דער
פעבעל געבליעבען שטעהען וויא פערשטיינערט
פון שרעק, דיא אנפיהרער האבען זיך אויף
א ווײלע צוריק געצויגען אין גרויס פער־
וואונדערונג.

„שאַ!" האט איינער צום אַנדערען געזאָגט
„דאס איז דאָך דער פּאָפּ יאָהאַן, דערזעלביגער
וואס האט אונז איממער אן געפיהרט אונד
אויפטראַגע געגעבען, לאָמיר אויסהערען וואס
ער זאָגט."

„מען האט אייך אב גענאַרט" האט דער
פּאָפּ ווייטער געשריען מיט אללע כוחות „גענוג
שוין בלוט פערגאָסען. דיא אידען זיינען גאַנץ
אונשולדיג אין דיא בילבולים וואס מען האט
אויף זייא געמאכט. איהר הערט וואס איך
זאָג אייך? איהר זאָללט דיא אידען מעהר
ניט פערפאָלגען! עס גיעבט גאר קיין
אוקאַז אז זייער אייגענטהום געהערט צוּ אייך,
דאס וואר בלויז אויס געטראכט!"

„דוממהייטען!" האט איינער פון דיא
אַנפיהרער אויס גערופען „איך האב דעם
אוקאז אלליין געזעהען מיט מיינע אויגען. פאָר־
ווערטס, פריינדע! מיר האבען ניט וואס צוּ
קוקען אויף דעם פּאָפּ, דער אידישער רייכטהום
איז אונזערער, מיר ווילען זעהען דאס בלוט
פון דיעזען פערדאמטען פאָלק, ניעדער
מיט זייא!"

יאָהאַן האט פרובירט פערשטעלען דען וועג

„ניט איין טריט וועט איהר מאכען ווייטער
אויף אייער צערשטערונגס וועג; איהר הערט
וואס איך זאג אייך? אין נאמען זיינער מאַ־
יעסטעט, דעם קייזערס, בעפעהל איך אייך אב
צו האלטען דיא מערדערייען!"

עס איז אבער שוין געווען צו שפּעט, דיא
אנגעצונדענע ליידענשאפטען פון דעם ווילדען
פאָלק האבען יעצט געברענט וויא מיט א הע־
לישע פלאַמם אונד מיט הוילע ווערטער איז
געווען אונמעגליך זיין איין צו שטיללען. אזוי
וויא א ברויזענדער מעער האט דיא אונגע־
הויערע מחנה באנדיטען ווייטער געפלייצט
אונד פאָרט געריססען מיט זיך דען פערצוויי־
פעלטען פאָפּ, וועלכער האט אומזאָנסט זיך
געראַנגעלט אונד געארבייט מיט דיא הענד
שרייענדיג, קיינער האט איהם ניט געוואָללט
אויס הערען.

אלס יאָזעף איז צוריק געקוממען צו זיין
פאטערס הויז האט ער צו זיין גרויסע פרייד
געפונען איז דיא גאנצע גאסס איז שטילל
אונד רוהיג.

„פאָרלויפיג זיינען מיר אין דיעזער געגענד
זיכער" האט ער צו זיין פאטער געזאגט, „דיא
קאצאפּעס וועללען יעצט אהער ניט גיך צוריק
קוממען. פערבלייב דוא היטען דאס הויז אונד
איך וועלל אוועק לויפען צום מחותן זעהען וואס
דאָרט הערט זיך, פיללייכט ברויכען זייא מיין
הילפע, איך וועלל נור איבערטהון דיא נאססע
קליידער אונד אויגענבליקליך בין איך דאָרט."

„געה, מיין זוהן" האט דער אלטער
קיערסאַן מיט א זיפץ געענטפערט „דער אויי־
בערסטער זאָלל זיך אויף אונז אללעמען
מרחם זיין."

אונטערדעססען האט זיך אין דעם רב׳ס
הויז א שרעקליכע סצענע פאָרגעשטעללט;
פּיעלע הילפלאָזע פרויען אונד קינדער האבען
זיך דאָרט בעהאלטען אין דער האָפנונג אז
דער נאמען פון דעם אללגעמיין געאכטעטען
אונד בעליעבטען רב וועט זייא בעשיטצען אונד
זיכערען זיין הויז געגען דיא אויפגערעגטע
קריסטען, פיעלע פון וועלכע האבען בייא מאנכע
צופעללע פון איהם גרויסע טובות געהאט, אונד
כמעט יעדער איינער פון זייא האט איהם גע־
קענט אלס גוטהערציגען אונד אָרענטליכען
מאן. עס קען ווירקליך זיין אז דיא אנפיהרער
פון דיא באנדעס וואָללטען דיעזעס הויז פער־
שוינט אונד וואָללטען זיך ניעמאלס ערלויבט
געגען דעם רב אירגענד וועלכע אנגריפע צו
מאכען; אבער צום אונגליק אז געראדע דאן
געקוממען אהין לאָריס דרענטעלל, דעם גובער־
נאטאָרס זוהן. דיעזער ניעדערטרעכטיגער שופט
האט נאך יעצט גוט געדענקט דיא קלעפּ
וועלכע ער האט אין דיעזען הויז בעקוממען,
דיא פעראכטונג וועלכע דעם רב׳ס טאכטער
האט צו איהם אימער בעוויעזען; אין זיין
הערצען האט נאך יעצט געברענט א ניעדער־
ריגע ליידענשאפט צו דער שעהנער קאטהענ־
קא; פון אזא מענשען איז אונמעגליך געווען
צו ערוואַרטען אירגענד וועלכען געפיהל פון
נאכזיכט אונד ערבאַרעמען; ער האט נור גע־
זוכט זיך נוקם צו זיין אונד דאס געפיהל פון
ראכע אונד אונבעפריעדיגטע ליעבע
האט פערוואנדעלט דיעזען מענשען אין א
טייוועל צו וועלכער איז פערטיג געווען, דיא
שענדליכסטע טהאטען.

בייא דיא פענסטער פון מענדעל דעם
רב׳ס הויז זיינען געשטאנען דיא פרויען ציטער־
רנדיג אין טויט שרעקענים מיט בלייכע געזיכ־
טער, זייערע געבעטען אונד געוויינען האבען
פערקלונגען דיא ווילדע טריאומפף קולות פון
דיא בלוט־דורסטיגע קאצאפּעס, וועלכע
האבען יעצט ארום געריננעלט דאס הויז

אונד געריססען דיא פעררינגעלטע טהיר.

„ברעכט אוים דיא טהיר!" האט לאַרים א געשרייא געטהאָן אונד באַלד האבען זיך געפונען א פּאאר צעהנדליג הענד פערטיג דיעזען בעפעהל צו ערפיללען.

פּלוצלינג האט דיא מהומה מיט איין מאל זיך אב געשטעללט. יאָהאן דער פּאַפּ איז אריין געלאָפען אין מיטען דער באנדע; זיינע קליידער זיינען געוועזען צוריססען אונד בעדעקט מיט שטויב; זיינע אויגען זיינען געווען מיט בלוט פערגאָססען; זיין גאנציעס געזיכט האט פאַר־געשטעללט א שרעקליכעס בילד פון ווילדע פערצווייפלונג אונד זיין ברוסט האט שווער געאָטהעמט פון איין מעכטיגען שטורם. מיט ביידע הענד צוזאממען געדריקט אין פויסטען האט ער אהן אויפהער געשאָקעלט צום פעבעל דאס זייא זאָללען שטילל בלייבען.

„מענער פון קיעוו!" האט ער מיט א הייזעריגע שטיממע געשריען אלס עס איז עט־וואס רוהיגער געווארען „איהר זאָללט אויף הערען אייער בלוטיגע ארבייט. אין דען נאמען פון צאר בעפעהל איך אייך געהעט פאנאנדער אין אייערע הייזער אונד בעריהרט ניט מעהר דיא אידען! אללע בעשולדיגונגען וואס זייערע שונאים האבען אויס געטראכט זיינען פאַל־שטענדיג פאַלש."

„חא, חא, חא!" האט לאַרים זיך אוים געלאכט „יאָהאן דער פּאַפּ איז מיט איין מאל געוואָרען א גוטער מליץ פיר אידען, דאס איז מיר ווירקליך א וואונדער!"

„לאָזט דיא אידען צו רוהע זאג איך אייך! איהר האט צו זייא נאָר ניט." האט דער פּאַפּ ווייטער געשריען.

„ניעדער מיט דעם פערדאממטען פּאָלק!" האט איינער פון דיא באנדע אוים געריפען „דער צאר האט אונז געשאָנקען זייער אייגענ־טהום אונד מיר וועללען עס אוועק נעהמען!"

„דאס איז א ליגען! א שווינדעל!" האט יאָהאן געשריען מיט קולות „איך אלליין האב דעם אוקאז געשריעבען אונד פאנאנדער גע־שיקט, דער קייזער וויים ניט וועגען דעם וואס צו זאָגען."

„דער פּאַפּ איז משוגע געוואָרען!" האט לאַרים אוים געריפען „צייט דרייא יאהר האט ער אונז אללעמען געדייצט געגען דיא אידען אונד אימער בעוויעזען צו זייא דיא גרעססטע פיינדשאפט, יעצט האט ער זיך מיט איין מאלל איבער געקערט אונד איז געוואָרען זייער בעשיטצער. פאָרווערטס קינדער! געגונג הערען דיעזען וואהנזינינגען, מיר האבען נאך ביז נאכט פיעל צו טהון."

„אין דעם נאמען פון זיין מאַיעסטעט בעפעהל איך אייך דיא רוהע מעהר ניט צו שטערען" האט יאָהאן מיט גרוים אנגסט געשריען.

„אין דעם נאמען פון קיעווער גענעראַל גובערנאטאָר בעפעהל איך אייך פאָרווערטס צו געהען!" האט לאַרים געענטפערט „ניעדער מיט דעם אידעשען רב אונד זיין פאמיליע! ניעדער מיט דיא פערפלוכטע נאציאָן וואס האט אונזער ערלעזער געמאָרדעט!"

דיעזער אויפרוף האט א פייערדיגע ווירקונג געמאכט אויף דעם צוקאָכטען פעבעל. אומ־זאָנסט איז יאָהאן ארום געלאָפען פון איינעם צום צווייטען, איבעראלל בעטענדיג אונד בע־פעהלענדיג, אז זייא זאָללען אב שטעהען פון זייער פערניכטונגס ווערק, אז יא זאָללען אויף הערען דיא צערשטערונג, דיא גרויזאמע בלוט פערגיעססונג אונד דיא אונמענשליכע שאנד־טהאטען, קיינער פון זייא האט איהם בשום אופן ניט געקענט פערשטעהען; יעדער איינער האט איהם גוט געקענט; דערזעלבער פּאַפּ

האט ניט לענגער וויא נעבטען עפענטליך געפרעדיגט ראַבע און שנאה געגען דיא אידען, האט איבעראַלל דאס פאָלק אויף גע־העצט אונד געריצט זייער ליידענשאַפט, זיך מיט דיא אידען אויף דעם גרויזאַמסטען אַרט אב צו רעכנען, אונד יעצט איז ער פּלוצלינג גאַר אנדערס געוואָרען. אפילו דיא יעניגע קריסטען וואס האבען זיך עטוואס רוהיגער געהאַלטען האבען דעם פּאָפּ מיט גרויס פער־וואונדערונג בעטראַכט אונד ניט געוואָללט טרויען זיינע יעצטיגע ווערטער.

„ער איז משוגע" האט איינער מיט דעם אנדערען זיך געשושקעט, וועהרענד יעדער האט זיך פון איהם אבגעדרעהט אום דער באַנדע זיך אן צו שליעסען.

אונטערדעססען האבען זיך דיא קאַצאַפּעס אונד דיא סאָלדאַטען ווידער גענומען דיא טהיר אויף צו ברעכען אונד נאָך אַ קורצע צייט האט זייער טריאומפף געשרייא אן געקינדיגט אז דער ווענג איז אָפּפען, אונד דער ווילדער פּע־בעל האט זיך אן געפאַנגען אין הויז צו שפּאַרען.

לאָריס איז דער ערסטער אריין געגאַנגען אין צימער, וואו ער איז אַ מאל געלעגען בייא קאַטהענקאַ׳ס פיס.

מענדעל דער רב מיט זיין אלטען פאַטער אונד איינינע יונגע לייטע פון זיין ישיבה זיינען דאָרט געשטאַנען, בעוואַכענדיג דיא טהיר וואס פיהרט אין דיא אנדערע צימער, וואו דיא פרויען אונד דיא מערבענס האבען זיך איין געשלאָססען. יעדער איינער פון זייא האט זיך בעוואפּענט מיט שטולען, שטעקענס אונד נאָך אַזעלכע מיני געוועהר, אום צו פערהינ־דערען דיא מערדער אין דיא צווייטע צימער איין צו דרינגען; אבער ליידער האט דיעזע בעשיטצונג געהאַט אַזאַ מאַכט פּונקט וויא איינער וואָללט געוועלט אב האַלטען מיט

אַ נעץ דען שטראָם פון טייך דניעפּער. דער פּעבעל איז אויגענבליקליך בעפאַללען דיא איינינע פערטהיידיגער מיט אַזאַ געוואַלד אז זייא האבען ניט אויף איין מינוט געקענט ענטגעגען שטעהען. אויף דעם רב זיינען ארויף געפאַללען צוויא שטאַרקע פויערים אונד באַלד איז ער געבליעבען ליעגען אין אָהנמאַכט מיט אַ צובלוטיגטע קאָפּף. זיין גרייז גרויער פאַטער האט געקראָגען אַזאַ קלאַפּ מיט איין אייזען אז דער מוח איז איהם צושפּאָלטען געוואָרען אונד ער איז אויגענבליקליך געפאַללען אויף דער ערד טויט. דיא אללע איבריגע יונגע לייטע, מעהר אדער ווענינער פערוואונדערט, האבען קוים בעוויעזען מיט זייער לעבען צו ענטלויפען אונד דאס גאַנצע הויז איז יעצט געבליעבען אין דער מאַכט פון דיא באַנדיטען.

לאָריס מיט זיינע ווילדע געזעללען האבען אויף געריססען דיא טהיר פון צווייטען צימער. איינינע מערבענס זיינען אין דיעזען שרעקליכען מאָמענט ארויס געשפּרונגען פון דיא פענסטער אום אין דיא גרויזאַמע אומאַרמונגען פון דיא מערדערישע קאַצאַפּעס אריין צו פאַללען. עס איז אויף אַ קורצע צייט ענטשטאַנדען אַ שוואַ־כער קאַמפּף צווישען דיא אונגליקליכע אָפּפער אונד זייערע אונמענשליכע פערפאָלגער, דרייא פון דיעזע מערבענס זיינען ערמאָרדעט גע־וואָרען, וועהרענד זייא האבען זייער עהרע פערטהיידיגט, אונד דיא איבעריגע, מעהר וויא צוואַנציג אין צאָהל האבען געליטען אַזעלכע בעשימפּפונגען וועלכע זיינען פיר יעדע עהרליכע פרויא ערגער וויא דער טויט.

דעם רב׳ס ווייב רחל האט בעוויעזען זיך דורך צו רייסען צווישען דיא קאַצאַפּעס, וואס האבען זיך איממער מעהר אן געפּאַקט אין צימער, אונד איז אריין געלאָפען אין פאָדער הויז זועהען וואס איז געוואָרען מיט איהר מאַן.

פּלוצלינג האט זיא בעטראַכט וויא ער ליעגט אויף דער ערד אין אַ טייך בלוט, אָהן אירגענד וועלכען לעבענס צייכען. מיט אַ שוידער האפּטען יאממער געשרייא, וואס האט געמוזט אפילו בייא אַ ווילדעס טהיר ריהרען דאס הערץ, איז זיא נעבען איהם אנידער געפאַללען. אין אייניגע שטונדען נאך דעם, ווען דער פּאָגראָם וואר שוין געענדיגט, אונד דיא געפאהר איז פאַר־בייא געגאַנגען, האט מען דיא אונגליקליכע רחל אויף דערזעלבער שטעללע געפונען; אין איהרע דונקעלע אויגען איז שוין געווען אויס געלאָשען יעדעס פונק פון אירגענד וועלכען געפיהל, זיא האט אויף אללעמען געקוקט אונד ניט פערשטאַנען וואס דאָ געהעט פאָר, דען זיא האט פאָרלויפיג איהר פערשטאַנד אין גאַנצען פערלאָרען.

אונטערדעססען איז לאָריס אריין געקוממען אין צימממער אונד האט באלד דערזעהען קאַט־העניקאַ, וועלכע איז געשטאַנען צווישען איהרע פריינדינען אין דען גרעסטען אנגסט אונד פערצווייפלונג. מיט איין אויסרוף פון פריידע אונד וואוטה איז ער אויף איהר ארויף גע־שפּרונגען אונד צוזאממען געדריקט אין זיינע שטאַרקע אומארמונגען.

„אָה, שעהנע קאַטהעניקאַ!" האט ער מיט שפּאָט אויס גערופען „מיר זיינען אלזאָ נאך אַ מאָל צוזאממען געקוממען. דוא מוזט געוויס זיך פיהלען זייער גליקליך פון אונזער יעצטיגען ווידערזעהען. יאַ, איך ליעב דיר נאָך ביז הייטע, אונד יעצט ווערסטו שוין זיין מיינע, אין גאַנצען געהערען צו מיר! אָה, רייס זיך ניט אזוי, זיססע טייבעלע, פון מיינע צערטליכע אומאַרמונגען, בערוהיג זיך! איך וועלל דיר יעצט אוועק פיהרען אין מיין וואָהנונג, ווייט פון דיעזער מהומה אונד גערויש, דאָרט ווערסטו שוין וואהרשיינליך ניט זיין מעהר אזוי שטאָלץ. עה, חברה! לאָזט מיר דורך געהען מיט מיין געפאַנגענעם מעדכען!"

אזוי ריידענדיג האט ער דיא אונגליקליכע קאַטהעניקאַ אין זיינע מעכטיגע אָרמס אויף געהייבען אונד ארויס געטראַגען אויפ'ן גאַסס. אבער זיא האט זיך אזוי שטאַרק פון איהם געריססען דאס ער איז באלד מיעד געוואָרען, אונד זיך געמוזט אב שטעללען אום עטוואס אויס צו רוהען.

קאַטהעניקאַ האט מיט פערצווייפעלטע בליקען אללע ארום שטעהנדע בעטראַכט. אין דעם זעלבען קריסטליכען פעבעל זיינען געווען מענשען וועלכע האבען איהר געקענט פון קינדהייט אן, מאַנכע אנדערע וואס האבען פון איהר פאטער פיעל מאָל דיא גרעסטע טובות געהאַט, אבער יעצט זיינען זייא אללע געשטאַנען פון ווייטען גאַנץ קאַלטבליטיג, אונד עס האט זיך ניט געפונען איינער וואס זאָלל איהר צו הילפע קוממען, אדער וועניגסטענס זיין סימפּאַטהיע אויס דריקען. דאן אלס דער ניעדערטרעכטיגער לאָריס האט איהר ווידער ארום גענוממען אונד געוואָלט אוועק שלעפּען, האט דיא אָרמע אין איהר גרעסטען הערצענס אנגסט אנגעפאַנגען צו רופען אום הילפע אונד רעטטונג.

„אָה, ערבאַרעמט אייך אויף מיר! קענט איהר מיר דען קיינער ניט? ווילל קיינער פון אייך זיך פיר מיר ניט אן נעהמען? איך בין קאַטהעניקאַ, מענדעל דעם רב'ס טאָכטער, וועט זיך דען ניט איינער געפינען וואס זאָלל מיר פערטהיידיגען?"

אומזיסט איז געווען איהר רופען אונד בעטען; פיר דיא פעראַכטעטע יודין האט קיין קריסט זיך ניט געוואָללט אָן נעהמען.

פּלוצלינג איז דיא געדיכטע רייהע פון דעם ארום שטעהענדען המון געשפּאַלטען גע־

ווארען. ענדליך האט זיך דאך בעוויעזען א פערטהיידיגער פיר דיא עלענדע קאטהענקא אין איהר געפעהרליכע לאגע. יאהאן דער פאפ האט זיך מיט דיא עלענבויגענס דורך געאר־בייט א וועג צווישען דעם געפאקטען ווילדען פעבעל. מיט פייער שפריטצענדע בליקען אונד א פירכטערליכען געזיכט האט ער זיך געשטעללט אן דער זייטע פון דאס שרייענדע מעדכען. אזוי וויא א גרימממיגער לייב איז ער ארויף געפאללען אויף לאריס׳ן, וועלכער איז פון דיעזען אונטערווארטעטען אנגריף דיא ערסטע מינוט געבליעבען שטעהען וויא פער־שטיינערט פון וואונדער אונד ערשטוינונג.

„וואס ווילסטו פון מיר, פאפ?״ האט ער מיט גרויס כעס אויס גערופען, אלס ער איז עטוואס צו זיך געקוממען.

„איך וויל דיר ערינערען אז דוא ביסט א מענש, אונד וואהרשיינליך האסטו נאך עטוואס מענשליכע געפיהלען. איך וויל אז דוא זאללסט זיך דערמאנען אן דיא עהרע פון איין עדעלמאן אונד פרייא לאזען דיעזעס ארמעס פריילין. דוא וועסט ניט איין האאר פון איהר קאפף אן ריהרען ביז אין מיר וועט נאך בלייבען איין אטהעם פון דיינע אנגריפען איהר צו פערטהיידיגען.״

„דאס איז ווירקליך א קאמעדיע!״ האט לאריס מיט א געלעכטער אויס גערופען „דער בלוטיגער יודען פרעססער איז מיט איין מאל געווארען א פערטהיידיגער פון דיא אונשולד! געהע אין דיין קלויסטער, פאפ! דאס שלאכט־פעלד געהערט צו אונז סאלדאטען!״ אזוי ריידענדיג האט ער יאהאנען מיט פעראכטונג אב געשטופט צו דער זייט אונד איז ווידער ארויף געפאלכען אויף דאס מעדכען, וועלכעס איז דאן פון שרעק אונד פערצווייפלונג גע־בליעבען ליעגען אין אהנמאכט.

אין דענזעלבען מאמענט האט זיך נאך איין פערזאן דורך געשטופט צווישען דיא מיינגע מענשען. דאס וואר יאזעף, וועלכען עס איז נאך פיעלע שווערע אנשטרענגונגען קוים געלונגען דיעזען פונקט צו עררייכען. נאך פון ווייטען האט ער געהערט קאטהענקא׳ס פער־צווייפעלטען געשרייא אונד איהר רופען אום הילפע, דארום איז ער האסטיג געלאפען איהר צו פערטהיידיגען אונד בעשיטצען. באלד וויא ער איז נור אויף דיא שטעללע אן געקוממען האט ער מיט איין קוק דערזעהען וואס דא געהעט פאר אונד איז אויגענבליקליך פערטיג געווען מיט דעם שענדליכען לאריס זיך צו שלאגען, אבער דער פאפ האט זיך מקדים געווען; איידער יאזעף איז נאך צו דער שטעללע צו געקוממען איז יאהאן מיט איין אויסרופונג פון דעם גרעסטען וואוטה ארויף געפאללען אויף דעם יונגען אריסטאקראטישען באנדיט אונד אין דענזעלבען מאמענט איז צווישען זייא ענטשטאנדען א קאמפף אויף לעבען אונד טויט. שרעקליך וואר צו בעטראכטען דיעזע צווייא פורכטבארע געגנער; פון איינער זייטע לאריס, וועלכער האט געברענט פון ליידענ־שאפט אונד נקמה, אונד פון דער אנדערער דער יונגער פאפ, בעהעררשט פון איין אונ־בעשטיממטען געפיהל, וועלכען ער האט זיך אלליין ניט געקענט ערקלערען. דיא שנאה וועלכע ער האט פון אייביג אן געטראגען אויף לאריס, האט יעצט אויס געבראכען מיט א מורא׳דיגע קראפט. ער האט געהערט קאט־הענקא׳ס אנגסט געשרייא אונד איהר ער־קלערונג אז זיא איז דעם רב׳ס, זיין איינציגען ברודערס טאכטער; דאן זיינען בייא איהם אין הערצען אויף געפלאקערט געווארען דיא פערשיעדענע געפיהלען פון ערגערניס, האסס אונד קריינקונג, וואס האבען אין איהם גע־

שטורעמט זייט נעכטינען טאג, אונד ער האט בעשלאָססען זיך מיט דעם שופט לאָרים אב צו רעכנען אונד דאס מערדכען פון איהם צו בעפרייען.

דיעזער פורכטבארער קאמפף האט דענאָך דעם ארום שטעהענדען המון געמאכט גרויס פערגנינגען. וועהרענד דיא ביידע האבען זיך געצופט אונד געריססען, געקייקעלט אונד גערדרעהט, האבען דיא קאצאפישע צושויער אין גאנצען פערגעססען זייערע אייגענע ווילדע טהאטען; זייא האבען געקליעבען נחת פון דיעזען זעלטענעם סקאנדאל אונד יעדע מינוט אפּלאָדירט איינעם אדער דעם צווייטען פון דיא קעמפּפער.

יאָזעף האט זיך אונטערדרעססען מיט דיא צייט בענוצט; אויף הייבענדיג זיין אהנמעכטיגע כלה פון דער ערד האט ער איהר געוואָללט אוועק טראגען דורך דעם פּעבעל, אבער איינינע צעהנדליג גראָבע הענד האבען איהם דען וועג פערצאהמט.

פורכט אונד זאָרג וועגען זיין געליעבטע כלה האט דעם יונגען מענשען געגעבען איבער נאטירליכע קרעפטען. האלטענדיג דאס מערדכען אויף דען רעכטען ארם האט ער מיט איין האנד געחאפּט א גראָבען שטעקען וואס איז גראדע דאָרט געלעגען, אונד האט מיט געוואלט זיך דורך געהאקט א וועג צווישען דיא נעדיכטע רייהע. אכט שטיק קאצאפעס זיינען געבליעבען ליעגען זיך צאפּלענדיג, אונד דיא איברינע האבען בייא דער ערסטער מינוט פון בעשטירצונג שוין מעהר ניט געדאכט איהם אן צו גרייפען אונד זיך צוריק געצוינגען. איידער זייא האבען זיך נאָך ארום געזעהען אונד בעטראכט וואס דאָ איז פיר א געשיכטע, וואר שוין יאָזעף הינטער דער רייהע, אונד איז מיט דיא גרעסטע שנעללינקייט אוועק געלאָפען, אום זיין געררעטעטע כלה אוועק צו טראגען אין זיין פאטערס הויז, וועלכעס איז פאָרלויפיג געוועזן זיכער אז דיא קאצאפעס וועללען שוין דאָרט ניט בעפאללען.

דער קאמפף צווישען לאָרים אונד יאָהאַן האט ניט לאנג געדויערט. דער פּאָפּ מיט זיין צו געצווינגענע האנד האט ניט געקענט בייא שטעהען געגען דעם קרעפטיגען אונד שטארקען לאָרים, וועלכער איז נאָך מעהר אויף גערייצט געוואָרען וועהרענד ער האט דערזעהען אז קאטהענקא איז פון איהם אוועק גענוממען געוואָרען. מיט א מעכטיגען זעטץ האט ער דעם פּאָפּ געגעבען א וואָרף אויף דער ערד. עס האט זיך דערהערט א דומפּפער קראַך; דער פּאָפּ האט פאללענדיג זיך אפּ געשלאגען דען קאפּף אן דעם שטיינערנעם פפלאסטער אזוי שרעקליך, אז דער מוח איז איהם אויף שטיקלאך צו שפּרונגען געוואָרען. א רויטהער שטראָם בלוט האט זיך ארויס געגאָססען פון זיין מויל אונד זיינע נאזלעכער; זיין גאנצער קערפּער האט איינינע מינוטען געקרעמפּפט אונד געציטערט; דאן זיינען דיא הענד מאכטלאָז אראָפּ געזונקען אונד אין דען נעכסטען מאָמענט איז דער פּאָפּ יאָהאַן, דער יודענפרעסער, געבליעבען ליעגען טויט.

א קורצע צייט איז לאָרים געשטאנען זעהר דערשראָקען. ערסט יעצט האט ער זיך ערינערט וואס פיר א גרויסער פערברעכען דאס איז אין רוססלאנד עפענטליך איין פּאָפּ צו הרג׳נען; דאצו איז יאָהאַן געוועזן זיין פאטערס בעסטער גוטער פריינד אונד זיין בעשטענדיגער יועץ, אונד לאָרים האט גוט געוואוסט אז מיט דעם גענעראלס גרויזאמען כעס איז זיך ניטאָ וואס צו שפּיעלען; דאס אין דעם קרימינאל־פּראָצעס וואס ערווארטעט איהם יעצט, אונד וואס וועט ברייננען אויף איהם שמאָך אונד שאנדע דאָרף ער אויף זיין פאטערס שוטץ ניט רעכנען.

אבער דאס אונגליק איז איין פיר אללע מאל געשעהען אונד דיא חרטה איז יעצט שוין צו שפעט. נאך דיזע בעטראכטונגען האט ער אויף דעם טויטען קערפער נעוואָרפען א בליק פון ברענענדיגע שנאה אונד איז וויטער אוועק געגאנגען זיין צו שפרייטע באנדע וויעדער אויף צו קלייבען.

דיא גרויזאמקייטען אונד מערדערייען וואס זיינען פאָרגעגאנגען אין דעם אידעשען קוואר־טאל ווארען צו דערזעלבער צייט בעריכטעט דעם גובערנאטאָר דרענטעלל, וועלכער האט דאראויף בלויז געקוועצט מיט דיא פלייצעס, אונד רייבענדיג דיא הענד מיט שטיללע צו־פריעדענהייט האט ער זיך מיט א שמייכעל אבגעדרעהט.

,,אָה, דיא ראבע איז זיסס!" האט ער צו זיך אלליין געזאָגט, שטעהענדיג ביי'ן פענס־טער פון זיין פאלאטץ אונד בעטראכטענדיג מיט גרויס הנאה דען וואָלקען פון רויך אונד פלאממען, וואס איז אויף געשטויגען פון דיא ברענענדע אידעשע הייזער.

ארום מיטאג צייט וואר פארבייא געטראָ־גען נאך דעם פעטצערסקאָי קלויסטער דער טויטער קערפער פון דעם פאָפ יאָהאן, אונד באלד האבען זיך געפונען חנפים מיט איבער־טריעבענע אונד פאלשע בעריכטען, וועלכע האבען ערקלערט דעם גענעראל דרענטעל אין וואס פיר א סכנה זיין טהייערער בן יחיד איז געשטאנען.

,,עס איז צייט פון דיא גאנצע געשיכטע איין ענדע צו מאכען" האט דער גובערנאטאָר בייא זיך בעשלאָססען אונד גלייך ווארען ארויס געשיקט נאך איין רעגימענט סאָלדאטען אום צו העלפען דיא פאָריגע, אונטערדריקען דעם טומעל אונד ארעטירען יעדען איינעם וואס וועט מאכען אונאָרדנונגען אין דיא גאססען.

דיזער בעפעהל איז דיזועס מאל פינקטליך אונד שטרענג אויס געפיהרט געוואָרען. בערך צווייא טויזענד פערזאָן האט מען אוועק גע־שלעפט אין טורמע אבער מעהר וויא העלפט פון דיזע געפאנגענע ווארען אידען, וועלכע מען האט ארעסטירט דאפיר וואס זייא האבען זיך ערלויבט זייער אייגענטהום אונד זייער לעבען צו פערטהיידיגען.

עס איז אונמעגליך צו בעשרייבען דיא טרויריגע אויסזיכט פון דעם אידעשען קוואר־טאל נאך דעם פאָגראָם. דיא גאנצע לופט איז געווען אן געפיללט מיט שטויב אונד פע־דערען, דען דיא ווילדע קאצאפעס האבען זיך אמוזירט איבערהויפט דאמיט וואס זייא פלע־גען צו רייסען דיא קיסענס אונד ארויס לאָזען דיא פעדערען אויפ'ן ווינד. אללע גאססען זיינען געווען בעלעגערט מיט צו בראָכענע מעבעל, כלים אונד פערשיעדענע הויז ווירטה־שאפט. אין דעם גאנצען קווארטאל איז ניט אין איין פענסטער געבליעבען א גאנצע שויב, דער חורבן איז געווען אזוי שרעקליך וויא דיא גרויזאמסטע ארמעע פון ווילדע בארבארען וואָללט פערניכטעט דיא געגענד. בערך דרייא טויזענד אידעשע פאמיליען זיינען געבליעבען ליעגען אויפ'ן גאסס אונד ניט געהאט וואו זאָגאר דיא נעכסטע נאכט צו פערברייינגען, דען זייערע הייזער זיינען צערשטערט אדער פערברענט געוואָרען. הונדערטע אנדערע וועלכע זיינען ביז דעם טאג געווען רייך אונד וואָהלהאבענד האבען יעצט כמעט ניט געהאט מיט וואס אן צו פאנגען צו לעבען, דען דיא קאָ־צאפעס האבען זייא ביז דאס לעצטע בערויבט. דער צאהל פון דיא ערמאָרדעטע מענשען איז געווען שוידער־האפט; פיעלע טעג נאך דען פאָגראָם ווארען איממער וועהרענד מעהר אונד מעהר טויטע קערפער ארויס געשלעפט פון

טייך דניעפער, אונד וויא פיעל אנדערע אונגליקליכע האבען פון צרות אונד שרעק זייער מענשליכען פערשטאנד פערלארען דאס וועט וואהרשיינליך דיא וועלט ניעמאלס ערפאהרען.

דער רב מענדעל האט זיך פון זיין געפעהרליכע וואונדע זעהר לאנגזאם ערהאלט. זיין טרויער איבער דעם וואהנזיניגען צושטאנד פון זיין ארמע פרויא אונד איבער דעם אונגליק וואס האט געטראפען מיט זיין פאטער, וועלכען דיא קאצאפעס האבען ערמארדעט, וואר זעהר גרויס. זיין לעבען וואר יעצט וויסט אונד פינסטער אונד אין דיעזען יאממער האט ער זיך געטרייסט נור מיט דעם געדאנקען, אז זיין איינציגע טאכטער קאטהענקא איז ענטרונגען פון דעם פירכטערליכען אונד גרויזאמען שיקזאל וואס האט געטראפען פיעלע אנדערע אידעשע פרויען.

## 36. קאפיטעל.

### דיא עמיגראציאן.

דיא מערדערייען אונד רציחות געגען דיא אידען ווארען נאך ווייט ניט געענדיגט. דער פאפ יאהאן האט אן געצונדען געגען זייא א שנאה וועלכע האט זיך יעצט געברענט מיט א העלישע פלאמם, ער אלליין וואר שוין טויט, אבער זיין בייזער גייסט האט געשוועבט איבערען גאנצען לאנד, וועלכע ער האט פערוואנדעלט אין איין אונגעהויערע מענשען יאטקע.

אזעלכע אונמעשליכע פאגראמען וויא אין קיעוו האבען באלד נאכדעם אויס געבראכען אין פיעלע אנדערע שטעדט אונד דערפער פון דיעזער פראווינץ. אין בראווארי זיינען דיא קאצאפעס בעפאללען דיא שול, וועהרענד אידען האבען זיך דארט פערזאממעלט צום דאווענען; דיא געביידע איז פערניכטעט געווארען; פיעלע פרויען ווארען אויף דער ברוטאלסטען ארט געשענדעט. דרייא פון דיעזע אונגליקליכע אפפער זיינען געשטארבען אונד דיא איבעריגע האבען זיך געראטעט פון שאנדע נור דאן ווען זייא זיינען אריין געשפרונגען אין טייך זיך צו דער טרינקען.

אויך אין אללע אנדערע פראווינצען פון דרום רוססלאנד פלעגען כמעט טעגליך אזעלכע ווילדע סצענעס פארקוממען. אין אללע שטעדט אונד דערפער האט עס געקלונגען מיט אונאויפהערליכע פאגראמען. דיא געשיכטע אז דער קייזער האט אוועק געשאנקען דעם אידעשען אייגענטהום פיר דיא קריסטען, האט געמאכט א פייערדיגע ווירקונג אויף דעם לייכט גלויביגען המון, וועלכער וואר פון נאטור רויבגיעריג. דיא גובערנאטארען פון דיא פערשיעדענע פראווינצען זיינען געשטאנען אונד געקוקט קאלט בליטיג אויף דיעזע אללע בארבארישע טהאטען, אהן דאריבער זיך פיעל צו קיממערען, אפטמאל פלעגען ארויס געשיקט ווערען סאלדאטען וואו דיא פאגראמען זיינען פארגעגאנגען, אבער דיעזע העלפער האבען גרעסטענטהיילס געמאכט שותפות מיט דיא שיכורע פויערים דיא עלענדע אידען צו בערויבען. עס איז ענדליך אזוי ווייט געקוממען דאס דיא פאגראמען פלעגען מיט איינינע טעג פריהער עפענטליך ערקלערט ווערען אונד דיא פאליצייא פלעגט נאך אלליין אן רייצען דעם פעבעל צו מארדען אונד געוואלד טהאטען.

דיא געמיינדע פערוואלטונגען פון דיא שטעדט אונד דיא דערפער זיינען אויך ניט בעססער געווען וויא דיא פאליצייא אונד האבען געזוכט אללע מעגליכע מיטטלען אום דיא פעראונגליקטע אידען נאך מעהר צו פערפאלגען אונד צו דריקען. יאהאן׳ס בוך „דיא פערניכטונג דער אידען" איז געווארען בייא דיעזע אללע פאנאטישע אנפיהרער אזוי פאפולער, אז יעדעס ווארט פון דיעזע שענדליכע

ווערק, יעדע בעהויפטונג וואר געאכטעט וויא עטוואס הייליגעס. דיא פאקטען פון דיעזען בוך, אונד דיא פאלשע אנזיכטען וואס דער פאפ האט דארין פארגעשטעללט, ווארען נאך מעהר איבערטריעבען אונד זאגאר דער שיכור׳ער המון האט אהן אויפהער וועגען דעם געפלוידערט אין דיא קרעטשמעס. עס ווארען אויס געשטעללט ביטשריפטען, אויף וועלכע מען האט געקליעבען חתומים פון דיא פויערים, דאס מען זאלל דיא אידען פון פערשיעדענע ערטער אין גאנצען פערטרייבען, אדער דאס מען זאלל אבגרענצען דיא צאהל פון דיא אידעשע איינוואהנער, אונד אויף דיעזען אופן האט דאס רוססישע געזעטץ יעצט אנגפאנגען צו שלאגען אונד אונטערדריקען דיא יעניגע אידען וואס זיינען קוים מיט דען לעבען ניצול געווארען פון זייערע מערדערישע אונטערטהאנען.

באלד אויף מארגען נאכ׳ן פאגראם האט דער גובערנאטאר דרענטעלל צוזאמען גערופען א זיטצונג פון זיינע ראטהסהעררען, אום אויס צו געפינען א פלאן וויא אזוי דיא אידען פון קיעוו ארויס צו טרייבען. מען האט אויף געמישט אלטע געזעטצען, אויס געזוכט אזעלכע גזרות וואס זיינען ארויס געגעבען געווארען אין דיא צייטען פון ניקאליי׳ס טיראנישע רעגיערונג געגען דיא אידעשע בעפעלקערונג, אונד עס איז ערקלערט געווארען אז בערך צעהן טויזענד אידען האבען קיין רעכט צו וואהנען אין קיעוו. אבוואהל דיעזע געזעטצען זיינען שוין מעהר וויא צוואנציג יאהר בטל געווען האט דענאך דער ניעדערטרעכטיגער דרענטעלל בעשלאסען אזעלכע אונמענשליכע בעפעהלען יעצט דורך צו פיהרען אונד ארויס צו טרייבען פון קיעוו דיא גרעסטע טהייל פון דיא אידעשע איינוואהנער. מען האט זייא באלד געגעבען צו וויססען אז צייט 2 מאנאט מוזען זייא זייערע הייזער אונד געשעפטען פערלאזען אונד זיך איין וואהנונגס ארט אויף זוכען.

דיעזער גרויזאמער בעפעהל האט פון דאס נייע ארויס גערופען קלאגען אונד געוויינען אין דעם גאנצען אידעשען קווארטאל. פיעלע פאמיליען האבען זאגאר ניט געהאט קיין שום הוצאות מיט וואס ארויס צו פאהרען, דען דיא מערדערישע קאצאפעס האבען בייא זייא אללעס אוועק גערויבט. דאצו ווארען יעצט דיא פערפאלגונגען געגען אידען אין רוססלאנד איבעראלל, זא דאס דיעזע עלענדע האבען אין אלל־געמיין ניט געוואוסט וואו זייא קענען זיך בעגעבען, אום מיט זייער לעבען זיכער צו זיין. יא, דער אידעשער צושטאנד אין קיעוו איז געוועזן זעהר שלעכט, אבער נאך ערגער אונד פיעל טרויעריגער איז געוועזן דער שיקזאל פון דיא יעניגע וואס האבען יעצט געמוזט פערלאזען בעיאהרענטע עקטערען, צערטליכע קרובים, גוטע פריינדע אונד דיא ליעבליכע היימאטה, אום אין דיא וייטע אונבעקאנטע וועלט זיך ארום צו טרייבען, גרעסטענטהיילס אהן אירגענד וועלכע מיטטלען פון וואס צו לעבען.

אין דיעזען העכסטען גראד פון אונגליק האבען דיא אידען זיך וויעדער געווענדעט צום גובערנאטאר דרענטעלל אונד געבעטען אום מיטלייד אונד ערבארעמען. איינער פון זיינע ראטהסהעררען וואר אזוי פיעל געריהרט זעהענדיג דיעזען יאממער, אז ער האט אויסגעשפראכען זיין מיינונג דאס עס איז א יושר עטוואס נאכזיכט צו האבען מיט דיעזעס עלענדע פאלק.

,,מיינע העררען" האט דער גרויזאמער דרענטעלל אויס גערופען, זיך אויף הויבענדיג פון זיין שטול מיט כעס ,,אדער איך אדער דיא אידען מוזען פון דאנען געהען! איך וויל אין דיעזער שטאדט מיט זייא צוזאממען ניט

בלייבען, אונד איך פאָרדער אויף אז דיא אלטע געזעטצען געגען זייא זאָללען שטרענג אונד פינקטליך ערפיללט ווערען.״

נאך דיעזער ערקלערונג האט שוין קיין זאך מעהר ניט געקענט העלפען אונד דיא פירכטערליכע גזרה איז אן גענוממען געוואָרען. מעהר וויא אכט טויזענד אידען זיינען נור פון דער שטאָדט קיעוו אלליין פערטריעבען גע־וואָרען צייט דיא נעכסטע צוויא מאָנאט.

עס וואר איין שטיקענד הייסער טאג אם ענדע פון מאָנאט יוני. דיא לופט איז געוועזען אזוי וויא מיט פייער אן געפיהלט; דיא ברע־נענדע שטראהלען פון דער זונן האבען אזוי געדריקט אז יעדער איינער האט זיך געפיהלט אב געמאטערט אונד שוואך. קיין ווינטעלע האט ניט געוועהט, דיא בוימער זיינען גע־שטאנען אונבעוועגט אונד דיא פויגלאך האבען זיך בעהאלטען אין זייערע קיהלע נעסטען.

אין דעם אידעשען קווארטאל וואר איבער־אלל גאנץ שטילל אזוי וויא אויף א בית־עולם. עס האט אויס געוויעזען וויא דיא לופט אלליין וואללט געטרויערט איבער דיא צערשטערטע הייזער; קיין פרעהליכע שטיממע איז אירגענד וואו געוועזען צו הערען; בעקאנטע אונד פריינדע וועלכע האבען זיך צופעללינ בעגעגענט זיינען פארבייא געגאנגען איינער דעם אנדערען מיט איין אומעטיגען קורצען גערוס. דיא גאנצע אידע־שע בעפעלקערונג וואר אין טיעפסטען טרויער. יעדען איינעמ׳ס הערץ האט געבלוטעט בייא דער ערינערונג אן דיא ערמאָרדעטע פריינדע, אן דיא שרעקליכע צרות וואס מען איז ביז יעצט אויס געשטאנען אונד אן דיא אונמענש־ליכע גזרות פון וועלכע זייא וועללען אין דער נעכסטער צוקונפט ליידען.

מיר זעהען אייניגע פון אונזערע בעקאנטע אריין געהענדיג אין מענדעל דעם רב׳ס הויז, וואו עס האט הייטע אויס געזעהען אזוי וויא עטוואס יום טוב׳דיג, אבוואהל דיא שמחה וואס האט דאָ יעצט געדארפט שטאטפינדען וואר געדריקט אונד זעהר ווייט פון וואהרע הערצליכע פריידע.

עס וואר הייטע דער לאנג ערוואַרטעטער טאג פון קאטהענקא׳ס חתונה מיט יאָזעף׳ן. אללע זייערע גלענצענדע אויסזיכטען אונד זיססע האָפנונגען פיר דיא צוקונפט וואַרען פערניכטעט. זייא זיינען שוין יעצט געווען פאָר־בערייט זייער געבורטס לאנד אויף אייביג צו פערלאָזען אונד זיך איינע נייע היימאטה אין דיא ווייטע פרעמדע אמעריקא צו גרינדען. דיא פערזאמלונג בייא דיעזער חתונה וואר אזוי שטילל אז קיינער האט א הויך וואָרט ניט אויס געשפראָכען, גראדע אזוי וויא זייא וואָללטען מורא געהאט מיט זייערע שטיממע צו ערוועקען דיא שנאה פון זייערע קריסטליכע שכנים.

דער רב מענדעל, וועלכער האט גראדע יעצט זיך אויף געהויבען פון זיין קראנקען לאגער, איז געוועזען אב געצעהרט אונד בלייך. זיין מענליכע ערהאבענע פיגור איז שוין יעצט געוועזען פון צרות איין געבויגען אונד אין דאס דונקעלע האאר פון קאָפף אונד באָרד האבען זיך שוין פיעלע גרויע פעדעם בעוויעזען.

דיא חתונה צערעמאָניע איז פאָרגעגאנגען שטילל אונד אָהנע רעש, באלד וואָרען דיא חתן כלה אריין געפיהרט אונטער דער חופה, דער פאטער האט מסדר קדושין געוועזען אונד דאס פעראייניגטע יונגע פאאר האט ערהאל־טען דיא גליק ווינשונגען פון אללע געסט, וועלכע זיינען יעצט עטוואס פרעהליכער גע־וואָרען. עס איז געוועזען בעשטיממט אז דען נעכסטען זאנטאג וועט יאָזעף מיט זיין יונגע פרויא ארויס פאהרען פון קיעוו מיט נאך

אנדערע צווייא טויזענד עמיגראנטען, אונד פערלאָזען דיא היימאטה, וואו זייא האבען געלעבט אונד געליעבט, וואו זייא האבען זייערע פרעהליכע יונגע יאָהרען אין אזוי פיעל צרות פערבראכט.

דען נעכסטען שבת וואר דיא שול געפּאקט. פיעלע פון דיא אנוועזענדע האבען היינט דען לעצטען טאג פערלעבט אין זי'ער אלטע היימאטה; יעדער איינער איז געשטאנען בייא זיין געבעט מיט א צובראָכענעם הערצען, אונד אלס עס איז געקוממען צו הזכרת נשמות, אונד מען האט אן געפאנגען צו מאַכען אל מלא רחמים דיא הרוגים, וואס זיינען בייא דעם לעצטען פּאָגראָם אזוי גרויזאם ערמאָרדעט געוואָרען, האט זיך אויף געהייבען איין אללגעמיינעם געוויין אונד הערצרייסענדע קלאגען, וואס האבען פערקלונגען דיא לופט מיט א שוידער־האפטען טרויער.

אויף מארגען גאנץ פריה זיינען ארויס פון ק'יעוו דער ערסטער טראנספּאָרט עמיגראנטען פון מעהר אלס צווייא טויזענד פערזאָן. דאס וואָרען גרעסטענטהיילס ארעמע מענשען, וועלכע האבען נאך מיט א קורצע צייט פריהער געגלענצט אין עשירות אונד רייכטהום; יעצט זיינען זייא ארויס פון זייער געבורטס שטאָדט צו פוס, מיט דיא פעקלאך אויף דיא פלייצעס אונד דען וואנדער שטאב אין האנד. צווישען זייא זעהען מיר אויס דעם יונגען יאזעף קיערסאָן מיט זיין פרויא אונד עלטערן, וועלכע פאָהרען מיט זייא צוזאממען נאך דיא וויטע פרייע אמעריקא. א קורצע שטרעקע וואָרען דיא עמיגראנטען בעגלייטעט פון טרויערנדע עלטערן, וויינענדע ברידער, שוועסטער אונד קרובים אונד דאן האבען זייא זיך איינע פון דיא אנדערע געשיידעט, אָהן האפנונג זיך אין דיעזען לעבען נאך א מאל וויעדער צו זעהען.

## 37. קאפּיטעל.

### דיא פרייע לאנד.

מיט זעכס יאהר שפּעטער, נעמליך דען 1טען יולי, 1887 האט קאטהערינא קיערסאָן פאָלגענדען בריעף געשריעבען צו איהר פאטער אין קיעוו.

„ליעבער גוטער פאטער! דיין לעצטעס שרייבען האט אונז פיעל פערגניגען געמאכט, עס וואר בייא אונז דיא גרעסטע פרייד צו ערפאהרען אז דיא געזונדהייט פון מיין גוטע מוטער האט זיך ענדליך פיעל פערבעסערט אונד דאס איהר פערשטאנד איז קלערער גע־וואָרען. מיר האפען אז זיא וועט שוין יעטצט פערבלייבען אין גאנצען געזונד אונד דאס דיא אבענד־צייט פון דיין לעבען וועט זיין ליכטיג אונד גליקליך. עס איז ריכטיג וויא דוא פלעגסט זעהר אָפט זאגען אז צרות לייטערן דעם מענשען'ס גייסט. מיר זעהען אויך אין דער נאטור דאס נאך איין שווערען שטורם ווערען דיא עלעמענטען גערייניגט, דיא לופט אטהעמט זיך לייכטער אונד דיא שטראהלען דער זונן שיינען העללער, עבען דאס זעלבע ערשיינט אויף דער מענשליכער גייסט מיט מעהר גלאנץ אונד קלארהייט נאכדעם וויא ער האט ליידען אונד צרות איבערגעטראָגען. מיר דאנ־קען יעדע מינוט דעם אללערהעכסטען, ווען מיר בעטראכטען אונזער יעצטיגע לאגע געגען אונ־זער אמאָליגען צושטאנד אין קיעוו, אָבוואָהל ניט פיעלע פון אונזערע לאנדס לייטע האבען עררייכט צו אזא רייכטהום וועלכען מיר בע־זיטצען יעצט.

„דוא ווייסט שוין, ליעבער פאטער, דיא ליידען וואס מיר זיינען אויסגעשטאנען דיא ערסטע צייט נאך אונזער קוממען אין אמע־ריקא, דיא פערצווייפעלטע ארמוטה וואס מיר האבען איבער געטראָגען אונד דען בעשטענ־

דינען קאמפף אום קארגע לעבענסמיטטעל
צו ערווערבען. עס פלעגט אן קוממען מיט
גרויסע צרות איידער יאָזעף האט געקענט
אירגענד וואו בעקוממען ארבייט אונד מיר
זיינען אימממער פון איין שטאדט אין דיא אנ־
דערע ארום געפאָהרען, אום אונזער צושטאנד
צו פערבעססערען. ביז דיא זונן פון וואהל־
שטאנד האט ענדליך אן געפאנגען אויף אונז
צו שיינען."

,,בערך איין יאהר צוריק זיינען מיר געקומען
נאך טשיקאגא, וואו יאָזעף האט געקראגען
ארבייט אין א גרויסע מעבעל פעקטאָרי. דורך
פערשטאנד אונד פעהיגקייט האט זיך יאָזעף
אזוי פיעל אויס געצייכענט, אז צייט אייניגע
מאָנאטען וואר ער שוין אנגעשטעללט אלס
סופּער־אינטענדענט איבער דער גאנצער
פעקטאָרי. אין אַ קורצע צייט נאכדעם איז ער
בעקאנט געוואָרען מיט א געוויסען פיליפּ
הארריס, וועלכער איז היער איינער פון דיא
גרעסטע טוך־פאבריקאנטען. אלס הארריס
האט ערפאהרען אז מיין מאן איז פון קיעוו
האט ער בייא איהם איינמאל געפרעגט אויב
ער קען ניט דאָרט איינעם מענדעל ווינענקי,
וועלכען ער האט מעהר אלס 30 יאהר צוריק
געלאָזען אלס 13 יעהריגען יונגע. יאָזעף האט
איהם ערקלערט אז דיעזער מענדעל איז יעצט
קיעווער רב אונד דאס ער איז פערהייראטה
מיט זיין טאָכטער. דענזעלבען אבענד האט
הארריס אונז בעזוכט אונד זיין בעקאנטשאפט
האט מיר געמאכט פיעל פערגניגען; ער איז
איין זעהר אנשטענדיגער אונד ליעבליכער
אלטער מאן. ער האט מיר ערצעהלט פון
דיינע יוגענד יאהרען, ליעבער פאטער, וואס פיר
איין לוסט דוא האסט געהאט צום לערנען אונד
צו בילדונג אונד וויא ער האט שוין דאמאלס
אין דיר געזעהען זעלטענע אונד ערהאבענע
פעהיגקייטען. פון דאן אָן האט הארריס אונז
בעהאנדעלט וויא אייגענע קינדער אונד דען
גרעסטען אנטהייל גענוממען אין אללע אונזערע
אנגעלעגענהייט. איינמאל האט הארריס מיין
מאן פאָרגעשלאגען ער זאָלל איבער נעהמען
דיא פיהרונג פון זיין גאנצען געשעפט, ווייל
ער אלליין איז שוין אלט אונד ווילל האבען
איין ריכטיגען מאן, אויף וועלכען ער זאָלל זיך
קענען פערלאָזען וויא אויף זיך אלליין. איך
מוז דיר זאָגען, ליעבער פאטער, אז מיין יאָזעף
בעזיצט ווירקליך א וואונדערבארען טאלאנט;
איך וויל איהם דאס אין דיא אויגען ניט
זאגען ער זאָלל זיך ניט האלטען צו גרויס, אבער
ער איז אין דער טהאט איין זעהר גייסטרייכער
מענש. צייט איין מאָנאט האט ער הארריס'עס
געשעפט, וועלכעס וואר גאנץ פערנאכלעסיגט,
אזוי ווייט איבער געארבייט אונד פערבעססערט
אז אללעס האט אונטער זיין פיהרונג אויף
געבליהט אונד דיא פאבריק איז אויף דיא
העכסטע שטופּע געשטיגען. מיט א פּאאר
טעג צוריק איז יאָזעף אן גענוממען געוואָרען
אלס פּארטנער אין געשעפט אונד וואהרשיינליך
וועט עס איהם הארריס אין גאנצען קירצליך
איבער געבען, דען ער איז גענוג רייך אונד
ווילל יעצט צו דער עלטער איין רוהיגען לעבען
פערברייינגען."

,,אונזער בעסטער אונד הייסעסטער פער־
לאנגען איז יעצט נור דיר מיט דיא מוטער
היער בייא אונז צו האבען. פערלאָז קיעוו זאָ
שנעלל וויא מעגליך, אונד קומם צו אונז, אום
דיין איבעריגע לעבענסצייט צו פערברייינגען
אין רוהע אונד פריעדען. יאָזעף'ס עלטערען
לעבען אויך גליקליך אויף זייער פארם אין
וויינלאנד אונד אויך דוא, ליעבער פאטער
וועסט דא קענען האבען איינע שעהנע שטעלע,
אויב דוא וועסט וועללען דיין טהעטיגקייט

פארטזעטצען, דען וויר האבען היער פיעלע לאנדסלייטע, וועלכע שעטצען אונד עהרען דיין אללגעמיין בעוואוסטען נאמען.״

„מיינעביידע קינדער שיקען דיר מיט דיא מוטער דיא הערצליכסטע געריססען אונד איך מיט יאזעף׳ן ערוואַרטען מיט דיא גרעסטע אונגעדולד אז דוא ווערסט אונזער איינלאדונג ניט ענטזאגען.״

מענדעל דעם רב׳ס אנטוואַרט צו זיין טאכטער.

„ליעבע קינדער! איך קען אייך ניט בעשרייבען מיט וואס פיר א געפיהל פון פריידע איך האב געלעזען דיא גוטע נאכריכטען פון אייך. איך דאנק דעם אלמעכטיגען פיר זיינע גרויסע חסדים וואס ער האט מיט אייך געטהון. צו פיליפ הארריס וועלל איך באלד שרייבען, דען פיר דיא ביסעל קענטנים וואס איך בעזיטץ בין איך פערפליכטעט נור איהם, וועלכער האט מיר בעגייסטערט צו שטרעבען צו בילדונג.

„עס טהוט מיר זעהר לייד, ליעבע קינדער, דאס איך קען אייער פארשלאג וועגען פאהרען נאך אמעריקא ניט אן נעהמען. דער עלענד איז היער זעהר גרויס, דיא פערפאלגונגען געגען אונזערע אידען ווערען איממער שטארקער אונד דיא ארמוטה פערמעהרט זיך פון טאג. מיין טהעטיגקייט היער איז זעהר א שווערע אבער איינע גלענצענדע, בעזוכען דיא קראנקע טרייסטען דיא בערויבטע, העלפען דיא ארמע אונד בעלהרען דיא אוגוויסענדע, דאס איז מיין אויפגאבע. איך מוז מיט מיין ביישפיעל אויף מונטערען אונד ערמוטהיגען מיין עלענדעס געדריקטעס פאלק; ווען איך זאלל זייא יעצט אין זייער אונגליק פערלאזען איבער איינענ־ניטציגע פערזענליכע אורזאכען; ווען איך זאלל יעצט בייא אזא טרויערגע צייט ענטלויפען פון מיינע ארמע ברידער, דאן וואללט איך זיך אלליין מוזען פעראכטען. גלויבט מיר קינדער דאס איך בין בייא מיינע טרויעריגע פפליכטען פיעל גליקליכער היער אלס איך וואללט געקענט זיין אין אמעריקא.

מעהר אלס טויזענד מאן פון אונזער שטאדט עמיגרירען דיעזע וואך. בייא דיא נייע געזעטצען, וועלכע האבען אונז בערויבט יעדעס מענשליכעס רעכט, קענען דיעזע עלענדע מענשען ניט געפינען מיטטלען צו לעבען אונד זייא פאהרען נאך אמעריקא, זיך איינע נייע היימאטה צו גרינדען. אויב יעמאנד פון זייא ווערט צופעלליג אין אייער שטאדט קוממען זאללט איהר איהם הערצליך מקרב זיין. אין אייער גוטען צושטאנד, ליעבע קינדער, זאלט איהר ניט פערגעססען דעם ארמען נעפלאגטען עמיגראנט אונד איממער זאללט איהר זיך ערינערען אז איהר זייט אידען, אונד דאס מיר זיינען אללע ברידער פון איין נאציאן אונד קינדער פון דיא זעלבע עלטערען.״

ענדע.